# פון אַ וועלט
# וואָס איז נישטאָ מער


פון

י. י. זינגער





פאַרלאַג מתנות ניו יאָרק

1946

אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג מתנות
ביים שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

# Fun A Welt Wos Iz Nishto Mer

(Of A World That Is No More)

## By I. J. Singer



Published by
FARLAG MATONES
22 E. 17th St., New York 3, N. Y.

Printed in U.S.A.

POSY-SHOULSON PRESS
New York, N. Y.



255

דאָס בוך, וואָס מיר גיבן איצטער אַרויס, איז דאָס לעצטע ווערק וואָס י. י. זינגער האָט אָנגעשריבן.

דאָס ווערק האָט זיך געדרוקט אין „פאָרווערטס" נאָך י. י. זינגערס טויט, אונטערן נאָמען „אמתע פאַסירונגען". אָבער י. י. זינגער אַליין האָט זיין ווערק אַ נאָמען געגעבן „פון אַ וועלט וואָס איז נישטאָ מער".

דאָס בוך ווערט געדרוקט פון י. י. זינגערס כתב־יד, און טראָגט דעם אָריגינעלן נאָמען.

לויט י. י. זינגערס פּלאַן האָט דאָס ווערק געזאָלט אונדז געבן אַ ברייט קינסטלערישע בילד פון זיין לעבן, און איבער־הויפּט פונעם לעבן פון זיין סביבה, פון די קינדער יאָרן ביז זיין קומען קיין אַמעריקע. עס האָט געזאָלט זיין אַ ווערק פון דריי דיקע בענד, אַרום פופצן הונדערט זייטן.

דאָנערשטיק אין דער פרי, דעם 10טן פעברואַר, 1944, איז אַלץ איבערגעהאַקט געוואָרן. דער פּלוצלונגדיקער און פרי־צייטיקער טויט פון גרויסן פּראָזע־מייסטער האָט צונישט גע־מאַכט דעם אָנגעצייכנטן פּלאַן, און נאָך אַ סך, אַ סך וויכטיקע פּלענער.

אָבער דאָס, וואָס י. י. זינגער האָט יאָ באַוויזן אָנצושרייבן פון זיין געפּלאַנטן ווערק, איז פון אַזאַ קינסטלערישער קוואַ־ליטעט, אַז עס פאַרנעמט גאָר אַ באַזונדער אָרט אין זיין רייכער ליטעראַרישער ירושה.

פאַרלאַג מתנות

# י. י. זינגער, דער מענטש און דער קינסטלער

1

אַ סך לעבנס האָט געלעבט ישׂראל־יהושע זינגער אין די קורצע פופציק יאָר פון זיין ערדישער עקזיסטענץ, — פון דעם דרייסיקסטן נאָוועמבער 1893, ווען ער איז געקומען אויף דער וועלט אין בילגאָריי — אַ פּויליש שטעטל אין לובלינער געגנט — ביז דעם צענטן פעברואַר 1944, ווען ער איז פּלוצלינג געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

וואָס פאַר אַ גילגולים ער האָט אַלץ נישט דורכגעמאַכט! דער זון פון דעם לענטשינער רב איז געווען אַ פרומער בית־מדרש בחור, האָט ביז זיבעצן יאָר נישט געקאָנט קיין צורה פון אַ גויאישן אות, נישט געוואוסט ווי מע שרייבט אָן אַן אַדרעס. ער לערנט אין איין ישיבה, אין אַ צווייטער, ווערט אַן איבערשרייבער פון תורות ביים ראַדזימינער רבין. באַלד אָבער נעמט ער זיך צו אַנדערע תורות. ער קומט קיין וואַרשע און ווערט אַן עקסטערן, אַ מין משכיל, אָבער נאָך אַן השכלה. ער קלאַפּט אָן אין פאַר־שידענע טירן. דער סאַרקאַסטישער דוד פרישמאַן גיסט אָפּ דעם יונגן זוכער מיטן קאַלטן וואַסער פון זיין שפּאָט און זיין דייטשמעריש. דער וואַרעמער י. ל. פּרץ שמייכלט צום פאַרלוירענעם פּראָווינצער בחור און איז אפילו זיך מפלפּל מיט אים אין לערנען. דעם בחור פאַלט איין, אַז ער דאַרף ווערן אַ מאָ־לער. ער פילט, אַז ער האָט אַ נייגונג דערצו. טרעפט ער צו מאוריצי טרעמ־באַטשן, אַ יידיש־פּוילישן מאָלער מיט אַ נאָמען, פאַלט אַריין צו אים אין בוידעם שטיבל און דערזעט אים אין אָרעמקייט און אין נויט. טרעמבאַטש שטייט אַן אָפּגעריסענער און שיילט קאַרטאָפל. ווען דער בלייכער בן־הרב שטאַמלט אויס אַ פאַרלוירענער אַז ער וואָלט וועלן זיין אַ מאָלער ביי יידן, לאָזט טרעמבאַטש אויס זיין גאַנץ ביטער האַרץ פון אַ קונסט־אָרעמאַן, אַזוי צו זאָגן, צו דעם איבערגעשראָקענעם פּראָווינציאַל. ער לאַכט אַזש, טרעמ־באַטש. ער לאַכט מיט יאַשטשערקעס.

— אַ קינסטלער ווילט זיך אים זיין... אַ קינסטלער ביי יידן! וואָס איז, בחור? ווילסט האָבן אַזאַ פּנים ווי איך? וואוינען אויף אַ בוידעם און אַריינשיילן קאַרטאָפל אין אַ שיסל?

זינגער פּרוּווט אויס אַלערליי מלאכות. ער איז אַ העפטער, אַן אָנגע־שטעלטער, אַ פאָטאָגראַפיסט. ער צייכנט, ער פּרוּווט שרייבן, ער פּרוּווט

ווערן אַ לערער פון העברעאיש, ער טוט שוואַרצע אַרבעט. ער הונגערט, וואַלגערט זיך אויף בוידעם־שטיבלעך, טראַכט וועגן זעלבסטמאָרד און הונגערט ווייטער. איינמאָל, אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט, בעת איך בין געזעסן מיט אים אויפן באַלקאָן פון מיין דירה אין וואַרשע, אויף שעננע 69, האָט ער, דעמאָלט שוין אַ באַרימטהייט, אַן ערשט צוריקגעקומענער פון אַמעריקע, וואו זיין „יאָשע קאַלב" האָט געמאַכט אַ פוראָר, אַ זאָג געטאָן אַ פאַרטראַכטער, מיט דעם פלוצימדיקן אומעט פון דערמאָנונג:

— אַמאָל, בחורווייז, האָב איך געוואוינט טאַקע דאָ אין דעם הויז, שעננע 69, אין אַ צימערל צום הויף אַרויס . . . אַי, האָב איך דעמאָלט געהונגערט!

צוערשט לעבן, דערנאָך פילאָזאָפירן, — איז פאַראַן אַ ווערטל. זינגער האָט מקיים געווען עפּעס ענלעכס: צוערשט לעבן, דערנאָך שרייבן. ער איז שוין געווען אַ מענטש מיט אַ היפּשן, גאָר היפּשן באַגאַזש פון דערפאַרונג, ווען ער איז געוואָרן אַ שרייבער. (אַז איך זאָג: געוואָרן אַ שרייבער, רעכן איך נישט זיינע סאַמע ערשטע ליטעראַרישע פּרואוון, וואָס איינער פון זיי, אַ הומאָרעסקע, איז אין 1915 געדרוקט געוואָרן אין אַ וואַרשעווער צייטונג). ס'האָט אויסגעזען, ווי דאָס לעבן אַליין וואָלט אים ביסלעכווייז צוגעגרייט צו זיין באַרוף, אים כסדר צוגעשטעלט דאָס רייכע און גאַרנישט פריילעכע וויסן, וואָס פון אים האָט ער געשעפּט בעתן שרייבן סיי די גרויסע שטייגער־ראָמאַנען מיט זייער פאַרביקן טיפּאַזש און שפע פון קאָנ־פליקטן און סיטואַציעס, סיי די קלענערע פּסיכאָלאָגישע דערציילונגען.

נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש איז זינגער אַוועק קיין רוסלאַנד, איבערגעלעבט בלאָקאַדע און בירגערקריג, געטאָן די שוואַרצסטע אַרבעטן, געווען אפילו אַ טרעגער אין אַ פּאָרט, זיך צוגעקוקט פון גאָר נאָענט, ווי עס ווערט צוגעגרייט דאָס געקעכץ פון דעם, וואָס מען רופט געשיכטע. אין קיעווער אויסגאַבן פאַרעפנטלעכט ער אַ סעריע דערציילונגען. ער פאָרט דערנאָך קיין מאָסקווע, פון וואַנען ער קערט זיך אום — סוף 1921 — קיין פוילן.

אין פוילן ווערט ער גאָר אינגיכן איינער פון די אָנגעזעענסטע מייסטערס פון דער יונגער יידישער פּראָזע. ער ווערט אויך אַקטיוו זשורנאַליסטיש.

אין „רינגען", אַ וואַרשעווער זשורנאַל, פאַרעפנטלעכט ער זיין דערציי־לונג „פּערל", וואָס ער האָט אָנגעשריבן נאָך זייענדיק אין קיעוו.

עס באַמערקט די דערציילונג אַב. קאַהאַן. ער דרוקט זי איבער אין „פאָרווערטס" און לאַדט איין זינגערן, וואָס לעבט אין וואַרשע „אויף צרות", מיטצואַרבעטן אין זיין צייטונג.

זינגער ווערט אייראָפּעאישער קאָרעספּאָנדענט פון „פאָרווערטס“, דרוקט דאָרטן, אַ חוץ קאָרעספּאָנדענציעס, אויך דערציילונגען, פאַרעפנטלעכט דאָרט זיין ערשטן ראָמאַן „שטאָל און אייזן“ און פאַרבינדט זיך אַלץ ענגער מיט אַמעריקע.

נאָך דעם איבערראַשנדיקן דערפאָלג פון זיין ראָמאַן „יאָשע קאַלב“ וואַנדערט ער אויס קיין אַמעריקע מיט זיין פרוי, דער אידעלער, פיינער, אייביק שטילער געניע, און יאָסלען, דעם ייִנגערן זון.

דער דערפאָלג פון „יאָשע קאַלב“ איז אַן איבערראַשונג קודם־כל פאַר זינגערן גופא. וואָרים זינגערס דערשלאָגנקייט, — אַ רעזולטאַט פון נאָענטן, צו־נאָענטן צוקוקן זיך צו וועלט און מענטש, — רויבט צו פון אים אין יענע יאָרן אויך יעדע פערזענלעכע האָפענונג. די ערשטע ווייטע דונערן פון דער וועלט־קאַטאַסטראָפע וואַרפן אָן אַן אימה אויף וואַכע געמיטער. די לאַגע פון יידן אין פוילן ווערט ערגער פון יאָר צו יאָר. דערצו קומט נאָך די טיפע אַנטוישונג אין דער ליטעראַרישער סביבה און איר „מענטשן־מאַטעריאַל“. זינגער „זאָגט זיך אָפּ“ אין יענע יאָרן פון דער ליטעראַטור, — אין אַ קורצן בריוו, וואָס ער דרוקט אָפּ אין וואַרשעווער טאָג־צייטונגען. עס וואַקסט אין זינגערן גופא. וואָרים זינגערס דערשלאָגנקייט, — אַ רעזולטאַט פון נאָענטן, געץ — אַנטלויפן באַדיי פון זיך אַליין, אַבי אַנטלויפן.

אין אַט אַזאַ שטימונג פון וועלן אַנטלויפן אַרבעט ער אויף זיין ראָמאַן „יאָשע קאַלב“ (אגב, יאָשע, דער הויפּט־העלד פון דעם ראָמאַן, איז אייגנטלעך אויך אַ מין אַנטלויפער). דער קינסטלער אין אים פאָדערט דאָס זייניקע — אויך נאָך דעם כלומרשטן איבעררייס מיט דער ליטעראַטור. ווען ער שיקט דעם ראָמאַן צום „פאָרווערטס“, איז ער לחלוטין נישט זיכער, צי עס וועט גע־דרוקט ווערן. ער איז בכלל שטאַרק דערשלאָגן. ס'איז אים ענג. עס ווילט זיך לויפן, לויפן...

פון יענער צייט געדענקט זיך מיר זיינס אַ פראַזע: „מיר זענען פאַר־לוירענע מענטשן, צייטלעך; פאַרלוירענע מענטשן“.

דער פאַרלוירענער איז גאָרנישט געווען אַזוי פאַרלוירן, ווי ער האָט בשעת מעשה געמיינט. פערזענלעך האָט ער נאָך געהאַט אויף וואָס צו האָפן. און ס'איז געווען נאַטירלעך, אַז אין אַ קורצער צייט דערנאָך זאָל דער אומ־געריכטער דערפאָלג פון דעם ראָמאַן „יאָשע קאַלב“ אים אויפהייטערן, וועקן דערוואַרטונגען און ווייזן דעם וועג וואוהין אַוועקצוגיין, וואוהין זיך אַרויס־צורייסן: אַמעריקע. און נישט נאָר אַמעריקע, נאָר די וועלט בכלל, „די גרויסע וועלט“...

אין זינגערן, וואָס האָט קינסטלעריש אַזויפיל געוואוסט און דערקענט, וואָס האָט געהאַט, וואָלט איך געזאָגט, דעם געבוירענעם חוש פאַר דעם טראַ־

גישן, אין אים וועקט זיך דאָן אויף עפּעס, וואָס איך וואָלט אָנגערופן: די נאַאיוו־משכּילישע אמונה אין דער „וועלט". אַ קורצע ווײַלע דאַכט זיך אים, אַז זי, די אַזויגערופענע ברייטע וועלט, וועט אים ראַטעווען פון זיך אַליין, ראַטעווען פון דעם טראַגישן, ראַטעווען פון יענעם יאוש, וואָס דער מאָדערנער ייד, — נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלוירן זיין גאָט, — זוכט אייביק אַנטרינונג פון אים.

די אויסערלעכע באַדינגונגען פון יענער צייט אין זינגערס לעבן, — די דערפאָלג־צייט פון „יאָשע קאַלב", — זענען אַזעלכע, וואָס האַלטן אויף און פאַרשטאַרקן די פלוצימדיקע אמונה אין דער „ברייטער וועלט". ס'איז דאָ, ס'איז דאָ וואוהין צו אַנטלויפן! די וועלט איז גרויס...

אַן אויפגעהייטערטער קערט זיך זינגער אום קיין וואַרשע פון ניו־יאָרק, וואו „יאָשע קאַלב" האָט אַזאַ דערפאָלג, סיי אין דער צייטונג, וואו ער ווערט געדרוקט, סיי אין מאָריס שוואַרצס טעאַטער. אַרום יענער צייט ווערט אויך אויפגעפירט אין פּוילישן טעאַטער אין וואַרשע זינגערס פּיעסע „סאָווינקאָוו" (געדרוקט אין וואַרשעווער חודש־זשורנאַל „גלאָבוס", 1932). די פּיעסע ווערט אויפגעפירט אונטער דער רעזשי פון לעאָן שילער (דעם פּוילישן ריינהאַרדט, ווי מ'רופט אים). מאַקס ריינהאַרדט גופא, דער אויטענטישער ריינהאַרדט, קויפט ביי זינגערן צוויי פּיעסן, איינע פון זיי אַ קאָמעדיע („צוריק צו דער נאַטור"). די פּיעסן ווערן נישט אויפגעפירט צוליב דער ברוינער מגפה, וואָס פאַרכאַפּט דייטשלאַנד.

זינגער קלייבט זיך, אַ האָפערדיקער, קיין אַמעריקע. אָבער די טראַגעדיע לויערט, ווי זי וואָלט בייז געווען, הלמאי מע גייט זי „פאַרראַטן". עס ווערט פלוצים קראַנק יאַשאַ, זינגערס בכור, אַ בחורל אַ קלוגס, אַ שיינס, אַ פעאיקס, צאַרט, שוואַרץ־אויגיק, וואוקסיק, דער נחת פון טאַטע־מאַמע. עס העלפט גאָרנישט: דער מלאך־המוות האָט זיך אויסגעקליבן יאַשאַן.

זינגער איז צעשמעטערט. עס האָט איצט גאָרנישט קיין זין מער, — זאָגט ער מיר. און ער וויינט. דער שטאָלצער, מענלעכער זינגער וויינט ווי אַ קינד. דער גורל פאַרגינט נישט, אַז אַ מענטש זאָל זיך מאַכן אילוזיעס. אַלץ קאַפּוט.

— די רייזע קיין אַמעריקע, — זאָגט ער, — ווער דאַרף עס? יאַשאַן דאַרף איך... כ'האָב אים אַזוי געוואַלטיק ליב געהאַט.

אָבער בלייבן אין וואַרשע, וואו די ערד פון גענשער בית־עולם האָט פאַרשלונגען יאַשאַ'ן, קען ער אויך נישט. אַ פאַרצווייפלטע טראַציקייט כאַפּט אים אַרום. ער וועט אים אַנטלויפן, דעם גורל! ער פאָרט...

ער פאָרט קיין אַמעריקע.

די „ברייטע וועלט״ חנדלט זיך ווידער צו אים, — בעסט-סעלעריש, אַזוי צו זאָגן. ער איז באַרימט ביי גויים אויך, נישט נאָר ביי יידן. זיין ראָמאַן „די ברידער אשכנזי״, אָנגעהויבן אין פּוילן נאָך, צעטראָגט זיין נאָמען איבער גאַנץ אַמעריקע, רופט אַרויס באַגייסטערונג ביי אָנגעזעענע ענגלישע קריי־טיקער, ווערט איבערגעזעצט אויף אַ ריי שפּראַכן —אויף האָלענדיש, אויף שפּאַניש, אויף סקאַנדינאַווישע לשונות... אַ באַוואוסטער סקאַנדינאַווישער קריטיקער פאַרגלייכט דאָס ווערק מיט דעם גרעסטן, וואָס טאָלסטאָי האָט געשאַפן, און האַלט, אַז עס קומט זינגערן די נאָבל־פּרעמיע.

זינגער האַלט אין איין שאַפן, שרייבט זיינע דערציילונגען און ראָמאַנען, גרייט צו דראַמאַטיזירונגען. סטיליסטיש האָט ער שוין לאַנג, נאָך מיט יאָרן צוריק, איבערגעריסן מיט דעם, וואָס אין פּריוואַטע שמועסן רופט ער עס אָן — מיט אַן אונטערטאָן פון פאַראַכטונג — ליטעראַרישע אָרנאַמענטיק. ער באַטראַכט פאַר „חטאת־נעורים״ זיין ערשטע, כמעט עקספּרעסיאָניסטישע פּיע־סע „ערד־ווײ״ (דערשינען אין וואַרשע, אין פאַרלאַג „קולטור־ליגע״, אין יאָר 1922). ער איז מבטל אַזעלכע עקספּערימענטאַלע דערציילונגען זיינע, ווי „דריי״, וואו אַלץ איז געווען געשריבן — לויט דער עקספּרעסיאָ־ניסטישער מאָדע — אָן דעם אַרטיקל. אפילו זיין דערציילונג „פּערל״, וואָס האָט אַזוי אויסגענומען, וויל ער איבערשרייבן. ער וויל זי מאַכן סטיליסטיש איינפאַכער. זיין אידעאַל איז: קלאָרקייט.

די אויסערלעכע באַדינגונגען פון זיין לעבן זענען גוט. כלפּי חוץ זעט ער אויס ווי אַ מענטש, וואָס איז צופרידן מיט זיין דערגרייכונג. ס'איז שוין אָבער לאַנג אויסגעוועפּט געוואָרן ביי דעם קלוגן זינגערן די אילוזיע מכח דער „ברייטער וועלט״, און די אינערלעכע ביטערניש וואַקסט.

וואוהין קען לויפן אַ מענטש? נישטאָ וואוהין. אין די אַלע געצן, וואָס דער מאָדערנער מענטש, ממילא אויך דער מאָדערנער ייד, גלייבט אין זיי, גלייבט ער נישט, זינגער, און פון דער אמונה פון די אָבות איז ער ווייט. פון דרויסן איז אפילו אַלץ כשורה. אין דער געזעלשאַפט פון פריינד איז ער, ווי תמיד, אויפגעלייגט, מע קען זאָגן: פריילעך. ער איז אויך אין לעבן אַ קינסטלער. פאַרברענגען מיט אים איז תמיד אַ נחת־רוח. ער האָט אַלעמאָל דאָס אויסגעצייכנטע בילד, דעם קלוגן איינפאַל, דעם וויטיקדיקן העכערן הומאָר, וואָס דערמאָנט אין טשעכאָוון. ער איז אין זיין רעדן אַ וואונדערלע־כער מאָלער און אַ גרויסער אַקטיאָר. ווער האָט נאָך געזען אַזויפיל ווי ער? דאָס אויג זיינס האָט איינגעזאַפּט אין זיך אָן אַ שיעור.

יאָ, אין דער קליינער געזעלשאַפט פון זיינע פריינד איז ער אַ מעיין־

המתגבר. די גרויסע פעסימיסטן קענען „פריילעך" זיין (ס'איז דען פאַראַן וואָס צו פאַרלירן?). אַז ער בלייבט אָבער אַליין — איז אַרום אים נאַכט, און ער שטייט איבער אַ וויטן איינזאַמען קבר... יאַושאַ!

די גורלדיקע עלנטקייט פון דעם יחיד אין דער וועלט, — דער אייגנטלע־כער הויפּט־מאָטיוו פון זיין שאַפן (מיר וועלן שמועסן דערפון שפּעטער), — ווערט שאַרפער, ווי אין אַנדערע זאַכן זיינע, אַרויסגעבראַכט אין דעם ראָמאַן, וואו עס איז פאַרמויערט געוואָרן אַזויפיל פערזענלעכער וויטיק: „חבר נחמן". אַ פּועל יוצא פון וויטערדיקן פאַרטיפטן פעסימיזם איז דער לעצטער ראָמאַן, — דער לעצטער, וואָס ער האָט געשריבן, — „די משפחה קאַרנאָווסקי". עס איז זינגערס רעאַקציע אויף אַ ווילדער פאַרהיטלערטער וועלט.

די צווייטע וועלט־מלחמה, און גאָר באַזונדערס די מלחמה קעגן יידישן פאָלק, אַ מלחמה, וואָס די דייטשן האָבן אַזוי „טאָטאַל" געוואונען, זענען פאַר זינגערן אַ מוראדיקע באַשטעטיקונג פון זיין טראַגישן בליק אויף זאַכן.

מ'דאַרף אַוועק. מ'דאַרף אויך פון אַמעריקע אַוועק. מ'דאַרף בכלל אַוועק פון גלות. רעוואָלט! מ'דאַרף רעוואָלטירן קעגן דער צוויי־טויזנט־יעריקער טראַגעדיע פון אַ פאָלק, וואָס איר עפּילאָג איז געווען מאַידאַנעק.

זינגער טראַכט וועגן ארץ־ישראל (און טראָגט זיך אַרום מיטן געדאַנק וועגן אָנשרייבן אַ בר־כוכבא־דראַמע). ער פאַרעפנטלעכט אַ שאַרפן אַנטי־גלותיסטישן וועק־רוף, כמעט אין סטיל פון אַ מאַניפעסט: „אַ צוויי־טויזנט־יעריקער טעות" (געדרוקט אין „צוקונפט" אָקטאָבער, 1942).

ער האָט זיך איינגעשאַפט אַ ש"ס. ער פרישט אָפּ דאָס, וואָס ער האָט אַ לאַנגע צייט געוואָלט פאַרגעסן. ער וויס: די וועלט, וואָס איז נישטאָ מער („פון א וועלט, וואָס איז נישטאָ מער, — אַזוי האָט ער גערופן דאָס איצטיקע בוך זיינס, די וואונדערלעכע אויטאָביאָגראַפישע קאַפּיטלען, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „פאָרווערטס" אונטערן נאָמען: „אמתע פאַסירונגען"), אָט די וועלט — זי, און נאָר זי, איז זיינע. שעהן לאַנג קאָן ער איצט רעדן וועגן זיין שטעטל, שילדערן אַמאָליקע יידן, מיט בענקשאַפט און טרויער דערמאָנען דעם מינדסטן פּרט. זיין קינסטלערישער זכרון איז, דוכט זיך, קיינמאָל נישט אַזוי וואַך געווען. הערנדיק דעמאָלט זינגערן, האָב איך דעם איינדרוק, אַז קינסטלעריש (נישט רעליגיעז) לעבט ער צוריק אין דער וועלט פון זיין טאַטן, דעם רב. איך דערמאָן זיך אפילו ווי ער האָט, אַ טאָג אָדער צוויי פאַר ראש השנה, זיך געהאַט אַוועקגעשטעלט און גענומען אויסזינגען אַיין ימים־נוראים־ניגון נאָכן אַנדערן, נישט געקאָנט אויפהערן. דאָס האָט געזונגען די בענקשאַפט נאָך אַ פאַרלוירן לעבן, נאָך אַ וועלט וואָס איז מער נישטאָ. דער האַרבער רעאַליסט איז געוואָרן ראָמאַנטיש.

אָבער דאָס אַלץ ווערט איבערגעהאַקט אינמיטן. פּופּציק יאָר איז ער אַלט, ווען דער מלאך־המוות, — דער, וואָס לאָזט קיין זאַך נישט פאַרענדיקן, — כאַפּט אים אַוועק. איין האַלבע שעה פון אַ טריבן באַגינען — און אויס. אויך ער געהערט שוין צו „אַ וועלט, וואָס איז נישטאָ מער".

אין אַ שניי־זאַווערוכע האָבן מיר אים געפירט צו דער קבורה אויף דעם הר־כרמל־בית־עולם אין ניו־יאָרק. מ'האָט שטיל אַרונטערגעלאָזט דעם אָרון. די בלומען זענען געלעגן אויף אַ הויפן שניי.

בלומען אין שניי — אַ האַרטער לעדערנער ווינטער־הימל איבער אַ בית־עולם —און — נישטאָ מער י. י. זינגער . . .

3

ער איז אָבער פאַראַן אין זיינע ווערק.

דעם ענין אידייע אין דער קונסט האָט ער טעאָרעטיש אָפּגעלייקנט (קונסט איז מכלומרשט נאָר „אונטערהאַלטונג"). אָבער זיין שאַפן לייקנט אָפּ זיין טעאָריע.

פאַראַן אַ גרונט־מאָטיוו, וואָס גייט דורך דורך אַלע ווערק זיינע. עס איז די טראַגישע דערקענטעניש, אַז דער יחיד און זיין קליין לעבן זענען פון אָנהייב אָן פאַרמשפּט. זיי זענען לכתחילה פאַרמשפּט אין אַ וועלט, וואָס — סיי לויט איר עצם באַשאַף (מצד דעם, וואָס מענטשן רופן גורל), סיי לויט די געשיכט־לעכע כוחות, וואָס שפּילן אין איר (רעוואָלוציע, למשל), — איז זי קיינמאָל נישט אָריענטירט אויף דעם איינצעלנעם, נאָר אויף דעם מין, אויף דעם קאָ־לעקטיוו, אויף דער אַנאָנימער גאַנצקייט. סיי אין דעם קאָסמישן סדר־העולם, סיי אין דעם „סדר" פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, איז דער איינצעלנער מענטש מיט זיין לעבן, זיינע האָפענונגען, זיינע פּלענער, זיין גאַנצן יש, — נישט מער ווי אַ מיטל צו עפּעס, נישט מער ווי אַן איבערגאַנג־זאַך, ברוטאַלער גערעדט: נישט מער ווי אַ נומער. דאָס דאָזיקע איז געוואָרן ביי זינגערן די צענטראַלע איבערלעבונג, וואָס פון איר, אַרום איר, איז אויסגעוואַקסן אַלדאָס ווערטפולע אין זיין שאַפן.

ער איז זיכער ווייט, זייער ווייט געווען פון אידעאַליזירן דעם יחיד (גענוג אָנצואווייזן אויף „פּערל" און „אַלט־שטאָט"), כאָטש ער האָט געקענט אויך ליב האָבן, צאַרט און טיף ליב האָבן. אָבער די כוחות, וואָס צעטרעטן דעם יחיד אויפן וועג צו עפּעס אַן אַנאָנימער גאַנצקייט, אַ נישט־צוטריטלעכער פאַרן מענטשלעכן שכל, אָט די כוחות זענען געווען אין זיינע אויגן אַן אַן ערך ערגער און אַן אַן ערך גרויזאַמער, ווי די בייזע כוחות, וואָס דרעמלען אין דעם יחיד גופא (אין אַזאַ פאַביאַן, למשל, דעם אומהיימלעכן העלד פון זיין דערציילונג „אַלט־שטאָט").

די דערקענטעניש פון דעם יחיד׳ס מאַכטלאָזיקייט און אומבאַדייטעוודיקייט האָט אַנדערע נאַטורן — רעליגיעזע — גראָד געפירט צו טיפסטער הכנעה און צום נעמען אויף זיך „עול מלכות שמים״ („חדלו לכם מן האָדם, כי במה נחשב הוא ?״). אָבער זינגער, וואָס האָט זיך אַליין אַזויפיל אָנגעליטן ווי אַ יחיד אין די יאָרן פון הונגער און שטערבונג, און וואָס האָט אויך שפּעטער, אין די יאָרן פון דערפּאָלג, נישט אויפגעהערט איבערלעך צו בלוטיקן איבער די אומצאָליקע קריוודעס, וואָס ווערן באַגאַנגען לגבי דעם איינצעלנעם מענטשן, — זינגער האָט אייביק רעוואָלטירט.

קעגן די איבער־יחידישע כוחות ראַנגלט זיך לערנער, דער העלד פון זיין ערשטן ראָמאַן „שטאָל און אייזן״ (1927). קעגן גורל און געזעלשאַפט ראַנגלט זיך „יאָשע קאַלב״, דער העלד פון זיין באַרימטן ראָמאַן אונטער דעם נאָמען (1932). טראַגיש ראַנגלען זיך קעגן די איבער־יחידישע כוחות פון דער צייט די העלדן, סיי די גרויסע, סיי די קליינע, פון זיין נאָכמער באַרימטן ראָמאַן „די ברידער אַשכנזי״ (1935), וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף פאַרשידענע לשונות. איר זעט דעם קאַמף צווישן יחיד און גורל אין אַזאַ כמותדיק קלענער, אָבער איכותדיק גרויסער, אַזוי פשוט און אַזוי שטאַרק געשריבענער דערציילונג ווי „פריילינג״, וואָס אויף איר נאָמען איז אָנגערופן אַ בוך דערציילונגען (1937). איר געפינט דעם זעלבן גרונט־מאָטיוו זינגער׳ס אין דעם רוב דערציילונגען, וואָס זענען אַריין אין זיינע ביכער : „פּערל״ און „אויף פרעמדער ערד״ (1923). איר געפינט אים אין דעם קאַמף צווישן דעם יחיד און די כוחות פון רעוואָלוציע, — אין אַזעלכע שאַפונגען זיינע, ווי די דראַמע „סאָווינקאָוו״ (1932) און דער ראָמאַן „חבר נחמן״ (1938). דעם מאָטיוו, וואָס לאָזט זינגערן כמעט קיינמאָל נישט אָפּ, איז נישט שווער צו דערזען אויך אין דעם לעצטן ראָמאַן זיינעם, דעם ראָמאַן פון דער היטלער־צייט — „די משפחה קאַרנאָווסקי״ (1943).

י. י. זינגער האָט זיך ערלעך און שטרענג געהאַלטן ביי דער גלייכער ליניע, באַוואוסטזיניק אויסגעמיטן יעדע סטיל־באַפּוצונג, יעדע שפּראַכלעכע געוואַגטקייט. זיין אָפענער, דירעקטער, מענלעכער סטיל האָט געהאַט דאָס, וואָס די ענגלענדער רופן : נאָבעלע טרוקנקייט.

הינטער אָט דער נאָבעלער טרוקנקייט פון דעם אויסגעהאַלטענעם רעאַליסט און שטרענג זאַכלעכן שילדערער האָט זיך באַהאַלטן אַ ליידנשאַפטלעכער קריטיקער פון דעם, וואָס מע רופטווירקלעכקייט ; אַ גייסטיקער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט נישט אָנגענומען — נישט געוואָלט און נישט געקאָנט אָננעמען — דעם סדר פון דער וועלט ; אַ רעוואָלטירנדיקער יחיד מיט אַ גרויס איינזאַם האַרץ, אַ דיכטער און אַ מאָלער פון דעם מענטשלעכן גורל.

אהרן צייטלין

ניו־יאָרק, אויגוסט, 1946.

## אַ שמחה אין שטעטל — ניקאָלאַי דער צווייטער ווערט געקרוינט פאַר קייסער

וואונדערלעך און אומבאַגרייפלעך איז דער מענטשלעכער מוח מיט זיין אויפנעמען בילדער, אָפט־ניט וויכטיקע, וואָס ער באַהאַלט זיי אויף אייביק, און מיט זיין אַרויסוואַרפן בילדער, אָפט זייער וויכטיקע, וואָס ער וויל ניט האָבן ביי זיך.

פאַר גאַנצע אַכט־און־פערציק יאָר צייט, דאָס הייסט, פון דעם טאָג וואָס איך בין געוואָרן צוויי יאָר אַלט, שטייט פאַר מיינע אויגן אַ שאַרף בילד, דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון: אַ גרויסער, הויכער בנין, באַלויכטן מיט אַ סך ליכט און געפּאַקט מיט מענטשן. מוזיק שפּילט. איך זיץ אויפן אַקסל פון אַ גרויסן בערדיקן מענטש. עס פאַלט מיר אַראָפּ אַ זאָק פון פוס, מענטשן בייזערן זיך אויף מיר און שטילן מיך איין, איך זאָל ניט וויינען.

ווען איך האָב מיט יאָרן שפּעטער געפרעגט מיין מוטער, וואָס אַזוינס עס איז געשען מיט מיר אין מיין ערשטער קינדהייט, האָט זי מיר דערציילט אַז דער גרויסער באַלויכטענער בנין איז געווען די שול אין דער שטאָט בילגאָריי, לובלינער גובערניע, וואו איך בין געבוירן געוואָרן. די מענטשן, וואָס האָבן געשפּילט אין דער געפּאַקטער שול, זיינען געווען די שטאָטישע קלעזמער פון גימפּל פידלערס קאַפּעליע. די שמחה אין שול איז געווען צוליב דעם, וואָס מען האָט אין יענעם טאָג געקרוינט דעם קייסער ניקאָ־לאַי דעם צווייטן, דעם אימפּעראַטאָר פון רוסלאַנד און קעניג פון פוילן. דער בערדיקער מענטש וואָס האָט מיך געטראָגן אויף אַן אַקסל, איז געווען שמואל דער בית־דין שמש ביי מיין זיידן, דעם רב פון שטאָט. ער האָט מיך מיט־גענומען אין שול אַריין, כדי איך זאָל זען די צערעמאָניע, ווי מיין זיידע האָט געמאַכט אין שול אַן „הנותן־תשועה" פאַרן נייעם מושל, אין קעגנוואַרט פון קהל, און די שטאָטישע רוסישע באַאַמטע. די מענטשן וואָס האָבן מיך איינגעשטילט זענען געווען מיינע פעטערס, יוסף און איטשע, וואָס זיינען געווען אומרואיק צוליב מיין וויינען און שטערן די פייערלעכקייט.

דערביי האָט מיר שוין מיין מוטער דערציילט נאָך אַ געשיכטע, ווי אַזוי איך, אַ צוויי־יאָריק קינד, האָב שיר נישט פאַרשיקט מיין זיידן קיין

סיביר צוליב מײנעם אַן אַקט קעגן דעם זעלבסטהערשער פון דער רוסישער אימפּעריע. די מעשה איז געווען אַזאַ: דער נאַטשאַלניק פון דער קרייז־שטאָט (אויעזד) בילגאָריי האָט איבערגעגעבן מײן ייִדן אַ געשנורעוועט בוך, אין וועלכן ער האָט צונויפגענומען די חתימות פון אַלע בילגאָרייער ייִדן מיט אַן הסכמה אויף זייער ניי־געקרוינטן הערשער. צוליב וואָס דער גאָט־גע־זאַלבטער און זעלבסטהערשערישער מאָנאַרך האָט נייטיק געדאַרפט די הסכמה פון די בילגאָרייער ייִדן, ווייס איך ניט. אָבער אַזוי האָט די רוסישע פּאָליציי פאַרלאַנגט. פאַרשטייט זיך, אַז די בילגאָרייער באַלעבאַטים האָבן גלייך געחתמעט זייערע נעמען. אין דעם טאָג, ערב דער קרוינונג, איז דאָס בוך געלעגן ביי מײן ייִדן אויפן טיש. מײן מוטער האָט אַרייַנגעקוקט דערין. אין מיטן לייענען די חתימות, איז זי אַנטשלאָפן געוואָרן. פּלוצ־לונג האָט זי זיך אויפגעכאַפּט, און צו איר שרעק, דערזען, ווי איר בן־יחיד האלט עטלעכע בלעטער אין דער האַנט און אַרבעט מעשים זיי אַרויס־צורייסן. מיט גרויס פאַרזיכטיקייט האָט זי אַרויסגעראַטעוועט די הסכמות אויפן קייסער. מײן מוטער, און צוזאַמען מיט איר די גאַנצע שטוב, איז זיכער געווען אַז דאָס האָט אַ מלאך פון הימל זי אויפגעוועקט צו דער צייט, ווייל פאַר אַזאַ מאַיעסטעט־באַליידיקונג, וואָלט מײן ייִדיע געקענט פאַר־שיקט ווערן קיין סיביר . . .

אָבער דאָס האָב איך ניט געדענקט. געדענקט האָב איך בלויז דאָס בילד פון דער שול. אַ צווייט בילד פון יענער צייט, וואָס האָט זיך איינ־געקריצט אין מײן זכרון, איז אַזאַ: אויף אַ ווייס־פאַרשנייטן פּלאַץ שטייען ייִדן און ווייבער, אָנגעטאָן אין שוואַרצן. מע זעצט אַרויף אויף אַ וואָגן מײן מוטער, מיך און מײן עלטערע שוועסטער, וואָס האַלט מיך פעסט ביי דער האַנט. די מענטשן גייען־נאָך צופוס מיט דעם וואָגן. שפּעטער גע־פינען מיר זיך אַלע אין שטוב, ליכט ברענען אין לייכטער; מײן פעטער, איטשע, האַלט אַ בעכער מיט וויין אין דער האַנט און מאַכט קידוש.

ווי מײן מוטער האָט מיר דערציילט, איז דאָס געווען דער טאָג, וואָס מײן פאָטער, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר זיבן־און־צוואַנציק, איז אויפגענומען געוואָרן פאַר רב אין דעם קליינעם שטעטעלע לענטשין, וואַרשעווער גו־בערניע. די ייִדן און ווייבער זענען אָנטקעגנגעגאַנגען מקבל־פּנים זיין זייער ערשטן רב און זיין הויזגעזינד. דער טאָג איז געווען אַ פרייטיק נאָענט צו פּסח. פאַרוואָס איך האָב געדענקט דעם קידוש פון מײן פעטער איטשע, וועלכער איז מיטגעפאָרן פון בילגאָריי אונדז צו באַגלייטן, און נישט דעם קידוש פון מײן אייגענעם פאָטער, וועלכער איז דערצו נאָך געווען די הויפּט־

פיגור, צוליב זיין ערשטער כסא־רבנות — דערויף קען איך קיין ענטפער ניט געבן.

נאָך אַט־די צווי אָפּגעהאַקטע בילדער, שטייען די ווייטערדיקע בילדער קלאָר און בולט פאַר מיינע אויגן, פון די סאַמע פריסטע קינדער־יאָרן.

דאָס שטעטעלע לענטשין, אין וועלכן מיין פאָטער איז אויפגענומען געוואָרן פאַר רב, איז געווען אַ פּיצעלע, כמעט אַ דאָרף. די הייזלעך זענען געווען קליינע, אָבער די דעכער זענען געווען געדעקט ניט מיט שטרוי, ווי אין אַ גויאיש דאָרף, נאָר מיט שינדלען, פאַרשפּיצטע אין דער הויך, אויף וועלכע עס זענען אָפט געזעסן פייגעלעך. בלויז איין הויז האָט געהאַט אַ גאָרן מיט גאַניקלעך. די ערד איז געווען ניט געפלאַסטערט, דאָך איז זי קיינמאָל ניט געווען בלאָטיק, ווייל זי איז געווען אַ זאַמדיקע. דאָס זאַמד איז געווען טיף און ווייס, ווייל דאָס שטעטעלע איז געלעגן נישט ווייט פון דער ווייסל. איבער די שטעטלשע קרעמלעך זיינען געהאַנגען קליינע שילדלעך מיט אויסגעמאָלטע סחורות. איבער די שניט־קראָמען זענען געווען אויסגעמאָלט צווי שטיקער סחורה, אַריבערגעוואָרפן איינס איבערן אַנדערן אין דער קרום. איבער די בשמים געוועלבלעך זענען געווען אויסגעמאָלט גרויסע היטלען צוקער אין בלויען געהילט. איבער די אייזן־קרעמלעך זענען געווען אויסגעמאָלט טעפּ, פּענדלעך און פּעקלעך ליכט. אויף די טירן זענען אויך געווען אַרויסגעהאַנגען קייטן און פּאָדקאָוועס און שניידמעסערס. אין די קראָמען, וואו מע האָט פארקויפט טאַבאַק און פּאַפּיראָסן איז תמיד אין פענצטער געשטאַנען אַרויסגעשטעלט אַ קאָטער אין לאַקירענע שטיוול, רויכערנדיק אַ פּאַפּיראָס אין אַ לאַנג ציגאַרן־שפּיצל. וויפיל מיין מוטער האָט נישט פּרובירט פאַרענטפערן מיין קשיה מיט וועלכער איך האָב זי געמאַטערט: פאַרוואָס אַ קאָטער זאָל טראָגן שטיוול און רויכערן אַ פּאַפּיראָס, האָט זי עס מיר נישט געקענט פאַרענטפערן. מיין געפיל פאַר רעאַליזם האָט אָפּנים, שוין דעמאָלט נישט געקאָנט פאַרדייען אַזאַ נישט רעאַלע דערשיינונג.

לעבן די קרעמלעך האָבן זיך געפונען די ווערקשטאַטלעך פון די יידישע באַלמעלאָכעס שניידערס, שוסטערס, און בעקערס. אויף די שילדלעך ביי די בעקערס איז געווען אויסגעמאָלט אַ גרויסער ברוינער ראָגאָל, אין געשטאַלט פון אַ האַלבער לבנה, וואָס האָט מער דערמאָנט אין האָלץ, ווי אין געבעקס. ביי די שוסטערס איז געווען אַרויסגעשטעלט אַ שטייפער שטיוול מיט שפּאָרן. די שניידערס האָבן נאָך קיין שילדן נישט אַרויסגעהאנגען. עס איז אויך געווען אַ לעדער־קראָם מיט אַן אויסגעמאָלטער שטיק זויל, וואָס האָט קיין ענלעכקייט אויף קיין זויל נישט געהאַט, אָבער

דערפאַר איז געווען גענוי אויסגעמאָלט אַ נײ־מאַשין, אויף וועלכער אַ קליין מענטשעלע נייט אַ געוואַלדיק גרויסן שוך. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז דער לעדער־הענדלער איז שוין אין איינוועגס אויך אַ קאַמאַשן־שטעפּער. דאָס איינציקע פאַבריקל אין שטעטעלע איז געווען אַזעלכעס וואָס האָט אויסגעאַרבעט קוואַס; אַ פאַרביקע משקה, וואָס פלעגט אויסשיסן פון דער פלאַש, ווען מע האָט זי אויפגעקאָרקעוועט. דאָס ראָד פון אָט דעם קוואַס־פאַבריקל האָט שטענדיק זיך געדרייט און גערוישט. אַרום פאַבריקל האָט זיך געשפּרייט אַ ווייכע, ווייסע פליסיקייט, וואָס האָט אויסגעזען ווי סמעטענע. עס זענען אויך געלעגן אָנגעוואָרפן שטיקער פון צעבראָכענע פלעשער, גרינע, רויטלעכע און ברוינע, דורך וועלכע מיר, יינגלעך, האָבן געקוקט אויף דער וועלט און געזען זי אין די שענסטע קאָלירן. פון די אויסגענוצטע דרעטלעך, מיט וועלכע די קאָרקעס פון די קוואַס פלעשער זענען געווען צוגעפעסטיקט, האָבן מיר געמאַכט ברילן פאַר זיך. לעבן דעם פאַבריקל, אַ ביסל אָפּגערוקט, האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ לאַגער, אין וועלכן אַ ייד האָט געהאַלטן אַלערליי מאַשינען פאַר ערד־אַרבעט — דרעש־מאַשינען, אַקער־מאַשינען. שוואַבן, דייטשישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן געוואוינט אין די דערפער דערלעבן, פלעגן קויפן אָט די מאַשינען פון צייט צו צייט. אין שטעטעלע זענען אויך געווען צוויי גויאישע קראָמען, וואָס האָבן פאַרקויפט חזיר, ביר און בראָנפן. דאָס בית־המדרשל און די מקווה זענען געשטאַנען אין אַ זייט, לעבן אַ לאָנקע, אויף וועלכער עס האָבן זיך געפּאַשעט קי און גענדז, האַרט ביי אַ שטייענדיק וואַסער, מער זומפּ ווי וואַסער, אין וועלכן די בהמות פלעגן זיך אָנטרינקען און קאַטשקעס זענען אַרומגעשוואומען. די פרעש האָבן געאַרבעט מעשים אין אָט־דעם זומפּיקן וואַסערל, וואָס איז געווען באַוואַקסן געדיכט מיט שאַוועր. אָפּגערוקט פון שטעטל איז געשטאַנען דער גרויסער הויף פון פריץ כריסטאָווסקי און די „טיפּלע” — אַ רויטער גרויסער בנין מיט צוויי פאַרריסענע טורעמס און צלמים, וואָס האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין ברייטן, גרויסן און רונדן הימל אַריין.

דאָס שטעטעלע איז געווען אַ יונגס, נאָר וואָס פון דער נאָדל אַרויס; די באַלעבאַטים זענען מערסטנס געווען דאָרפס־יידן פון די אַרומיקע דערפער.

די מעשה איז געווען, וואָס מיט עטלעכע יאָר פאַר אונדזער אָנקומען קיין לענטשין האָט די רוסישע פּאָליציי גענומען טרייבן פון די אַרומיקע דערפער די יידן, וואָס האָבן יאָרן־לאַנג געוואוינט אין זיי. אַזוי ווי לויטן געזעץ האָבן יידן געמעגט וואוינען אין שטעטלעך, האָבן די אַרויסגעטריבענע יידן אָפּגעקויפט אַ שטיק זאַמדיקע ערד ביים פריץ כריסטאָווסקי און האָבן

אויסגעבויט אַ שטעטעלע. דער פּריץ, וואָס איז אויך געווען דער ריכטער פון דעם דאָרפס־געריכט, איז געווען צופרידן צו פאַרקויפן זיין זאַמדיקן באָדן פאַר גוט געלט, און ער האָט שוין דורכגעפירט, וואו מע דאַרף, אַז זיין שטעטעלע זאָל זיין כשר. די יידן האָבן אויסגעבויט הייזלעך, געעפנט קראָמען, איינגעאָרדנט ווערקשטאַטלעך און געגומען לעבן ווי אַלע יידן אין פוילן. די יידישע וואַלד־הענדלער פון די אַרומיקע געדיכטע וועלדער האָבן זיי געגעבן אַ מתנה געהילץ, פון וואָס זיי האָבן אויסגעבויט אַ קליין בית המדרשל מיט אַ מקווה. דער פּריץ האָט זיי געגעבן אַ מתנה דאָס שטיקל פּלאַץ פאַר די הייליקע בנינים. צוליב דעם האָבן די יידן געזען, אַז זייער שטעטעלע זאָל טראָגן דעם נאָמען פון פּריץ. פון זיין נאָמען, לעאָן, האָבן זיי געמאַכט לעאָנטשין, און אויף יידיש: לענטשין. די צאָל יידן אין שטעטעלע איז סך הכל געווען אַ פערציק משפחות, אָדער אַרום צוויי הונדערט נפשות.

ווי אַזוי מיין פאָטער איז מגולגל געוואָרן פון בילגאָריי, ביי דער עסטרייכישער גרענעץ, ביז דעם פאַרוואָרפענעם העק, לענטשין, וואָס איז געווען אַ מהלך פון קנאַפּע פיר הונדערט וויאָרסט פון דער גרענעץ שטאָט, איז אַ פאַרוויקלטע געשיכטע, וועגן וועלכער מיין מוטער פלעגט אָפט רעדן מיט ביטערקייט.

די מעשה איז געווען אַזאַ:

מיין זיידע, ר׳ יעקב מרדכי, דער בילגאָרייער רב, האָט מיין מוטער, בת שבע, זייער ליב געהאַט, ווייל זי איז געווען אַ גרויסע למדנית און אַליין זיך אויסגעלערנט פאַרשטיין לשון קודש ספרים, און אפילו גמרא. תנ״ך האָט זי געקאָנט ממש אויסנווייניק. ער האָט דערפאַר פאַר איר אויסגעזוכט אַ מאַן אַ למדן, וואָס זאָל קאָנען ווערן אַ רב אין אַ שטאָט. שדכנים האָבן געוואוסט, אַז אין דער נאָענטער שטאָט טאָמאַשאָוו, לובלינער גובערניע, האָט דער דיין, ר׳ שמואל, אַ זון פנחס מענדל, וואָס איז אַ למדן און אַ ירא שמים, און זיי האָבן גערעדט דעם שידוך און דורכגעפירט אים. מיין מוטער איז צו איר חתונה אַלט געווען זיבעצן יאָר, מיין פאָטער — איין און צוואַנציק יאָר, גלייך נאָך דעם ווי ער איז באַפרייט געוואָרן פון גיין דינען. מיין זיידע האָט צוגעזאָגט דעם איידעם זיינעם פינף יאָר קעסט ביי אים אין הויז, כדי ער זאָל דורך דער צייט זיך קאָנען צוגרייטן צו אַ רבנישער קאַריערע, דאָס הייסט, ער זאָל קריגן סמיכה אויף רבנות און ער זאָל זיך אויסלערנען רוסיש און באַלייגן אַן עקזאַמען, ווייל דאָס געזעץ האָט דעמאָלט געפאָדערט, אַז יידישע שטעט אין פוילן זאָלן נישט האָבן קיין צוויי רבנים, אַ גייסטלעכן און קאַזיאָנעם, נאָר איין רב, וואָס זאָל דורכפירן

ביידע פונקציעס, די יידישע און די מלוכהשע. מיין פּאָטער האָט די סמיכה אויף רבנות געקראָגן איינס און צוויי, אַ זון פון אַ דיין, אַן אייניקל פון דורות רבנים, אַן אײדעם פון אַ רב, און אַליין אַ למדן, איז עס ביי אים געווען אַ קלייניקייט אויסצולערנען זיך יורה דעה און שולחן ערוך. אָבער ער האָט ביי קיין פּאַל נישט געוואָלט לערנען זיך רוסיש און גראַמאַטיק, כדי צו באַלייגן אַן עקזאַמען אויף פיר קלאַסן גימנאַזיע, וואָס עס האָט זיך געפאָדערט. מיין זיידע האָט געדונגען פאַר אים אַ רוסישן לערער, אָבער אנשטאָט גיין צום לערער, איז מיין פּאָטער בעסער געגאַנגען אין חסידים שטיבל און געשמועסט חסידות מיט די יונגעלייט, די קעסט־איידעמלעך, געפּראַוועט חסידישע סעודהלעך און אויף ימים טובים אָפט געפאָרן צום רבין קיין שיניאַווע, אין גאַליציע, וואָס איז געלעגן איבער דער גרענעץ. אויף אַזעלכע נסיעות פלעגט ער אָפּזיצן וואָכן לאַנג. ער פלעגט אויך צו אָפט זיך אַריבער־כאַפּן צו זיינע עלטערן קיין טאָמאַשאָוו און פאַרברענגען מיט די חסידישע יונגעלייטלעך.

מיין זיידע האָט דעריבער גלייך געוואָרפן אַן אומחן אויף זיין איידעם, וועמענס דרכים ער האָט נישט פאַרטראָגן.

מיין פּאָטער האָט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין הויז פון מיין זיידן. ערשטנס, איז מיין זיידע געווען אַ רוסישער, דאָס הייסט, אַ וואָלינער, און אַזוי איז געווען זיין הויזגעזינד. ער איז געווען אַ צייט רב אין וואָלינער שטעטלעך, פּוריצק און מאַציעוו. מיין מוטער איז געבוירן געוואָרן אין וואָלין און אַריבערגעקומען קיין בילגאָריי אין פּוילן, ווען די שטאָט האָט אויפגענומען איר פּאָטער, דעם „מאַציעווער עילוי, פאַר רב. מיין פּאָטער, ווידער, איז געווען אַ פּוילישער פון דורות. מיין פּאָטער פלעגט רעדן מיטן ברייטן פּוילישן יידיש; מיין מוטער און איר משפּחה האָבן גערעדט וואָלי־נעריש. דאָס אַליין האָט געבראַכט צו קעגנזייטיקע קיביצערייען און שפּאַסן. דערצו איז מיין זיידע געווען אַ מתנגד, וואָס האָט געהאַלטן אַ וועלט פון לומדות און האָט נישט פאַרטראָגן קיין חסידים און זייערע גוטע־יידן, וואָס אנשטאָט לערנען תורה פאַרנעמען זיי זיך מיט ניגונים און טענץ און דערציילן מופתים. אין זיין יוגנט, ווען ער איז נאָך געווען דער „מאַציעווער עילוי", האָבן חסידים אים פאַרנאַרט איינמאָל צום טריסקער רבין, ער זאָל אים זען, איבערצייגן זיך אין זיין גרויסקייט און ווערן זיין חסיד. אָבער דער „מאַציע־ווער עילוי" האָט אַ שמעק געטאָן און איז אַהיים געפאָרן, כדי קיינמאָל מער נישט צו פּטרן קיין צייט אויף אַזעלכע זאַכן. ער האָט זיך נאָך מער אַריינגעוואָרפן אין לומדות. מיין פּאָטער, ווידער, איז געווען אַ פייערדיקער חסיד, אַ זון פון אַ חסיד און אַן אייניקל פון חסידים.

מיין זיידע איז געווען אַ מענטש פון תכלית, פון פליכט. ער האָט גע־האַלטן, אַז מען דאַרף זיך פאַרנעמען אָדער מיט תורה, אָדער מיט סחורה. מיין פאָטער איז געווען אַ פאַנטאַזיאָר, אַ גרויסער בעל־בטחון, אַ מענטש וואָס האָט פיינט געהאַט צו האָבן אַן עול אויפן קאָפּ. זיין פילאָזאָפיע איז געווען: ס׳וועט שוין, מיט גאָטס הילף, זיין רעכט". כאָטש דורך דער צייט פון זיין קעסט־עסן איז ער געוואָרן אַ טאַטע פון צוויי קינדער, אַחוץ פון אַ קינד וואָס איז געשטאָרבן, האָט ער נישט געטראַכט פון קיין תכלית און בשום אופן נישט געוואָלט אַריינקוקן אין די רוסישע ביכלעך, וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר טומאה, טריף־פסולס. ער האָט זיך געהאַט זיינע חסידים און רבים און תורה און אין דער פרייער צייט האָט ער געשריבן פשטלעך צו דער גמרא און חידושים אויף דער תורה. מיין זיידע האָט נישט געהאַלטן נישט פון זיינע פשטלעך, נישט פון זיינע חסידישע חידושים, נישט פון זיינע רבים און נישט פון זיינע שמחות. נאָך גרויסע סיכסוכים האָט ער געפּועלט ביי מיין פאָטער, ער זאָל אַריבערפאָרן קיין זאַמאָשטש און דאָרטן זיך אויסלערנען רוסיש ביי אַ געניטן לערער, וואָס איז אַ ספּעציאַליסט אין צוגרייטן רבנים צו האַלטן עקזאַמען. אָבער נאָך אָפּזיצן עטלעכע וואָכן אין זאַמאָשטש, האָט מיין פאָטער איבערגעלאָזט דעם לערער צוזאַמען מיטן געלט וואָס מיין זיידע האָט יענעם באַצאָלט אין פאָראויס, און ער איז אַוועק צו זיינע עלטערן אין טאָמאַשאָוו, אין מורא זיך צו באַווייזן פאַר דעם שטרענגן שווער, וואָס פאָדערט תכלית. ווי איינע פון די סיבות פאַרוואָס ער איז אַוועק פון זאַמאָשטשער לערער, האָט מיין פאָטער אָנגעגעבן דאָס, וואָס מען האָט געזאָגט אין שטאָט, אַז דעם לערערס ווייב טראָגט נישט קיין שייטל, נאָר זי גייט אין די אייגענע האָר.

מיין זיידע האָט געזען, אַז דער איידעם זיינער וועט שוין קיין לייט נישט זיין און ער האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט פאַר מיין מוטער, אַז זי זאָל זיך גטן מיט איר מאַן. אָבער מיין מוטער האָט דערפון נישט געוואָלט הערן. מיין פאָטער איז אַ צייט געווען ביי זיינע עלטערן אין טאָמאַשאָוו, וואו קיינער האָט אים קיין מוסר נישט געזאָגט. זיין מוטער, מיין באָבע טעמעלע, איז געווען אַ יידענע אַ צדקת, וואָס האָט קיינמאָל פון איר מאַן, דעם דיין, קיין פרנסה נישט פאַרלאַנגט. זי האָט אים געלאָזט עוסק זיין אין תורה און אין קבלה, וויפל נאָר ער האָט געוואָלט. זי אַליין האָט געפירט מסחר, פלעגט שלעפּן זיך אויף בוידן קיין וואַרשע איינצוקויפן סחורה און מפרנס זיין איר מאַן און קינדער, ווייל פון דיינות איז בלויז געווען וואַסער אויף קאַשע. זי האָט טאַקע געבוירן דעם טאַטן מיינעם אויף איינער פון אירע רייזעס, ממש אויף דער בויד, ווייל זי האָט געקראָגן ווייען אין זיבעטן חודש פון

איר טראָגן און געבוירן אַ זיבעלע. צוליב דעם איז מיין פּאָטער געווען אַ קליינער, אַ שוואַכער, און די באָבע האָט אים באַזונדערס געצערטלט. איר איז אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז איר זון וועט דאַרפן זאָרגן וועגן פּרנסה. דאָס, האָט זי געוואוסט, געהערט צו אַ ווייב. זי האָט אים איפּגענומען מיט אָפענע אָרעמס, יעדעס מאָל וואָס ער איז אַנטלאָפן פון שווער דעם מתנגד, וואָס פאַרלאַנגט תכלית. זי האָט געקאָכט פאַר אים יאכלעך, געבאַקט פּוטער־קיכלעך און אַרומגעהילט זיין האַלדז מיט אַ וואַרעם וואָלן טוך סיי ווינטער, סיי זומער, ער זאָל זיך, חלילה, נישט צוקילן.

אָבער מיין מוטער האָט געשריבן בריוו צו מיין פּאָטער, געקומען צו פאָרן צו אים און געפאָדערט אַז ער זאָל טאָן עפּעס, ווייל די פינף יאָר קעסט, וואָס איר פּאָטער האָט צוגעזאָגט, האָבן זיך שוין געענדיקט. האָט מיין פּאָטער באַשלאָסן צו לאָזן זיך אויף דער וועלט און אַרומקוקן זיך וועגן אַ פּרנסה. כדי צו דעקן די הוצאות, האָט ער געהאַלטן דרשות אין יידישע שטעטלעך — דרשות, וואָס זיינען געווען אַ געמיש פון שאַרפע פּשטלעך, באַקאַנטע אויסטייטשונגען אויף דער תורה און חסידישע מעשיות און מופתים און וואונדערלעכע געשיכטעס, וואָס האָבן ביי יידן שטאַרק אויסגענומען. צוזאַמען דערמיט האָט ער אויך פּרובירט זאַמלען פּרענומעראַנטן (אבאָנענטן) אויף אַ ספר, וואָס ער האָט איבערגעזעצט אויף עברי טייטש, וואָס מיינט, אויף מאַמע־לשון. וואָרעם כאָטש אַ למדן און אַ חסיד, האָט מיין פּאָטער, אַ ווייכער און אַ פּאָלקס מענטש, געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר פּראָסטע מענטשן, און ער האָט איבערגעזעצט דאָס ספר „מבחר הפנינים", אַ זאַמלונג פון קלוגע רייד, אויף פּראָסט יידיש, אַזוי אַז אויך פּשוטע בעלי־מלאכות און ווייבער זאָלן זיי קאָנען לערנען.

אָבער ער איז קיינמאָל קיין בריה אין געלט זאַכן נישט געווען און ער האָט קיין הצלחה אין זיינע פּרענומעראַנטן נישט געהאַט. פאַרנדיק אַזוי מיט זיינע דרשות, איז ער געפאָרן ביז דעם קליינעם שטעטעלע לענטשין. די דאָרטיקע יידן זיינען אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון מיין פּאָטערס דרשות אַז זיי האָבן אים געבעטן צו ווערן ביי זיי רב. דאָס שטעטעלע האָט סך־הכל געהאַט אַן איינציקן סטראַזשניק, וואָס האָט פאַר אַ גילדן אין דער האַנט אַריין פאַרקוקט אַלע יידישע עבירות, און ער האָט אויך פאַרקוקט די זינד, וואָס דער לענטשינער רב האָט נישט געהאַלטן קיין עקזאַמען אויף רוסיש. מיין פּאָטער האָט אָנגענומען דאָס רבנות אין שטעטעלע לענטשין און, אַ שטאָלצער, געקומען צום שווער, אָוועקצונעמען ווייב און קינדער מיט זיך.

מיין זיידע האָט אַראָפּגעלאָזט די נאָז, ווען ער האָט דערזען זיין איידעמס כתב־רבנות, אויף וועלכן עס זיינען סך־הכל געווען געחתמעט פערציק בעלי־

בתים, אַלע איינוואוינער פון דער קהילה לענטשיק. אָבער עס איז קיין ברירה נישט געווען. מיין פֿאָטער האָט דערקלערט, אַז ער וועט ביי קיין פֿאַל נישט באַלייגן קיין עקזאַמען. „ס'איז אומזיסט, שווער. איך וועל שוין מיטן גובערנאַטאָר נישט רעדן!" — האָט ער געזאָגט. ס'האָט זיך געפירט, אַז אַ רב פלעגט זיך מוזן שטעלן פאַרן גובערנאַטאָר, איידער ער האָט אויסגע־האַלטן דעם עקזאַמען.

פאַר פסח האָט מען געדונגען אַ בויד, אין וועלכער עס האָבן זיך אַריינ־געזעצט מיי פֿאָטער און מוטער, צוזאַמען מיט זייערע צוויי קינדער: מיין שוועסטער, אַ קינד פון זעקסטן יאָר, און איך — אַ קינד פון דריטן יאָר. מיט אונדז איז מיטגעפֿאָרן דער פעטער איטשע, דער מאַמעס יינגערער ברודער. דאָס האָט דער זיידע געהייסן דעם פעטער מיטפֿאָרן, ער זאָל זען וואָסער סאָרט שטעטל דאָס לענטשיק איז און אויך ער זאָל דינען ווי אַ מין באַגלייטער, „אַ סוויטע", וואָס זאָל צוגעבן מיין פֿאָטער מער אָנזען ביי די לענטשינער יידן. קיין אָפיציעל געהאַלט האָט מיין פֿאָטער נישט געקאָנט קריגן, ווייל צוליב דעם עקזאַמען, וואָס ער האָט נישט געהאָט באַלייגט, איז ער אָפיציעל קיין רב נישט געווען. אָפיציעל האָט דאָס שטעטעלע געהערט קיין סאָכאַטשאָוו און גע־דאַרפט צאָלן „עטאַפ" (שטייערן) דער דאָרטיקער קהילה. אָבער די פערציק באַלעבאַטים האָבן זיך מתחייב געווען צו צאָלן מיין פֿאָטער פיר קערבלעך אַ וואָך, אַחוץ וואָס עס וועט אים אַריינפֿאַלן עפּעס פון אַ דין תורה, אַ חתונה, פון מכירת חמץ און פון נאָך אַזעלכע רבנישע קוואַלן. צו דעם האָט מען איבערגעגעבן מיין מוטער דעם פאַרקויף פון הייוון, וואָס יידענעס ניצן ביים באַקן זייערע חלות אויף שבת. מיין מוטער, געוואוינט צו איר פֿאָטערס קרייז־שטאָט און צו זיין אָנגעזען רבנות, האָט זיך געפילט באַ־ליידיקט פון איר מאַנס קליינער און אומאָפיציעלער רבנות. מיין פֿאָטער, דער אייביקער טרוימער און בעל־בטחון, איז געווען פריילעך. „סעט שוין, מיט גאָטס הילף, זיין רעכט" — האָט ער געטענהט מיט פרייד.

## צו דריי יאָר טוט מען מיר אָן אַ טלית און מען שפּאַנט
## מיך איין אין יאָך פון תורה

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען איך בין אַלט געווען דריי יאָר, האָט מיין פאָטער מיך איינגעהילט אין זיין טלית, אַ געלבלעך טערקישן טלית, וואָס האָט געהאַט צוויי זילבערנע עטרות, איינע אין דער הויך און די צווייטע אין מיטן, גענומען מיך אויף די הענט און מיך אַוועקגעטראָגן צו ר׳ מאיר מלמד אין חדר.

אַלע יידן און ווייבער זיינען אַרויס פאַר זייערע טירן, כדי צו זען ווי דער רב אַליין טראָגט זיין בן־יחיד אויף די הענט אין חדר אַריין. איינ־געהילט אין גרויסן טלית ביז איבער דעם קאָפּ, האָב איך געזען ווי טייל יידן גייען מיר נאָך און ווינטשן מזל־טוב. ווייבער האָבן מיר נאָכגערופן, איך זאָל באַגערן צו לערנען תורה. אַרויפטראָגנדיק מיך איבער די טרעפּ צו אַ בוידעם־שטוב, די איינציקע בוידעם־שטוב אין שטעטל, האָט מיין פאָטער מיך אויסגעהילט פון טלית און אַוועקגעשטעלט אויף אַ באַנק, אויף וועלכער עס זיינען געזעסן חדר־יינגלעך פון מיין עלטער און עלטערע. זיי האָבן מיך באַטראַכט און זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. דער מלמד ר׳ מאיר, אַ ייד מיט אַ געל פּנים, געל בערדל און מיט גרויסע שוואַרצע און מרה־שחורהדיקע אויגן, האָט גענומען אין דער האַנט אַריין אַ קאַנטשיק, וואָס איז געווען געמאַכט פון אַ פוקסן־פיסל מיט לעדערנע לאַקשן, און אַ קלאַפּ געטאָן איבערן טיש.

— וואָס איז דאָס געלעכטער, עכברושים? — האָט ער געפרעגט. — דרך־ארץ פאַרן רב!

די יינגלעך האָבן איינגעהאַלטן זייער געלעכטער, אָבער די מיידע־לעך, וואָס האָבן זיך געלערנט אלף־בית ביי דער מלמדקע אין ווינקל חדר ביי דער קיך, האָבן זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן פון לאַכן, הגם די רביצין האָט זיי געוואָרנט מיט אַ שפּיזל, וואָס זי האָט אַרויסגעצויגן פון אַ זאָק אין מיטן צערעווען. דער מלמד האָט זיי געוויזן דאָס פוקסן־פיסל און זיי האָבן זיך איינגעשטילט. מיין פאָטער האָט מיך אָנגעדונגען אויף אַ זמן פאַר פיר רובל און געגעבן דעם מלמד די האַנט. דער מלמד האָט גע־

וואונטשן, אַז עס זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה, און ער האָט זיך גלייך גענומען לערנען מיט מיר תורה. טייטלענדיק מיט אַ שפּיציקן טייטעל איבער אַ פּאַרפלעקטן אלף־בית, וואָס איז געווען אָנגעקלעפּט אויף אַ טאָוול, האָט ער געלערנט מיט אַ ניגון:

— זעסט, יינגעלע, דאָס ערשטע אות איז אַן אַלף... דאָס צווייטע אות, וואָס זעט אויס ווי אַ שטיבעלע מיט דריי ווענטעלעך, איז אַ בית... ווייטער, יינגעלע, איז אַ גימל... דאָס פערטע אות, וואָס זעט אויס ווי אַ העקעלע צו האָקן האָלץ, איז אַ דאַלעד... זאָג דאַלעד, יינגעלע, דאַלער...

נאָך יעדער אות, וואָס איך האָב נאָכגעזאָגט, האָט ר׳ מאיר מלמד מיך באַלוינט מיט אַ נייעם קניפּ אין באַק. זיינע פינגער זיינען געווען ביינערדיק און קאַלט. ווען ער האָט דערגרייכט מיט מיר ביז דעם אות „יוד״, האָט ער מיר געהייסן צומאַכן די אויגן. ווען איך האָב זיי געעפנט, האָב איך געזען, ווי דער פאַרפלעקטער אַלף־בית איז געווען באַדעקט מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען.

— דאָס האָט דער מלאך פון הימל אַראָפּגעוואָרפן פאַר דיר פאַר לערנען תורה, — האָט ר׳ מאיר מלמד געזאָגט. — נעם און עס...

די יינגלעך, וואָס האָבן נישט פאַרמאַכט די אויגן און געזען, אַז דאָס האָט נישט אַ מלאך פון הימל געוואָרפן די ראָזשינקעס און מאַנדלען, נאָר מיין פאָטער, האָבן געקייכט פון געלעכטער פון מיר, דעם גלויביקן. מיין פאָטער האָט זיי אַלעמען געטיילט פון אַ פּאַפּירן שקאַרמיצל ראָזשינקעס און מאַנדלען און צוקערלעך. דערנאָך האָט ער מיר פאַרריכט אויפן קאָפּ די נייע יאַרמעלקע, באַזוימט מיט לייש־גאָלד, וואָס ער האָט געקויפט ביי אַ פאַקענטרעגער פאַר מיר צוליב דעם יום־טוב, און ער האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל זיין אַ גוט ייגגל און באַגערן צו לערנען תורה.

— יהושעלע, מיין קינד, זאָלסט אויסוואַקסן אַזאַ גאון ווי ר׳ יהושעלע קוטנער, זכרונו לברכה, נאָך וועמען מען האָט דיך אַ נאָמען געגעבן ישראל יהושע, — האָט מיין פאָטער מיר אָנגעזאָגט. — הערסט, וואָס איך רעד צו דיר?

— זאָג יאָ, שיעלע קוטנער, — האָט דער מלמד מיך געלערנט.

ווי נאָר מיין פאָטער איז אַרויס פון חדר, האָבן די יינגלעך גלייך גענומען מיך טשעפּען און רופן מיך שיעלע קוטנער.

איך בין געווען דערשראָקן און שטאַרק זיך געשעמט מיטן נאָמען פון גרויסן גאון, נאָך וועלכן מען האָט מיך גערופן. איך האָב געוואָלט גלייך אַהיימגיין צו טאַטע־מאַמע. ר׳ מאיר האָט געקוקט אויף מיר מיט

זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן געגליווערט מיט זייער מרה־שחורה, און געקנייפּט מיר אין דער באַק מיט זיינע קנאָכיקע קאַלטע פינגער.

— זעסט דעם קאַנטשיק מיט די זעקס לאָקשן, — האָט ער מיר געוויזן, — דאָס איז צו שמייסן יינגלעך, וואָס ווילן נישט גיין אין חדר. זיך דריבער שטיל אויף דער באַנק און לייג צו דעם קאָפּ צו דער תורה, וואָס איך וועל לערנען מיט דיר... זעסט דאָס אות, וואָס זעט אויס ווי אַ טישעלע מיט אַן אָפּגעהאַקט פיסעלע, דאָס איז אַ היי, זאָג היי, היי...

איך האָב וויינענדיק געזאָגט: היי, היי...

די יינגלעך און די מיידלעך האָבן נישט אויפגעהערט שטיקן זיך פון געלעכטער.

צומאָרגנס האָב איך נישט געוואָלט גיין אין חדר פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט. דעם מלמדס זון, כתריאל, אַ בחור מיט אַ שאַרפן שפּיציקן קנאָפּ אין האַלדז, וואָס האָט נישט אויפגעהערט אַרומצולויפן אַרויף און אַראָפּ, איז געקומען מיך נעמען אין חדר אַריין. מיין מוטער האָט פּרובירט איינטענהן מיט מיין פאָטער, אַז מען זאָל מיך אָפּלאָזן אַ טאָג, ווייל איך האָב געצאַפּלט זיך און מורא פאַר אָט דעם בחור מיטן קנאָפּ אין האַלדז. מיין פאָטער האָט געזאָגט, אַז מען מוז מיך צוגעוויינען צום חדר מיט געוואַלד.

— אַ יינגעלע דאַרף ליב האָבן גיין אין חדר, — האָט ער געזאָגט.

— תורה איז זיס.

איך האָב נישט געפילט די זיסקייט, ווען כתריאל האָט מיך אָנגענומען ביי די הענט און פיס און פאַרוואָרפן מיך אויף זיין פּלייצע, ווי מען פאַרוואַרפט אַ געשאָכטן קעלבל. איך האָב אים מיט די נעגל די הענט צעקראַצט, געשטויסן אים מיט די פיס, געמאַכט קולות איבערן גאַנצן שטעטל. יידן און ווייבער פאַר די טירן האָבן הנאה געהאַט פון דער געשיכטע.

— גוט אַזוי, קאַסריל, — האָבן זיי אונטערגעגעבן חשק דעם מלמדס זון, וואָס איז געווען באַהעלפער ביים אייגענעם פאָטער אין חדר, — שלעפּ אים, דעם רבס בן־יחיד...

כתריאל האָט מיך פעסט געהאַלטן מיט איין האַנט; אין דער אַנדערער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ הילצערן קעסטל, אין וועלכן ער האָט געטראָגן מוציאס ברויט פאַר זיין פאָטערס תלמידים.

דאָס האָט זיך איבערגעחזרט טאָג נאָך טאָג. מיט אַן אויסערגעוויינלעכער עקשנות, וואָס איז זעלטן ביי אַ קינד פון דריי יאָר, האָב איך געקעמפט קעגן חדר, וואָס איך האָב געהאַסט.

דעם רבינס בוידעם־שטוב איז געווען אַ נידעריקע. די פֿענצטער זיינען תמיד געווען פֿאַרמאַכט, ווינטער און זומער. אין דער שטוב, וואו מען האָט געלערנט, זיינען אויך געשטאַנען דעם רבינס בעטן. ביים שוואַרצן אויוון, וואָס איז ממש געווען באַדעקט מיט „פּראַנצויזן" (ווערעם), האָט די מלמדקע געקאָכט, געבאַקן, געוואַשן, געצירעוועט זאָקן, אַרויפֿגעצויגן אויף אַ גלאָז, געשיילט קאַרטאָפֿל, לערנענדיק דערביי אַלף־בית און עברי מיט אַ כאַליאַסטרע מיידעלעך. ביים רבינס טיש, איבער וועלכן עס איז געהאַנגען אַ נאַפֿט־לעמפּל מיט אַ פֿאַררויכערט גלעזל, תמיד פֿאַרלאַטעט מיט פּאַפּיר אויף די געשפּאָלטענע ערטער, האָבן זיך גע־קוועטשט עטלעכע צענדליק ייִנגלעך, פֿון דריי יעריקע קינדער, ביז צען־יעריקע חומש־ייִנגלעך. ר' מאיר מלמד איז געווען אַ דרדקי מלמד, אַ חומש־און־רש"י מלמד. די גרעסערע ייִנגלעך זיינען דערגאַנגען די יאָרן די קליינע, וועלכע זיי האָבן גערופֿן מיטן בכבודיקן נאָמען „שטינקערס".

דער רבי — תמיד מיט דער פֿאַרפֿעטסטער יאַרמעלקע אויפֿן קאָפּ און אָן אַ קאַפּאָטע, נאָר בלויז אין אַ שפּענצער, וואָס ער האָט געטראָגן סיי זו־מער, סיי ווינטער, און פֿון וועלכן עס זיינען אַרויסגעהאַנגען שטיקער שמוציקע וואַטע פֿון די לעכער — האָט זיך קיינמאָל נישט געשיידט מיט דעם פֿוקסן־פּיסל און די לעדערנע לאַקשן. ער האָט דאָס פּיסל אויך גע־נוצט ביים טייטלען די שורות אין סידור. זיין פּנים איז געווען געל, ווי ער וואָלט געהאַט די געלזוכט. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן זיינען געווען די מרה־שחורה אַליין. אַ גרויל פֿלעגט באַפֿאַלן, ווען ער פֿלעגט אָנשטעלן אויף עמעצן די שוידערלעכע מרה־שחורה אויגן, אין וועלכע עס איז געלעגן דער גאַנצער צער און הבל־הבלים פֿון אונדזער וועלט און אירע ברואים.

די רביצין איז געווען אַ גוט־מוטיקע, אָבער אַ קראַנקע. אירע פֿינגער זיינען געווען אויסגעדרייט, וואָס צוליב דעם האָט זי נישט געקענט אַר־בעטן, און זי האָט געהאַלטן אין איין מאַכן שאָדנס. אָדער זי האָט צעבראָכן אַ ליימעדיק שיסעלע, אָדער זי האָט איבערגעקערט אַ טעפּל ביים אַרויס־שלעפּן עס מיט דער קאָטשערע פֿון אויוון אַרויס, אָדער עס איז ביי איר אויסגעלאָפֿן דאָס געקעכץ פֿון טאָפּ. דער רבי פֿלעגט ווערן ווילד פֿון צאָרן יעדעס מאָל, וואָס זי האָט געמאַכט אַ שאָדן.

— מזל־טוב, פֿייגע־מלכה, — האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט אַ ניגון, ווי ווייבער באַוויינען מיט אַזעלכן אַ מת, — מזל־טוב.

פֿייגע־מלכה האָט געקוקט אויף אים מיט אַזעלכע שולדיקע אויגן, ווי אַ הונט קוקט אויף זיין באַלעבאָס נאָכן אָפּטאָן אַ מיאוסע זאַך.

— מאיר, די קינדער... — האָט זי געמורמלט.

ר׳ מאיר האָט זיך נישט גערעכנט מיט די תּלמידים און תּלמידות און זיך פאַרגאַנגען אין כּעס.

— אין די הייזער וועל איך מוזן גיין צוליב דיר, צוויג משוגענע! — האָט ער געוואַלדעוועט. — ברענגסט מיך אויס אויף פונט און קווינט, כּלבטע!...

אַמאָל, ווען זי פלעגט לאָזן אונטערלויפן די מילך אונטער דער פליישיקער גריץ און טריף מאַכן דאָס עסן, פלעגט דער רבי ווערן אַזוי ווילד פון כּעס, אַז ער פלעגט נישט יוצא זיין בלויז מיט רופן זי משוגענע צוויג און כּלבטע, נאָר ער פלעגט זיין צאָרן אויסלאָזן צו איר ראָטאָנדע, אַ לאַנג סאַמעטן מלבוש אָן אַרבל, וואָס זי האָט געהאַט נאָך פון איר חתונה און זי פלעגט דערין גיין סיי ווינטער, סיי זומער, יעדן שבת דאַווענען אין ווייבער־שול. דאָס מלבוש, גרין פון אַלטקייט, איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך. דאָס איז ביי איר געווען אַלץ אין דער וועלט. און ר׳ מאיר מלמד פלעגט דעריבער הנאה האָבן אויס־צולאָזן זיין ביטערן צאָרן צו אָט דער ראָטאָנדע. מיט אַ משוגע־געלעכטער פלעגט ער אַראָפּרייסן דאָס ליילעך פון דער ראָטאָנדע, אויסשפּרייטן דאָס סאַמעטענע אַרבללאָזע מלבוש אויף דער ערד און טרעטן עס מיט די פיס, טאַנצן דערויף מיט קאָמישע שפּרונגען, צום שרעק פון די מיידלעך און צו דעם געלעכטער פון די חומש־יינגלעך. די רביצין פלעגט ווערן פאַר־שטיינערט פון שרעק, צוזעענדיק ווי מען טרעט איר ראָטאָנדע. אירע פינגער פלעגן זיך נאָך מער אויסקרימען. דער בן־יחיד כתריאל האָט מער נישט געקענט פאַרטראָגן דער מוטערס פּיין און ער פלעגט זיך איינשטעלן פאַר איר. ר׳ מאירס געל פּנים פלעגט ווערן שוואַרץ איבער דער חוצפּה פון זיין זון דעם באַהעלפער, וואָס וואַגט אַנטקעגן צו רעדן דעם טאַטן.

— משוגע יידל, אַראָפּ! — האָט ער געוואַלדעוועט. — משוגע בופ־לאָקס, כ׳על דיר די גערגע אויסרייסן...

די רביצין פלעגט מיט די אויסגעקרימטע פינגער איינקלאַמערן זיך אין זון, ער זאָל פאַרשווייגן דעם טאַטן.

— כתריאל, שווייג, — האָט זי זיך געבעטן און געוויזן אויפן רבינס קאָפּ, ווי מען ווייזט אָן אויף איינעם, וואָס איז נישט ביים קלאָרן זינען...

נאָך דעם פלעגט דער רבי גיך אָנטאָן דאָס כאַלאַטל און אַראָפּלויפן אויף אַ צייט. דער כּעס זיינער פלעגט צערודערן זיין תּמיד קראַנקן מאָגן. מיט אַ טרויעריקן ניגון פלעגט ער דערנאָך זאָגן דעם „אשר־יצר״, ווי ער וואָלט געזאָגט קינות. זיינע טרויעריקע אויגן זיינען נאָך מרה־שחורהדיקער

געוואָרן ביים לערנען דערנאָך מיט די תלמידים. זיינע פּאַרטייטשונגען פון דער תורה האָבן אומהיימלעך זיך אָנגעשלאָגן אין די חושכע ווענט און פאַררויכערטן אויוון, באַדעקטע מיט קריכנדיקע „פראַנצויזן".

נייך, די תורה איז נישט געווען זיס אין אָט דעם חדר, ווי מיין פאָטער האָט מיר געזאָגט. כאָטש איך האָב געזען, אַז עס העלפט מיר נישט, אַז כתריאל איז שטאַרקער פאַר מיר, האָב איך געפירט מיט אים ביטערע מלחמות יעדן פרימאָרגן אויף ס'ניי, ווען ער איז געקומען שלעפּן מיך אין חדר. מיין מוטער פלעגט פאַרשטעלן אירע טרערן, קוקנדיק ווי מען רייסט מיך אַוועק מיט געוואַלד פון איר קלייד, אין וועלכן איך האָב זיך איינגעקלאַמערט צו זוכן שוץ קעגן דעם באַהעלפער. אָבער זי האָט מיך נישט באַשיצט, ווי זי האָט עס געקענט מיט זאָגן בלויז איין וואָרט. קיין זאַך האָט נישט געקענט קעגנשטעלן זיך דעם געבאָט פון לערנען תורה מיט אַ יינגל, וואָס איז שוין דריי יאָר אַלט.

ענדלעך האָט כתריאל מיך איינגעבראָכן, אָבער איך האָב דאָס חדר קיינמאָל נישט ליב געהאַט. אַזוי האָב איך נישט ליב געהאַט די תורה, וואָס מען האָט דערין געלערנט.

עטלעכע חדשים צייט האָט ר' מאיר מיט מיר אַריינגעאַקערט אויס־צולערנען מיך „טראַף", דאָס הייסט ווי אַזוי צו לייענען נקודות. ער האָט מיך געלערנט, אַז יעדע נקודה אונטער אַן אות דאַרף ווערן אַרויסגע־זאָגט, אַפילו די „שוא". אָבער ווען איך האָב געקענט „טראַף" און אַרויס־געזאָגט יעדער נקודה, האָט ער גענומען מיך לערנען, אַז די „שוא" זאָגט מען נישט אַרויס. איך בין געווען איבערראַשט, פאַרוואָס פריער האָט מען די „שוא" יאָ געדאַרפט אַרויסרעדן און פּלוצלונג האָט מען געדאַרפט זי פאַרשלינגען. אָבער איך האָב אָנגענומען דעם רבינס באַפעל ווי אַ גזירה און קיין קשיות נית געפרעגט. די געוואוינהייט אָבער האָט געטאָן אירס. די עטלעכע חדשים אַרבעט זיינען נישט געגאַנגען אין ניוועץ און יעדעס מאָל, וואָס איך האָב געזען אַ „שוא" אונטער אַן אות, האָב איך דאָס אות אַרויסגעזאָגט ווי עס וואָלט געווען אַ צירה אונטער דעם. דער רבי פלעגט ווערן ווילד פון כעס.

— גראָבער קאָפּ, כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איצט לערנסטו שוין מער נישט קיין „טראַף", נאָר עברי און דו דאַרפסט די „שוא" נישט אַרויס־רעדן! — האָט ער געגוואַלדעוועט.

מיך האָט ער נישט געשלאָגן, בלויז געדראָט מיטן פוקסן־פּיסל, ווייל מיין מוטער האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל נישט אויפהייבן אויף מיר קיין האַנט, און מיין פאָטער האָט צוגעשאָקלט דערצו. אָבער אַנדערע יינגלעך

האָבן געכאַפּט פּייערדיקע פּעטש פון מלמדס קאַלטע הענט פאַר אַרויסזאָגן דעם „שוא״, פונקט ווי זיי האָבן פריער געכאַפּט פּעטש פאַר נישט אַרויסזאָגן אים.

געלערנט האָט מען פון אַכט אין דער פרי ביז אַכט פאַרנאַכט. אייגנטלעך נישט געלערנט, נאָר גלאַט געזעסן אין חדר. אין דער צייט, ווען דער רבי האָט געלערנט מיט איין גרופּע, האָט די צווייטע גרופּע געמוזט זיצן ליידיק און שווייגן. דאָס שווייגן איז געווען די גרעסטע פּיין פאַר קינדער, וואָס האָבן געדאַרפט זיך באַוועגן, שפּילן זיך, רעדן, לאַכן. צו מיטאָג פלעגט דער רבי טיילמאָל אַהיימשיקן די קינדער אויף אַ האַלבער שעה, אָבער אָפט פלעגט ער אויך אָט די האַלבע שעה זיי נישט געבן, נאָר ער האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל ברענגען דאָס עסן די ייִנגלעך אין חדר אַריין. בלויז די מיידעלעך זיינען נאָך עטלעכע שעה לערנען ביי דער מלמדקע אַהיימגעגאַנגען. ווי מקנא געווען האָב איך די מיידעלעך דערפאַר און געהאַט טענות צו גאָט, פאַרוואָס ער האָט מיך באַשאַפן אַ ייִנגל.

נאָך צוויי יאָר לערנען, האָב איך געקענט זאָגן עברי אין סידור, ווי אַ וואַסער. פונקט צו פינף יאָר האָט דער רבי אָנגעהויבן לערנען מיט מיר חומש — די פּרשה „ויקרא״.

איך בין געווען זייער שטאָלץ ביי זיך, וואָס איך ווער אויס עברי־ייִנגל און הייב אָן זיין אַ חומש־בחור. חוץ דעם, האָב איך געגרייט זיך צו אַ סעודה, וואָס מיין פאָטער וועט מאַכן פאַר מיר, אויף וועלכער איך וועל זאָגן די דרשה, וואָס מאיר מלמד האָט וואָכן־לאַנג מיט מיר איינגעחזרט.

צווישן די זייטיקע יום־טובים, וואָס מיר פלעגן האָבן אין חדר, איז געווען דאָס גיין קריאת־שמע לייענען צו קינפּעטאָרינס און דאָס פייערן חומש־אָנהייבן. יעדעס מאָל, וואָס אַ ווייבל איז געלעגן געוואָרן און געהאַט אַ ייִנגל, פלעגט כתריאל נעמען די ייִנגלעך פון חדר און פירן זיי צו דער קינפּעטאָרינס שטוב קריאת־שמע לייענען. די קינפּעטאָרין פלעגט ליגן הינטער אַ ליילעך, וואָס איז געווען באַהאַנגען מיט „שיר־המעלותן״. ווייבער פלעגן זיצן אַרום ליילעך. כתריאל פלעגט אַוועקשטעלן אַלע ייִנגלעך אַרום ליילעך און ער פלעגט זאָגן קריאת־שמע, וואָס מיר האָבן געדאַרפט נאָכזאָגן וואָרט ביי וואָרט. נאָכדעם פלעגט מען יעדן ייִנגל געבן מתנות: ראָזשינקעס, מאַנדלען, ניסלעך און צוקערלעך. קיין סך אַזעלכע שמחות פלעגן נישט טרעפן, ווייל דאָס שטעטעלע איז געווען אַ קליינס.

פריילעכער נאָך פלעגן זיין די זעלטענע חומש אָנהייבעכטסן. ווען אַ ייִנגל פלעגט אָנהייבן חומש, פלעגן די עלטערן מאַכן אַ סעודה, איינלאַדן

דערוואַקסענע און חדר־יינגלעך. דער מלמד פלעגט אַוועקשטעלן דעם חומש־אָנהייבער אויפן טיש און פירן מיט אים אַזאַ דיאַלאָג:

— יינגעלע, יינגעלע, וואָסער סדרה האָסטו אָנגעהויבן לערנען? — האָט ער געפרעגט מיט אַ ניגון, וואָס האָט דערמאָנט אַביסל אין ניגון פון „אקדמות".

— „ויקרא", — האָט דער חומש־בחור געענטפערט.

— וואָס איז דער טייטש „ויקרא"?

— האָט גערופן.

— ווער האָט גערופן?

— אדני, גאָט, גאָט האָט גערופן.

— וועמען האָט גאָט גערופן?

— אל—צו — משה—צו משהן — לאמור—אַזוי צו זאָגן...

און אַזוי ווייטער און ווייטער.

אויב דאָס יינגל האָט געדענקט אַלע ענטפערס, וואָס איז נישט אַלעמאָל געווען דער פאַל, האָבן טאַטע־מאַמע זיך געפרייט, געסט האָבן געוואונטשן מזל־טוב און די שמחה איז געווען גרויס פאַר אַלעמען, און מער פון אַלץ פאַר דעם חומש־בחור און זיינע חברים. אויך מיט מיר האָט ר' מאיר איינגעחזרט די אויסרעדענישן. צו דעם אַלעם האָט ער מיך נאָך אויסגעלערנט אַ דרשה באַזונדער. די דרשה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין דעם וואָרט „ויקרא" אין חומש איז די אלף נישט אַזאַ גלייכע ווי אַלע איבעריקע אותיות, נאָר אַ קליינע. פאַרוואָס איז די אַלף אַ קליינע? דערויף האָט מיין מלמד מיך געהייסן ענטפערן אַזוי: דעריבער איז די אַלף אין ויקרא אַ קליינע, ווייל די אַלף פלעגט זיך האַלטן גרויס קעגן אַלע אַנדערע אותיות צוליב דעם, וואָס זי איז די ערשטע אין אַלף־בית. האָט גאָט געזאָגט, ווייל דו האָסט דיך געטאָן גרויס־האַלטן, דערום זאָלסטו געשטראָפט ווערן, וואָס אין ויקרא וועסטו ווערן געשריבן קלענער ווי אַלע אַנדערע אותיות. מיט גרויס התמדה האָב איך געלערנט די אַלע אויסרעדענישן פון ויקרא צוזאַמען מיט דער דרשה איבער דער קליינער אַלף, כדי צו באַווייזן זיך פאַרן עולם אויף דער סעודה, וואָס טאַטע־מאַמע וועלן מאַכן פאַר מיר.

אָבער טאַטע־מאַמע האָבן פאַר מיר קיין סעודה נישט געמאַכט. צי דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס פאַר די פיר רובל אַ וואָך שכירות האָבן מיינע עלטערן זיך נישט געקענט פאַרגינען צו מאַכן סעודות; צי דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס פאַר מיין פאָטער דעם למדן איז חומש אָנהייבן נישט פאַררעכנט געווען פאַר אַזאַ גרויסע זאַך, ווי דאָס פלעגט פאַררעכנט ווערן ביי פראָסטע יידן, פאַר וועמען אַ פרשה חומש איז אַ גרויס געשעעניש.

ווי עס זאָל נישט זיין, מען האָט פאַר מיר קיין סעודה צום חומש־אָנהייבן נישט געמאַכט. בלויז דער מלמד איז געקומען שבת נאָכן שלאָף מיך פאַרהערן ביי מיין טאַטן.

דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע אַנטוישונג אין מיין קינדעריש לעבן. נאָך גרעסער איז געווען די בושה אין חדר, וואו די יינגלעך האָבן זיך מיט מיר גערייצט דערפאַר און געשפּאָט פון מיר.

—שיעלע קוטנער, מען האָט דיר נישט געמאַכט קיין סעודה, — האָבן זיי געזונגען און געטייטלט מיר מיט די פינגער אין די אויגן אַריין.

איך האָב געוויינט מיט ביטערע טרערן פאַר מיין פאָטער. ער האָט געלאַכט פון מיין קינדערשער טראַגעדיע.

— וועסט קאָנען בעסער לערנען פון זיי אַלע, — האָט ער מיר פאַר־זיכערט, — וועסט אויסוואַקסן אַ למדן, אַ צווייטער ר׳ יהושעלע קוטנער...

איך האָב נישט געוואָלט אויסוואַקסן קיין ר׳ יהושעלע קוטנער. איך האָב געוואָלט אַ סעודה, מיט שטיין אויפן טיש, מיט האַלטן אַ דרשה, מיט קריגן מתנות. וויפיל מיין פאָטער האָט נישט געווישט מיט זיין רויטער קעשענע־פאַטשיילע די טרערן פון מיינע אויגן, האָט ער זיי נישט געקענט אויסווישן.

## אַ טראַגעדיע צוליב דעם, וואָס מען האָט אין הימל פאַרביטן די יוצרות

אונדזער שטוב איז געווען אַן אומעטיקע, און איך האָב דעריבער פון קינדוויז אָן נישט ליב געהאַט די היים, נאָר די גאַס.

שולדיק אין דעם אומעט אין הויז איז, ערשטנס געווען די תורה, וואָס האָט אויסגעפילט יעדן ווינקל און געלייגט זיך שווער אויפן געמיט פון די מענטשן. עס איז געווען מער בית־המדרש ווי שטוב, אַ הויז פון גאָט, אַנשטאָט אַ הויז פון מענטשן; צווייטנס, איז שולדיק געווען אין דעם דער נישט־צוגעפּאַסטער זיווג צווישן טאַטע־מאַמע.

טאַטע־מאַמע וואָלטן געווען אַ צוגעפּאַסטע פּאָר, ווען די מאַמע וואָלט געווען דער טאַטע און דער טאַטע — די מאַמע. אָבער דער פאַל איז געווען פאַרקערט.

שוין אויסערלעך איז יעדער פון זיי נישט געווען צוגעפּאַסט צו זיין ראָלע. דער טאַטע איז געווען קליין־געוויקסיק, רונד, מיט אַ ווייך, צאַרט און שיין פּנים, מיט וואַרעמע בלויע אויגן, מיט פולע רויטע באַקן, מיט אַן אָפּגעטאָקטער קליינער נאָז, מיט ווייכע ווייבערישע הענט, אַזוי אַז ווען נישט זיין היפּשע רויטלעך־ברוינע באָרד און טונקעלע געקרייזלטע פּיאות, גע־לאָקטע ווי קאָרקנציערס, וואָלט ער אויסגעזען היפּש ווייבלעך און צאַרט. מיין מוטער איז געווען הויך־געוויקסיק, עטוואָס איבערגעבויגן, מיט קאַלטע, גרויסע, גרויע דורכדרינגלעכע אויגן, מיט אַ שאַרפער נאָז, מיט אַ לייכט אַרויסגערוקטן קין, קנאָכיק, שאַרף, פאַרשפּיצט. אַן אמתער מאַנסביל.

ווי פיזיש, אַזוי זיינען זיי אויך געווען גייסטיק שטאַרק פאַרשידן. מיין פאָטער איז, אמת, געווען אַ ייד אַ למדן און אַ מחדש; אָבער קיין גרויסער חריף איז ער נישט געווען. ער איז געווען מער מענטש פון האַרץ ווי פון מוח. ער האָט אויך געגומען זאַכן גוטמוטיק, און נישט ליב געהאַט אַריינ־צודרינגען צו־טיף אין ענינים. ער האָט בכלל נישט ליב געהאַט אָנצו־שטרענגען זיך צופיל. ער האָט אויך קיינמאָל נישט געצווייפלט אין זאַכן. ער האָט געגלויבט מענטשן און נאָך מער גאָט, זיין גלויבן אין גאָט, אין זיין תורה און אין צדיקים איז געווען ממש אָן אַ גרענעץ. ער האָט קיינמאָל נישט איבערגעטראַכט גאָטס דרכים, נישט געהאַט קיין פּאַראיבל, נישט געוואוסט פון קיין ספקות. עס איז געגנוג געווען, אַז אַזוי איז געשריבן אין דער תורה. אויך אין פּרנסה־זאַכן האָט ער זיך נישט געזאָרגט. ער

האָט זיך פאַרלאָזט אויף גאָט, אַז ער וועט אים שוין שפּייזן, ווי ער שפּייזט אַלע זיינע ברואים, פון וויזל־טיר ביז דעם קלענסטן באַשעפעניש׳ל. זיין בטחון האָט דערגרייכט ביז נאַאיוויטעט.

— ס׳עט שוין זיין, מיט גאָטס הילף, רעכט, — איז געווען זיין באַליבט וואָרט יעדעס מאָל, ווען עס איז געווען שלעכט.

ער האָט פיינט געהאַט דאגות, נישט געקענט פאַרטראָגן טראַכטענישן און זאָרגענישן.

מיין מוטער איז, ווי איר פאָטער, דער בילגאַרייער רב, געווען אַ גרויסע בעל־תכליתניצע, אַ זאָרגערין, אַ צווייפלערין, אַ קאָפּ־מענטש, וואָס האָט תמיד געטראַכט, אַריינגעדרונגען אין זאַכן, פאַראויסגעזען זאַכן, ליב געהאַט צו פאַרטיפן זיך אין ענינים, אַרויפוואַרפן אויף זיך דאגות, טראַכטן וועגן מענטשן, וועגן דער וועלט, וועגן גאָט און זיינע דרכים, פאַרטיפן זיך אין יעדער זאַך. מיט איין וואָרט: זי איז געווען דורכאויס אינטעלעקטואַל, אַ יידענע מיט אַ מאַנסבילישן קאָפּ.

זי האָט מיין פאָטער ליב געהאַט, און ווען ער פלעגט אַמאָל דערפילן זיך שוואַכלעך, פלעגט זי אים „פילנעווען״, אָוועקגעבן ממש דעם לעצטן ביסן פון איר אייגן מויל. אָבער זי האָט אים נישט געקענט מוחל זיין זיין קינדערישן בטחון און לייכטזיניקייט און דאָס נישט האָבן קיין עול אויפן קאָפּ און נישט טראַכטן וועגן אַ תכלית פאַר ווייב און קינדער. ביי קיין פאַל האָט זי אים נישט געקענט מוחל זיין דאָס, וואָס ער האָט נישט געוואָלט באַלייגן קיין עקזאַמען און ווערן רב אין אַ גרעסערער קהילה, וואו ער וואָלט געקענט האָבן כבוד און פרנסה, נאָר ער האָט זי אַראָפּגעבראַכט צום פאַרוואָרפענעם העק לענטשין, וואו זי האָט געמוזט לעבן אין דחקות, אין אומעט, פאַרוואָרפן פון איר בילגאַריי און פאַרשטעקט צווישן פּראָסטע דאָרפישע אומוויסנדיקע ווייבער, מיט וועמען זי האָט קיין וואָרט נישט געקענט אויסרעדן.

אויף וויפיל זי האָט זיך נישט באַמיט צו זיין פריינדלעך מיט די ווייבער, האָט זי נישט געקענט אָנקניפּן קיין אמתע פריינדשאַפט. די ווייבער האָבן גערעדט וועגן קאָכן, שפּייז, קליידער און וועגן אַלערליי אַנדערע ווייבערשע ענינים, אין דער צייט ווען מיין מוטער איז געווען פאַראינטערעסירט אין העכערע ענינים. אירע באַליבטע ספרים זיינען געווען דער „חובת הלבבות״, דער „מסילת ישרים״, דער „ראשית חכמה״, דער „בחינות עולם״, דער „ספר הישר״ און אַנדערע. זי האָט אויך אָבער און ווידעראַמאָל געלערנט תורה, נביאים און כתובים, וואָס זי האָט געקענט אויסנווייניק. מיין פאָטער, אַ חסיד, איז קיין גרויסער בקי אין נביאים און אין כתובים

נישט געווען. ער האָט בלויז געדענקט יעדן פסוק אין תורה, און יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט דאַרפן וויסן וואו צו געפינען אַ פסוק אין אַט די ספרים, האָט ער געפרעגט מיין מוטער און זי האָט אים געזאָגט גענוי אין וועלכן קאַפּיטל עס געפינט זיך. זי האָט אויך ליב געהאַט צו לערנען די מאָדערנע ספרים, וואָס האָבן זיך פאַרוואַלגערט ביי אונדז, ווי: „ספר הברית", וואָס איז אַ געמיש פון וויסנשאַפט און בבא־מעשיות; „שבילי עולם", „יוסיפון" און ענלעכע אַזעלכע ספרים. זייענדיק פאַרנומען מיט לומדות, האָט זי דעריבער גאָרנישט געהאַש וועגן וואָס צו רעדן מיט די ווייבער. קיין גרויסער בריה אין זאַכן איז זי אויך נישט געווען. ביי איר פאָטער אין הויז האָט זי קיינמאָל נישט געקאָכט, נישט גענייט, נישט געראַמט, און ווען זי האָט עס געמוזט טאָן ביי זיך, האָט זי עס געטאָן אָן קענטעניש, אָן חשק, ווי אויף יוצא צו זיין. מיין פאָטער האָט זיך קיינמאָל נישט געקלאָגט אויף די מאַכלים, וואָס זי האָט אים דערלאַנגט; אָבער איך פלעג מערקן, אַז ער האָט זיי נישט איבעריק ליב געהאַט. אַפילו איך, אַ קינד, מיט אַ היפשן אַפּעטיט, האָב פונדעסטוועגן געפילט, אַז אַנדערע ווייבער קאָכן בע־סער ווי מיין מאַמע. יעדעס מאָל, ווען מיין פאָטער פלעגט מיך מיטנעמען אויף אַ ברית, צי אויף אַן אַנדער שמחה, האָב איך ערשט געפילט ווי באַטעמט עס קענען זיין געפילטע פיש, צי געפרעגלטער מייערן־צימעס, געבראָטן פלייש און נאָך אַזעלכע זאַכן. איך האָב עס איינמאָל געזאָגט מיין מוטער פרייטיק־צו־נאַכטביים טיש. מיין פאָטער האָט מיך געהייסן שווייגן, אָבער איך האָב באַמערקט ווי ער האָט בשעת־מעשה געשמייכלט, ווי ער וואָלט אויך געפילט דאָס אייגענע. כדי צו פאַרגלעטן די זאַך, האָט ער גענומען איבערזאָגן מיין מוטער אַ חידוש אויף דער פרשה פון דער וואָך, וואָס איז אים איינגעפאַלן. מיין מוטער האָט אויסגעהערט, אָבער קיין גרויס באַגייסטערונג האָט זי נישט אַרויסגעוויזן. וויפיל חידושים עס זיינען געווען אויף תורה אין די צוויי און דרייסיק פירושים פון אונדזערע חומשים, האָט זי זיי אַלע געקענט, און זי איז נישט נתפעל געוואָרן אַזוי גיך פון אַ נייעם חידוש. מיין פאָטער איז געווען אַ בעל־מאריך, ער האָט ליב געהאַט אויסצוטייטשן אַ זאַך מיט אַ סך ווערטער, אָפטמאָל איבערחזרנדיק די זעלבע זאַך איינינקע מאָל. דאָס איז געווען זיין שטייגער אי אין לערנען, אי אין טאָג־טעגלעכע זאַכן. דערביי פלעגט ער האָבן אַ טבע צו זאָגן „פאַרשטייט איר מיך", אַפילו ווען ער האָט גערעדט צו עמעצן, וועמען ער האָט געזאָגט „דו". מיין מוטער, ווידער, איז אַלעמאָל געווען קורץ און שאַרף, אַ רענדל אַ וואָרט, און יעדע אויסטייטשונג און אריכות איז איר געווען דערווידער.

— כ׳הער, כ׳הער, — האָט זי געזאָגט מיט אַ לייכטן אומגעדולד און קיין שפּור פון התלהבות נישט אַרויסגעוויזן, ווייל יעדע התלהבות איז איר געווען פרעמד, און זאָגן דאָס, וואָס זי האָט נישט געפילט, האָט זי נישט געקענט. דער אמת איז ביי איר דערגאַנגען ביז דער העכסטער שטופע. און ווען זי האָט נישט געקענט זאָגן דעם פולן אמת, האָט זי בעסער געשוויגן. מיין פאָטער, דער ענטוזיאַסט, וואָס האָט ליב געהאַט זאָגן אַנדערע מענטשן גוטס און הערן גוטס, האָט זיך דערפילט אומהיימלעך פון מיין מוטערס שווייגן און שאַרפן בליק פון אירע גרויסע גרויע אויגן, וואָס האָבן געזען מענטשן דורך און דורך. ער פלעגט דעריבער איבערגיין צו זיינע זמירות.

„יה ריבון עלם ועלמיא", פלעגט ער זינגען מיט ברען די קבלהיסטישע זמירות, וואָס זיינען געווען צוגעפּאַסט צו זיין געמיט.

נאָך צוריקגעהאַלטענער איז מיין מוטער געווען מיט פרעמדע מענטשן. די פּראָסטע שטעטלשע ווייבער האָבן ליב געהאַט צו באַרימען זיך מיט זייערע טאַטעס און זיידעס, וואָס זיינען געווען איינגייער ביי פּריצים, מיט אַ מלמד אָדער אַ שוחט אין דער משפחה, און זיי האָבן דערוואַרט פון דער רביצין התפּעלות פאַר זייערע מעלות און הערן וועגן איר יחוס און אירע מעלות. אָבער מיין מוטער האָט דאָס רוב געשוויגן. אַזוי האָט זי זיך נישט געקהלט אויף חתונות און בריתן, נישט געפירט די גרענדע אויף שול־פירעונישן און אַנדערע שמחות, אויף וועלכע די ווייבער, זיצנדיק אין זייערע באַזונדערע חדרים, אָפּגעזונדערט פון די מענער, האָבן געפירט טיש מיט אַלע פּיטשעווקעס, נישט אָפּצושטיין פון די מאַנסבילן ביי זייערע טישן. די ווייבער האָבן זיך דערפילט אומהיימלעך מיט איר, אַנטוישט און פרעמד. דאָס האָט אויסגענוצט אַ יידענע, וואָס מען האָט זי גערופן די טרייטעלעכע, אויפן נאָמען פון איר מאַן, ר׳ טרייטעל. אָט די טרייטעלעכע איז געווען אַ קורצע פעטע יידענע, ברייטער ווי לענגער, אַ שוואַרצע, אַ באַרעדעוודיקע. דערצו האָט זי זיך געהאַלטן פאַר אַ שטיק רביצין, ווייל איר פאָטער איז געווען אַ דיין אין אַ שטעטעלע מיטן נאָמען פּיאַנטעק. זי האָט דעריבער נישט אויפגעהערט צו דערציילן ניסים ונפלאות פון פאָטער אירן, דעם דיין אין פּיאַנטעק. וויפיל מאָל זי פלעגט אַריינקומען צו מיין מוטער, פלעגט מען הערן די גאַנצע צייט איין געשיכטע — פּיאַנטעק און פּיאַנטעק. אָט די יידענע האָט דעריבער געמומען פירן די גרענדע צווישן די שטעטלדיקע ווייבער, זי האָט געזאָגט דעות, געמישט זיך, אַרויסגעזאָגט מבינות, גע־פסקנט ווייבערשע שאלות, הגם זי האָט קוים געקענט דאַוונען, און אַזוי אַריינגענומען די ווייבער אין די קורצע פעטע הענט, אַז זי איז געוואָרן די

רביצין און מיין מוטער, די למדנית, האָט מען נישט געזען און נישט געהערט.

מיין מוטער פלעגט ליידן צוליב איר נישט קענען הויזן מיט מענטשן. זי איז געווען אַליין, עלנט, איינזאַם. חוץ דעם, האָט זי געוואוסט, אַז זי מאַכט אויך קאַליע די מערכה פון מיין פאָטער אין זיין רבנות, ווייל אַנשטאָט מאַכן פריינד, ווי אַ רביצין דאַרף, מאַכט זי שונאים. אָבער זי האָט נישט געקענט באַפריינדן זיך מיט מענטשן, וואָס זיינען איר געווען פרעמד. זי האָט פּרובירט באַקעמפן עס אין זיך, אָבער אָן דערפאָלג. די ווייבער פון שטעטל, גוטמוטיקע, פּראָסטע, דאָרפיש־געזונטע, האָבן נישט פאַר־שטאַנען, פאַרוואָס די רביצין צאָלט זיי נישט אָפּ מיט פריינדשאַפט פאַר פריינדשאַפט און זיי האָבן זי אָנגענומען פאַר אַ בעל־גאווהניצע, אַ גרויס־האַלטערין, וואָס אין דער אמתן איז זי עס נישט געווען אויף קיין האָר. פאַרקערט, זי איז ביי זיך תמיד געווען געפאַלן. זי האָט קיינמאָל נישט געהאַלטן פון זיך און געהאַט טענות צו זיך. זי האָט זיך אויך קיינמאָל נישט גערימט, נישט אַרויסגעוויזן קיין לומדות, נאָר גראָד באַהאַלטן זיך מיט דעם, וואָס זי האָט געקענט. מער ווי פון איר דחקות און מוזן טאָן אַרבעט אין הויז, צו וואָס זי איז נישט צוגעוואוינט געווען און קיין כוח נישט געהאַט דערצו, האָט זי געליטן פון איר עלנט אין דעם העק. איר איינזאַמ־קייט איז געווען נישט איבערצוטראָגן, און זי האָט דעריבער זיך נאָך מער פאַרטיפט אין די ספרים. זי האָט געלערנט אַלע ספרים, וואָס זיינען געווען אין מיין פאָטערס שטוב, פון מוסר־ספרים ביז אַלערליי דרוש־ספרים, מדרשים, עין־יעקב, און אַפילו קבלה־ספרים. ווען נאָר זי האָט געהאַט צייט, האָט זי זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט און געלייענט. פון צייט צו צייט פלעגט זי אַריינפאַלן אין אַ פרומער שטימונג און נישט אַרויסגעלאָזט דעם „שבט מוסר" פון דער האַנט. דער „שבט מוסר" איז געווען אַלט און געל און פול מיט סימנים פון טרערן, וואָס מיין מוטער האָט אַריינגע־וויינט אין אים. איך פלעג ייִנגלווייז אַמאָל אַריינקוקן אין אים, אין דעם עברי־טייטש טייל, וואָס איז געווען אונטער דעם לשון־קודש טעקסט. דאָס גאַנצע ספר איז געווען פול מיט מעשיות פון גיהנום, ווי מען בראָט דאָרט און מען ברענט און מען פרעגלט און מען לייגט אויף שטעך־בעטלעך די זינדיקע, וואָס היטן נישט אָפּ אַלע דינים און מצוות. דער מחבר פון „שבט מוסר" האָט זיך געפילט אַזוי היימיש אין גיהנום, אין אַלע זיינע ווענט און שטעגן און אָפּטיילונגען, ווי ער וואָלט דאָרט געבוירן און דערצויגן געוואָרן. און זיינע שילדערונגען וועגן די פּיין און ענויים־קשים, וואָס מען טוט דאָרט אָן די רשעים, זיינען געווען די פאַנטאַסטישסטע. גענוג אַז אַ פרוי זאָל פאַרגעסן און אָפּדעקן די ברוסט פאַר אַ מאַנסביל ביים אָנזייגן איר קינד,

אַז מ׳זאָל אין גיהנום זי אויפהענגען אויף אָנגעגליטע האָקנס אויף די בריסטן. פאַר איבערהיפּערן איין אות אין דאַווענען, בראָט מען אין פּייער, וואָס איז טויזנטער מאָל טויזנט הייסער ווי אונדזער פייער. אַפילו פאַר טראַכטן זינדיקע געדאַנקען ווערט מען אויפגעהאַנגען אויף דער צונג און געוואָרפן אין כף־הקלע פון איין עק וועלט ביז דעם צווייטן.

מיין מוטער פלעגט לערנען אויפן קול אויף לשון־קודש אָט די אַלע אכזריותן און זי פלעגט וויינען ביטער און באַדעקן די בלעטער מיט אירע הייסע טרערן. זי פלעגט זיין אַזוי פאַרטאָן אין אָט דעם „שבט־מוסר״, אַז זי פלעגט אַפילו פאַרגעסן אָפּצוקאָכן עסן אין שטוב. איך בין געווען אַ דם־שונא אָט דעם מחבר פון „שבט־מוסר״. איך האָב מיר אים אויסגע־מאָלט אַ בייזן שוואַרצן ייד מיט אַ נאָז פון אַ מכשפה, מיט אַ הויקער, אַ פאַרזעעניש, אַן אָפּגעריסענעם און אָפּגעשליסענעם פאַרשוין, וואָס הערט נישט אויף שילטן און זידלען און נאָכיאָגן מענטשן. איך האָב געהאָט חשק אים צוצערייסן אויף פּיצלעך, ווען איך זע אים. איבערהויפּט האָב איך אים נישט געקענט מוחל זיין דאָס, וואָס צוליב אים וויינט מיין מאַמע אַזוי אָפּט, און צוליב זיינע געשיכטעס וועגן די פּיין אין גיהינום פאַר איבער־היפּערן און דאַווענען. איך האָב גענוג געהיפּערט אין דאַווענען, וויפיל נאָר עס האָט זיך געלאָזט, און אויב פאַר איבערהיפּערן איין אות בלויז קומט אַזאַ שווערע שטראָף, איז דער גיהינום געווען צו־קליין פאַר מיר פאַר אי־בערהיפּערן גאַנצע זייטלעך.

פאַר כעס האָב איך אַמאָל גענומען מיין פאָטערס טינט און פעדער, מיט וועלכע ער פלעגט שרייבן זיינע חידושים, און אויסגעמאָלט אויפן שער־בלעטל פון אַ „שבט־מוסר״ אַ קאָמיש מענטשעלע, וואָס טוט גאָר־נישט קיין שיינע זאַך, און איך האָב געזאָגט מיין מאַמען, אַז דאָס איז דער „שבט־מוסר״. מיין מוטער איז פאַרביטערט געוואָרן.

— דער שבט־מוסר איז געווען אַ צדיק, — האָט זי געזאָגט. — מעק עס שוין אויס, ווייל ס׳איז אַ זינד צו שרייבן אויף ספרים.

אַלץ איז געווען אַ זינד: זאָגן אויף מאיר דעם מלמד, אַז ער איז אַ משוגענער, איז געווען אַ זינד; כאַפּן פליגן אום שבת, איז געווען אַ זינד; לויפן איז געווען אַ זינד, ווייל עס איז נישט מעשה־ייד, נאָר מעשה־שייגעץ; שלאָפן אָן אַ יאַרמעלקע, אַפילו אין דער הייסטער זומער־נאַכט, איז געווען אַ זינד; אָנשפּאַרן זיך אויף די קניען אויף אַ בענקל, איז געווען אַ זינד; אויסמאָלן מענטשעלעך, איז אַ זינד. וואָס מען האָט נישט געטאָן, איז געווען אַ זינד. ליידיק־גיין איז אוודאי געווען אַ זינד.

— וואָס גייסטו אַרום ליידיק? — האָט מיך מיין פאָטער געמוסרט

יעדעס מאָל וואָס ער האָט מיך געזען זיך שפּילן. — אַ ייד טאָר נישט אַרומגיין ליידיק, נאָר בעסער לערנען.

דער „ייד“ איז געווען אַ קינד, וואָס האָט צען שעה אַ טאָג זיך געשטיקט אין אַ חדר, אָבער דאָס איז נאָך אַלץ געווען ווייניק. אַפילו די עטלעכע פרייע שעהן האָט ער געדאַרפט זיין פאַרנומען מיט תורה. די תורה איז געלעגן ווי אַ משא אויף אונדזער הויז. פון איין זייט האָט מיין מוטער תמיד געלערנט תורה. פון דער צווייטער זייט האָט מיין פאָטער געלערנט תורה. גאַנצע טעג פלעגט ער זיצן אין זיין סאַמעטענעם וואַטענעם שלאָפראָק און לערנען אָדער שרייבן חידושים. ער האָט געשריבן די חידושים זיינע אויף בויגעלעך פאַפּיר, אויף העפטן, און מער פון אַלץ אויף די גליונות, די ברעגען פון די בלעטער, פון אַלע ספרים. אומעטום זיינען געווען אָנגעשריבן זיינע קליינע פּערלדיקע רבנישע אותיותלעך, געשריבן אין אויסגעבויגענע שורות, ווי האַלבע בויגנס. דערביי האָט ער אויסגעטרונקען ימים מיט טיי און געפּיפּקעט די ליולקע, אַ לאַנגע ליולקע מיט אַ גרויסן קאָפּ. בלויז ווען די ליולקע האָט זיך אים פאַרשטאָפּט, פלעגט ער בעטן ביי דער מאַמען אַ האָר־נאָדל פון איר העל ציגן־האָר־שייטל און אויסרייניקן דעם לאַנגן ציבעק.

און אַפילו אום שבת, אין טאָג פון מנוחה, איז נישט געווען קיין אָפּרו פון דער תורה און אירע געזעצן. פאַרקערט, דער שבת איז נאָך געווען מער פיין ווי אַ גאַנצע וואָך. אמת, מען איז נישט געגאַנגען אין חדר, וואָס דאָס איז געווען אַ גרויסע ישועה (איך בין געווען זיכער, אַז גאָט האָט געמאַכט דעם שבת און יום־טוב, כדי יידישע ייִנגלעך זאָלן נישט דאַרפן גיין אין חדר). אויך האָט מען געגעסן פיש און פלייש און צימעס און געטרונקען ראָזשינקע־וויין. אָבער דער שבת אין אונדזער הויז איז נישט געווען אַזאַ פרייליכער און גוטער, ווי אין אַנדערע שטובן. מיין מוטערס פיש זיינען נישט געווען איבערייקנס באַטעמט, דער צימעס נישט צוגעברוינט, דאָס פלייש נישט זאַפטיק. אויך פלעגן מיר קיינמאָל נישט נעמען אַהיים אַ זעלנער פון נאָענטן פאָרט, ווי אַנדערע באַלעבאַטים פלעגן אַהיימנעמען אַזעלכע געסט צום טיש. מיין קנאה צו די ייִנגלעך, וואָס האָבן געהאַט אַ זעלנער ביים טיש, איז געווען אָן לשער. שוין דאָס זען לעבן זיך אַ זעלנער, אָנרירן זיינע עפּאָלעטן, קנעפּ, איז געווען אַ גרויסער תענוג. דערצו נאָך פלעגן אַזעלכע סאָלדאַטן דערציילן אַלערליי וואונדערלעכע מעשיות פון רוסלאַנד, פון וואַנען זיי פלעגן קומען, געשיכטעס פון דער אַרמיי, פון אָפיצערן און אָפיצערשעס. טייל פון זיי זיינען אויך געווען מנגנים. מיין פאָטער האָט קיינמאָל קיין זעלנער נישט גענומען, ווייל

מערסטנס פלעגן זיי גיין מיט געגאָלטע בערד און עסן טריפות, און ער האָט נישט געוואָלט האָבן קיין „גאָלעבראָדניק" און „טריפהניאַק" ביי זיין טיש. בלויז איינמאָל האָט מיין פאָטער יאָ אַהיימגענומען אַ זעלנער; אָבער דאָס איז געווען אַ ישיבה־בחור מיט אַ בערדל, אַ שלים־מזלדיקער זעלנער, אויף וועמען דער אוניפאָרם איז געהאָנגען און געשוואומען, און דערצו האָט ער נישט דערציילט קיין פריילעכע מעשיות, נאָר פּעק מיט צרות, וואָס ער האָט אויסצושטיין אין פּאָלק פאַר זיין נישט וועלן עסן קיין טריפות פון קעסל און נישט אַרבעטן אום שבת. ווען ער האָט אויפגעהערט קלאָגן איבער זיין גורל, האָט ער געשמועסט אין לערנען מיט מיין פאָטער. זיין זעלנערישקייט האָט קיין ברעקל טעם פאַר מיר נישט געהאַט.

די פרייטיק־צו־נאַכטן זיינען נאָך געווען צו דערליידן. אָבער דער שבת אין דער פרי פלעגט זיין פאַר מיר אַן אָפּקומעניש. מיין פאָטער פלעגט אויסטרינקען אַ גאַנצע „באַניע" מיט טיי, וואָס מען פלעגט שטעלן ביים בעקער אין אויווען אויף שבת, און לערנען, לערנען און לערנען, און גאָר־נישט געטראַכט וועגן גיין דאַווענען. אין אונדזער בית־המדרש האָט מען געדאַוועט צוויי מאָל. די פראָסטע יידן, די אַזוי־גערופענע „מתנגדים", האָבן זיך געשטעלט דאַווענען אַכט אין דער פרי. זיי האָבן תמיד געשיקט אַ שליח צו מיין טאַטן:

— רב, מיר בעטן איך צום דאַווענען.

דער טאַטע האָט תמיד געענטפערט דאָס אייגענע:

— אַ יישר־כוח, שטעלט זיך דאַווענען אָן מיר.

ווען די „מתנגדים" האָבן אָפּגעדאַוונט, איז שוין געווען האַלב עלף אַזייגער. די חסידים האָבן געשיקט אַ שליח נאָך מיין פאָטער, ער זאָל קומען צום צווייטן דאַווענען, אָבער מיין פאָטער פלעגט נאָך אַלץ נישט זיין גרייט צום דאַווענען. ער איז נישט געווען פאַרטיק מיט זיינע „בקיות", נישט מיט זיין לערנען תיקוני־זוהר, מעביר זיין די סדרה און אָן אַ שיעור אַנדערע תפילות, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן און זאָגן. מערסטנס פלעגט ער קומען צום לייענען די תורה. ערשט ווען אַלע יידן זיינען שוין אַהיימגעגאַנגען, האָט ער גענומען דאַווענען אַליין פאַר זיך, אַרום־גייענדיק הין און צוריק איבער דעם פוסטן בית־המדרש און פּאַטשן מיט די הענט און פאַרגיין זיך אין התלהבות. דאָס איינזאַמע בית־המדרש מיט דעם אָנגעטריפטן חלב אַרום די ששה־נרות האָבן אָנגעיאָגט אַן אומעט. איך בין געווען הונגעריק נאָך פון באַלד אין דער פרי. מיט קנאה האָב איך געקוקט אויף די יינגלעך פון די פראָסטע יידן, וואָס זיינען נאָך דער פעטער סעודה שוין אַרויסגעגאַנגען אויף דעם פעלד לעבן בית־המדרש

שפּילן זיך. אָבער מיין פאָטער האָט נישט אויפגעהערט זאָגן און זאָגן. ער האָט געהאַט אַ ריזיקן סידור, וואָס עס האָט מסדר געווען ר׳ יעקב עמדין. אַט דער סידור האָט געהאַט אַ וועלט מיט תפילות, וואָס זיינען אין קיין אַנדער סידור נישט געווען, און מיין פאָטער פלעגט די אַלע תפילות זאָגן. איך בין געווען אַ דם־שונא דעם ר׳ יעקב עמדין, וואָס צוליב אים איז מיר צען מאָל אין טאָג דאָס האַרץ פאַרחלשט געוואָרן.

ווען מיר זיינען אַהיימגעקומען פון דאַווענען, איז שוין געווען האַלבער טאָג. דאָס טשאָלנט, נאָך וועלכן איך בין געגאַנגען צום בעקער, איז געווען אַרויסגענומען פון אויוון, ווייל דער בעקער־געזעלן האָט נישט געוואָלט וואַרטן אַזוי לאַנג. עס איז געווען קאַלט און קיין יידישן טעם נישט געהאַט. מיין פאָטער האָט געהאַלטן אין איין זינגען און זאָגן, און פאַרלאַנגט, איך זאָל אויך זינגען. איך האָב נישט געהאַט דעם מוט צו זינגען. ווי נאָר מען האָט אָפּגעבענטשט, האָט מיין פאָטער זיך אַריינגעלייגט אין זיין בעט, מיין מוטער אין איר בעט, און פאַרלאַנגט, אַז אויך איך זאָל אַריינגיין צום טאַטן אין בעט אַריין, ווי דער מנהג איז, אַז מען דאַרף שלאָפן שבת בייטאָג, כדי צו האָבן תענוג. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ גיהינום.

— אויב דו ווילסט זיך נישט לייגן, קוק אַריין אין אַ מוסר־ספר, — האָט מיין פאָטער מיר געגעבן אַן עצה.

איך האָב אַריינגעקוקט אין די מוסר־ספרים, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דעם הבל־הבלים פון דער וועלט, און איך האָב זיי געהאַסט דערפאַר. מיך האָט געצויגן צו שפּיל, צו די פרייע פעלדער, צו זון און ווינט און וואַסער און ייִנגלעך. די וועלט איז נישט געווען קיין הבל־הבלים, נאָר אומגעהויער שיין און פול מיט פרייד. יעדער בוים, יעדעס פערד וואָס האָט זיך געפּאַשעט אויף דער לאָנקע, יעדעס יונג לאָשאַקל, יעדער סטויג היי, יעדער בושל, יעדע גאַנדז מיט גענדזעלעך האָט מיך גערופן, אָנגעפילט מיך מיט שמחה, מיט לעבן און לוסט. איך האָב אָפּגע־וואַרט די ערשטע מינוט ווען טאַטע־מאַמע זיינען אַנטשלאָפן געוואָרן און ווי אַ גנב זיך אַרויסגעשלייכט פון דער תפיסה פון תורה, יראת־שמים און יידישקייט.

גיך, טאַטע־מאַמע זאָלן זיך נישט אויפכאַפּן און אָפּהאַלטן מיך, בין איך געלאָפן צו דער פרייער, אָפענער, זון־באַגאָסענער וועלט, וואָס אַלע צדיקים האָבן זיך פאַרלייגט אויף איר צו פאַרמיאוסן זי אין מיינע אויגן, אָבער זיי האָבן זי בלויז שענער און אָנציִענדיקער געמאַכט.

די ייִנגלעך אויפן פאַשע־פעלד הינטערן שטעטל האָבן מיך באַגעגנט ווי אַן אייגענעם.

## די מלחמות צווישן ישראל און עמלק שבת נאָכן טשאָלנט

מיינע חברים זיינען קיינמאָל נישט געווען די גוטע לייטישע יינגלעך פון די באַלעבאַטישע־חסידישע שטובן, נאָר די קינדער פון באַלמעלאָכעס, באַלעגאָלעס און סתם פּראָסטע לייט, מיט וועלכע איך, דעם רבס בן־יחיד, האָב על־פּי יושר נישט געדאַרפט זיין קיין מחותן.

שוין אין בית־המדרש פלעג איך זיך אָוועקכאַפּן פון דער מזרח־וואַנט, וואו מיין פאָטער האָט געהאַט זיין שטענדער לעבן חזן און די שיינע יידן, און צושאַרן זיך צו מערב־זייט, און טאַקע לעבן דער טיר, וואו עס האָבן געדאַווענט די עמי־הארצים, די פּראָסטע לייט, די סאַמע אומבכבודיקסטע.

וואָרים אויבנאָן, ביי דער מזרח־וואַנט, האָבן די יידן געהאַט אַ טבע פאַרן דאַווענען, נאָכן דאַווענען און בעת די הפסקות, צווישן מנחה און מעריב, צו רעדן אָדער וועגן תורה אָדער וועגן חסידות.ביידע זאַכן האָב איך געהאַט געגנוג. די יידן ביי דער טיר האָבן גערעדט וועגן קי, פערד, יאַ־רידים, געשלעגן, שריפות, מגיפות, גזלנים אין וועלדער, גיבורים וואָס האָבן אַ רייף אַרום ברוסקאַסטן, פערד־גנבים, זעלנער, ציגיינער און נאָך אַזעלכע זאַכן. ביי דער טיר פלעגן זיך אויך אויפהאַלטן אָרעמעלייט וואָס פלעגן אויסגיין אַ וועלט און דערציילן אָן אַ שיעור געשיכטעס און פּאַסירונגען. אַמאָל פלעגט אַריינפאַלן אַ יידישער זעלנער, אַ פּאַקנטרעגער, אַ דאָרפס־הענדלער פון אַ פרעמדער שטאָט. אויך פלעגן אָפט קומען צו פאָרן שטעטל־שע בחורים, וואָס האָבן געאַרבעט אין וואַרשע און מען האָט זיי גערופן געזעלן. זיי פלעגן צוריקקומען אָנגעטאָן אין פּאַפּירענע שטייפע קעלנער־לעך, הערצלעך און מאַנקעטן, מיט גלאַנציקע שיך, גענייט מיט פאַלשע שטעך. זיי האָבן דערציילט ניסים ונפלאות פון וואַרשע, וואו קאַרעטעס פאָרן אַרום אָן פערד, וואו מען צאַפּט וואַסער פון די ווענט, מען ברענט לאָמפּן אָן נאַפט און נאָך אַזעלכע וואונדער. איך פלעג שלינגען די רייד מיט מויל און אויערן צוגלייך מיט די באַלמעלאָכעשע יינגלעך. די גרעסטע הנאה האָבן מיר גע־האַט פון יוסף שניידערס קונדסערייען און שטיקלעך. אַ ייד מיט אַ באָרד, אַ טאַטע פון אַ פולער שטוב קינדער, האָט אָט דער יוסף שניידער ליב גע־האַט אַרומצושטיפן מיט יינגלעך און חברן זיך מיט זיי. צי דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס די גרויסע פלעגן אים תמיד מוסרן פאַר זיין גרינגן קאָפּ, פאַר זיין אַרומגיין פוסט־און־פּאַסט און נישט באַזאָרגן וויב און קינדער מיט

פּרנסה; צי דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס ער איז געווען נישט־דערבאַקן און געבליבן אַ ייִנגל ביי זיינע דרייסיק יאָר, — ווייס איך נישט. אָבער איך געדענק, ווי אָט דער ייִד מיט דער באָרד, אַ טאַטע פון קינדער, האָט זיך תמיד געהאַלטן צווישן חדר־ייִנגלעך און האָט אָפּגעאַרבעט די סאַמע נאַרישסטע קונדסערייען סיי אין בית־המדרש ביים דאַווענען, סיי אויפן פעלד, וואו ייִנגלעך האָבן זיך געשפּילט.

אין בית־המדרש פלעגט ער אויסרעדן אין מיטן דאַווענען, מאַכן אַלערליי העוויות און גרימאַסן, כדי צו מאַכן לאַכן די ייִנגלעך. ער האָט אויך פאַרקניפּט ביי ייִדן די ציצית אין די טליתים, און דווקא אין מיטן שמונה־עשרה. אַזוי האָט ער ביים פאַרוואַרפן דעם טלית אויפן אַקסל תמיד אַזאַ שטיקל געמאַכט, אַז ער האָט אַ שמיץ געטאָן עמעצן מיט די ציצית אין די אויגן; אָדער ביים אַרומהילן דעם טלית איבערן קאָפּ, האָט ער שוין אין איין וועג אַרומגעהילט נאָך אַ פּאָר פרעמדע קעפּ. ער פלעגט אויך רעדן נישט־כשרע רייד, אַנצוהערעניש וועגן חתונות און בריתן. ייִדן האָבן אים געזידלט, מבזה געווען, קיין עליה אים קיינמאָל נישט געגעבן, אַ חוץ שמחת־תורה אונטער איין טלית עם כל הנערים. זיין וויב פלעגט אים מאַכן שוואַרץ־שבת אויף דער גאַס, שילטן און זידלען אים פאַר זיין לײדיק־גיין, כאָטש ער איז געווען אַ גוטער שניידער, אַ בעל־מלאכה מיט גאָלדענע הענט. ער האָט זיך פון גאָרנישט נישט געמאַכט און אַרומגעפירט זיך מיט די חדר־ייִנגלעך און אָפּגעטאָן אַלערליי שקאָצערייען און שמד־שטיקלעך. עפּעס אַן אומדערשעפּלעכע שמחה און חשק צו שפּילן זיך איז געווען אין אָט דעם דערוואַקסענעם פליישיקען ייִד מיט דער געדיכטער טונקעלער באָרד און ברעמען, פון וואַנען עס האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר ממזרשע אויגן, פול מיט שפּאַס און קינדערשער צעשפּילטקייט. אַפילו אין די ימים־נוראים, ווען אַ פיש אין וואַסער ציטערט, האָט יוסף שניידער געמאַכט זיינע ליצנותן אין בית־המדרש. ער האָט איבערגעדרייט די ווערטער פון מחזור און פאַרוואַנדלט זיי אין די קאָמישסטע ייִדישע ווערטער, אָפּט נישט־כשרע. ער האָט ביים אויסגיין שמונה־עשרה אָנגעטראָטן עמעצן אויף די פיס, אָדער אָנשטאָט שלאָגן זיך על־חטא, האָט ער גאָר געשלאָגן על־חטא אַ שכן זיינעם. אַזוי פלעגט ער אויך נאָכשפּעטן די לומדים ווען זיי האָבן געלערנט אין בית המדרש, אײַבערדרייען די נעמען פון די תנאים אויפן קאָמישסטן שטייגער. ווען די כוהנים האָבן זיך געגרייט צום דוכענען, האָט ער זיי אָנגעגאָסן וואַסער אויף די זאָקן, באַהאַלטן זייערע אויסגעטועטע שטיוול. שמחת־תורה, פּורים און תשעה־באָב האָט ער געקערט וועלטן. נישט איינמאָל האָבן דערצאָרנטע

באַלעבאַטים אים אַרויסגעוואָרפן פון בית־המדרש אין מיטן דאַווענען, אָבער ער פלעגט צוריקקומען און ווידער פראַווען זיינע שטיקלעך.

מיין פאָטער פלעגט אַרויס פון די כלים יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט זיך כאַפּן, אַז איך געפין זיך ניט לעבן זיין שטענדער אויבנאָן, נאָר ביי דער טיר לעבן די שניידער און שוסטער־ייִנגלעך, וואו יוסף שניידער האָט געבור־שעוועט.

— שיעלע, וואו ביסטו? — האָב איך דערהערט זיין קול.

— שיעלע קוטנער, טאַטע רופט דיך, — האָבן יידן פון אַלע זייטן מיר געלאָזט וויסן, כאָטש איך האָב אַליין גאַנץ גוט געהערט דעם טאַטנס רוף, פול מיט פאָרוואורף.

איך האָב פאַר די זאַכן געהאַט אויסצושטיין אַ וועלט מיט מוסר און פאָרוואורפן, אָבער קיין שטראָף האָט מיך נישט געקענט אָפּהאַלטן פון צו־שאַרן זיך ווידער צו דער טיר. מיט נאָך מער חשק און ברען בין איך געלאָפן צום הפקר־פעלד הינטערן שטעטל, וואו יידן, וואָס האַלטן בהמות, האָבן דאָרט געפּאַשעט זייערע קי און פערד און ציגן, און ייִנגלעך האָבן דאָרט אָנגעפירט זייערע שפּילערייען.

דאָס פעלד איז געווען גרויס, צעטראָטן, אָפּגעגריזשעט פון פּאַשענדיקע בהמות, באַמיסטיקט מיט סימנים פון פערד, קי, ציגן און גענדז, אָבער פול באַגאָסן מיט זון און געפלעקלט מיט געלע און ווייסע פעלד־בלימע־לעך, פעכערלעך, מיט ווילדע געוויקסן, וואָס מיר האָבן גערופן משוגענע קאַשע, מיט גראָזן, וואָס האָבן וואַטע אין זיך, און מיט אַלערליי קרייטעכער פון יעדער פאָרם און קאָליר. באַלעבאַטים פון בהמות זיינען געלעגן אויס־געלייגט אויפן פעלד, מערסטנס מיטן פנים אַראָפּ, און געשמאַק געשלאָפן אויפן פרייען פעלד. זייערע שבת־רוענדיקע פערדלעך האָבן זיך געפּאַשעט לעבן זיי, שפּרינגענדיק מיט געפּענטעטע פיס פון די אָפּגעגעסענע ערטער צו די גראָזיקע. קי האָבן געמעקעט צו זייערע קעלבלעך, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאַרשייט לויפן, פול מיט קעלבערנער התפעלות, קליאַטשעס האָבן געהירזשעט צו זייערע לאָשאַקלעך, וואָס האָבן זיך געיאָגט איבערן פעלד אין ווילדער שמחה. כאָטש די באַלעבאַטים זיינען געלעגן מיט די פנימער אַראָפּ, האָב איך לויט די שבתדיקע געהאַקטע קאַפּאָטעס זייערע דערקענט ווער עס איז ווער. אַזוי האָב איך געוואוסט, אַז די ברייטע פּלייצעס, וואָס צעשפּאַרן שיעור נישט די נעט פון דער שבתדיקער קאַפּאָטע, געהערן צו הערשל אַרענדאַר, וואָס ביי אונדז האָט מען גערופן אַזעלכע מיט דעם נאָמען „שווייגער". דאָס ליגט ער און שלאָפט זיין שבת־שלאָף נאָך אַ וואָך שווע־רער אַרבעט ביים פירן קיין וואַרשע זיין מילכיקס. זיינע פּאָר פערד,

אַזעלכע ברייטע און קרעפּטיקע ווי ער אַליין, פּאַשען זיך דערלעבן. אַ ביסל אָפּגערוקט פון אים ליגן אַ פּאָר טוכענע הויזן, אַ ווייס העמד און אַ קליין ציצה־כנפותל, אָן אַ קאַפּאָטע. כאָטש מען זעט נישט קיין פּנים, און דער הינטערשטער טייל קאָפּ איז פאַרדעקט מיט אַ קליין טוכן היטעלע, האָב איך גאַנץ וואויל געוואוסט, אַז דאָס איז לייבוש בעקער, וועמעס געלע באָרד איז תמיד געווען פול מיט מעל. אַזוי פול מיט מעל איז אויך געווען דער „קאַשטאַן” זיינער, וואָס האָט געשמאַק געגעסן גראָז פון דער הפקרדיקער לאָנקע. אין אַ זייט ליגט יצחק שפּיליטער, וואָס מען רופט אים מיטן נאָמען „סאַמאָוואָליע”, ווייל ער האָט אָפּט ליב צו באַנוצן אָט דאָס וואָרט, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט אין דער צייט, ווען ער האָט געדינט פּאָניען. ער איז אַ דאַרער אויסגעמוטשעטער ייד פון שווערער אַרבעט ביי פירן סחורות פון וואַרשע פאַר סוחרים און קרעמער. אַזוי איז אויסגעמוטשעט זיין פערדל, וואָס איז באַדעקט מיט שטויב און מיסט און האָט תמיד פאַרקלעפּטע נאָז־לעכער. כאָסקל בעקער ליגט נישט אויפן גראָז, ווייל ער דאַוונט אַמאָל שחרית פאָרן עמוד און דעריבער שטייט אים נישט אָן אַזאַ זאַך. אָבער זיין פערד פּאַשעט זיך אונטער דער השגחה פון זיין זון נתן־מאיר, אַ הויכער בחור מיט אַ דין־צוגעשוירן העל בערדעלע און מיט לאַנגע געטאָקטע פּיס, איינגעפּאַסטע אין בלוילעך טוכענע הויזן און הויכע שטיוול מיט גלאַנציקע כאַליעוועס, ווי עס טראָגן אַזעלכע אָפּיצערן. אָט ליגט ער טאַקע איינגעגראָבן אין גראָז, פאַרדעקט דעם קאָפּ נישט מיטן היטל, נאָר מיט אַ קליין נאָז־טיכעלע, אויף יוצא־זיין. זיינע גלאַנציקע כאַליעוועס שפּילן זיך מיט דער זון. היפּשלעך אָפּגערוקט פון אים זיצט זיין הויכע, דאַרע, איבערגעבויגענע שוועסטער, נעכע, אַרומגערינגלט מיט אירע געגנדז און געגנדזעלעך, וואָס פּאַשען זיך אויפן גראָז. צווישן אַלע אירע שוועסטער, אַ מנין אַמווייניקסטנס, מוידן געזונטע און פריילעכע און שיינע, איז זי די איינציקע געבויגענע און קרענקלעכע און תמיד פּאַשעט זי געגנדז אין די זומערס. גאַנצע סטאַדעס מיט געגנדז פּאַשעט זי אויף דעם הפקר־פעלד, שלייסנדיק דערביי פעדערן. אַ קנאָכיקע, אַ שפּיציקע, מיט לאַנגע הענט און פּיס, זיצט זי אָן איבערגעבויגענע, אַרומגערינגלט מיט אירע געגנדז, גאָנערס און געגנדזעלעך, אַזוי אַז עס איז נישט צוצוקומען צו איר. ווי נאָר מען דערנענטערט זיך צו איר, הייבן די געגנדז און די גאָנערס אָן סיקען און יאָגן זיך מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער אוןביידע שנאָבלען. די קליינע געגנדזעלעך, מאַכן אַ געוואַלדיקן ויצעקו. די שניידער־געזעלן, וואָס מאַכן שפּאַס מיט מיידלעך, וואָגן נישט צוצוטרעטן צו נעכען, אין מורא פאַר אירע צאָרנדיקע געגנדז. שבת פליקט זי נישט קיין פעדערן. זי קלייבט אויך ניט

אויף די פעדערן, וואָס די געבנדז פאַרלירן אויפן פעלד, וואָס דאָס איז גע־ווינלעך איר אַרבעט אַ גאַנצע וואָך ביים זאַמלען פעדערן אויף בעט־געוואַנד צו אַ חתונה־אויסשטייער, וואָס זי וועט אפשר קיינמאָל נישט דאַרפן אין איר פאַרזעסנקייט. דערפֿאַר קנאַקט זי באַניע־קערן די גאַנצע צייט און האָלערט צו די געבנדז און געבנדזלעך אירע.

— נתן מאיר — וועקט זי אָפּט דעם שיינעם ברודער אירן — נתן מאיר, ס'פערד דערווייטערט זיך פון פעלד, יאָג עס צוריק . . .

נתן מאיר הערט נישט אין זיין זיסן שלאָף דער שוועסטערס רייד, אָבער די יינגלעך וואַרטן נישט ביז ער וועט צוריקיאָגן זיין פערד. זיי יאָגן עס שוין צוריק אויפן הפקר־פעלד, וואָס איז די יידישע מלוכה. איך לויף מיט און יאָג אויך כאַסקל בעקערס פערד, ווען עס ציט נאָר צו די גויאישע פעלדער.

אַלע יינגלעך פון פּראָסטן עולם זיינען דאָ אויפן פעלד. טייל פון זיי טראָגן זייערע שבתדיקע קאַפּאָטקעלעך, אָבער מערסטנס טראָגן זיי זייערע וואָכעדיקע כאַלאַטלעך און בלויז זייערע טוכענע היטלעך זיינען שבתדיקע. צוויי יינגלעך גייען אַפילו באָרוועס אום שבת. דאָס זיינען די ברידערלעך פּיוועשל און שלמהלע, די יינגלעך פון אָרעמסטן און נבזהדיקסטן ייד אין שטעטל, וואָס מען רופט אים הערשל סטאָק. קיינער פון די באַלעבאַטים וויל מיט אָט דער משפחה קיין עסקים נישט האָבן און פאַרווערן זייערע קינדער צו חברן זיך מיט פּיוועשלען און שלמהלען, וואָס מען רופט זיי פאַרצויגן נישט צוליב ליבשאַפט, נאָר אין איראָנישן זין. עס איז אויף זיי קיין סימן פון הייליקן טאָג נישט צו זען. זייערע כאַלאַטלעך זיינען צעריסן, זייערע הויזן צעפליקט, זייערע ציצה־כנפותלעך זיינען שוואַרץ פון שמוץ און אנשטאָט ציצית הענגען פון זיי צוזאַמענגעקלעפּטע צויטן. זייערע היטלען האָבן עטלעכע לעכער אין מיט קאָפּ, אַזוי אַז דורך זיי זעען זיך אַרויס די שטייפע שוואַרצע האָר פון די קעפּ. זייערע באָרוועסע פיס זיינען באַדעקט מיט בלאָטע, צעשניטן פון שטיקער גלאָז, אין וועלכע זיי האָבן אָנגעטראָטן. זייערע פּנימער און הענט זיינען תמיד צעביסן און צעדראַפּעט פון די אייביקע מלחמות, וואָס זיי פירן צווישן זיך אַליין און מיט יעדן, מיט יינגלעך ווי מיט שקצים. אָבער די יינגלעך מוזן זיך חברן מיט פּיוועשלען און שלמהלען און אַריינגעמען זיי אין קאָן, ווייל אויב נישט, שלאָגן זיי מכות־רצח. זיי זיינען אַזוי געשיקט אין שלאָגן זיך, אַזעלכע מזיקים און בריות, אַז זיי קאָנען אין צווייען זיך שטעלן קעגן אַלע יינגלעך אין אַ געשלעג. זיי זיינען הפקר־קינדער, וואָס קאָנען כאַפּן קלעפּ און געבן קלעפּ. זיי זיינען אויך גרויסע קינצלער אין שפּילערייען. זיי קאָנען

שטיין אויף די קעפּ, גיין אויף די הענט איבערן גאַנצן פעלד. זיי קאָנען שפּרינגען הויך איבער קלעצער, איבער די ברייטסטע קאַנאַוועס. ווען מען שפּילט זיך אין פערדלעך, לויפן זיי אַזוי שנעל, אַז קיינער קען זיי נישט דער־יאָגן. זיי האָבן אויך נישט קיין מורא פאַר קיין הינט, ווי מערסטנס יידישע יינגלעך; אַזוי האָבן זיי אויך נישט מורא פאַר די שקצים, וואָס פירן ביטערע מלחמות מיט די יידישע יינגלעך און ווילן זיי פאַרטרייבן פון הפקר־פעלד, וואָס איז פאַררעכנט פאַר דער יידישער מלוכה.

זיי גייען אָפּט נישט אין חדר, צוליב דעם וואָס דער פאָטער זייערער קאָן פאַר זיי נישט צאָלן פינקטלעך קיין שכר־לימוד און ר׳ מאיר מלמד שיקט זיי אַהיים, ווייל ער קאָן נישט „אָקערן אומזיסט מיט קיין גויים״. זיי זאָרגן זיך נישט איבעריק איבער דעם מלמדס שטראָף און לויפן אַרום פּוסט און פּאַסט ווי הפקר־הינט. אומעטום זיינען זיי פול. האַקט מען ביי עמעצן האָלץ, זיינען זיי די ערשטע אַוועקצונעמען די אָפּפאַלנדיקע שפּענער פון אונטער דער האַק. דאָס איז זייער חזקה און מען קאָן זיי נישט אַוועקיאָגן. בויט מען ערגעץ אַ הויז, טראָגן זיי אַוועק אַ ביסל שינדלען, אַ קלעצל, אַ ברעטל. זיי שפּרינגען אויך אַריבער איבער פּלויטלעך פון אַ גערטנדל און רייסן אויס אַרבעס־שויטן, גראָבן אויס קאַרטאָפל, מייערן, רעטעכלעך און וואָס גאָר עס לאָזט זיך. זיי וואַרפן מיט שטיינער אַראָפּ עפּל און באַרן פון פרוכט־ביימער. טאָמער פאַרגעסט עמעצער אַ האַק פאַר דער טיר, אַ „מאָטיקע״ צו גראָבן קאַרטאָפל אין פעלד, אַן עמער ביי אַ ברונעם, מעג מען זאָגן קדיש דערנאָך. כאָטש מען כאַפּט זיי קיינמאָל נישט ביי דער האַנט, ווייס מען שוין, אַז פייוועשל און שלמהלע האָבן עס אָפּגע־רוימט. פרייטיק גראָבן זיי אָן געל זאַמד און פאַרקויפן פאַר אַ גראָשן אַ קעסטל זאַמד צו שייַנע באַלעבאַטים, וואָס שיטן דערמיט אויס די פּאָדלאָגעס לכבוד שבת. ווען דער הינט־שלעגער קומט אין שטעטל כאַפּן הינט, העלפן זיי אים אין דער אַרבעט. אַפילו פייגל קאָנען זיי כאַפּן מיט שטריקלעך, וואָס אַזוינס קאָן קיין יידיש יינגל נישט. מיט איין וואָרט, זיי זיינען ביי זיך נישט אַראָפּגעפאַלן, ניט מיט זייער נאָמען, ניט מיט זייער קרוע־בלועה־דיקייט, נישט מיט זייער עם־הארצות און נישט מיט זייער אָרעמקייט. זיי שפּילן זיך אָדער שלאָגן זיך ווי צוויי פרייליכע שפּילעווודיקע הינט, אָט קושנדיק זיך און אָט בייסנדיק זיך. זיי פירן אויך די גרעסטע אויפן הפקר־פעלד ווען די יינגלעך קומען אַרויס אין אַ פרייער צייט אין מיטן דער וואָך און אין שבתים און ימים־טובים. צי מען שפּילט זיך אין באַ־העלטעניש, צי אין יאָגעלעך, אין זעלנער אָדער אין כאַפּעניש, אין פערדלעך, צי אין מלחמה, אומעטום זיינען זיי די ערשטע, די גרעסטע בריות, די אָנ־

פירער. מען מוז זיי פאָלגן, ווייל אויב נישט, ממיתן זיי. זיי האָבן אויך קנייפּערלעך, פויערישע מעסערלעך אַזעלכע, וואָס כאָטש זיי האָבן זיי נאָך אין קיין געשלעג נישט באַנוצט, האָט מען אָבער מורא, אַז זיי קאָנען זיי נוצן אַמאָל, און מען מיידט אויס מיט זיי זיך אָנצוהייבן. זייער געלעכטער איז פול און אָנשטעקנדיק, זייערע רייד פעט און אָנציענדיק, זייערע מעשות פון גזלנים און וואַלד־רויבער שיין און פאַנטאַסטיש, זייערע באַרימערייען וועגן זייער פאָטערס גבורות צינדן אָן יינגלערישע געמיטער. נאָך פאַר־ביקער זיינען זייערע מעשיות וועגן זייער עלטסטן ברודער, ירמיה, וואָס איז אַ בעקער־געזעלן אין וואַרשע און קומט אַהיים נאָר אויף פסח. זיי בעטן נישט קיין מוציא־חלה ביי אַ יינגל, וואָס האָט מיטגענומען פון דער היים שפּייז אין פעלד אַריין, נאָר זיי באַפעלן מען זאָל זיי געבן אַ שטיקל, און מען גיט זיי.

אָבער עס איז אַלץ ווערט צו האָבן זיי אויף אונדזער צד אין די מלחמות, וואָס מיר האָבן צו פירן קעגן די שקצים.

כאָטש דאָס הפקר־פעלד געהערט צום פּריץ כריסטאָווסקי, וואָס האָט עס אָפּגעגעבן די יידן פון שטעטל פאַר זייערע בהמות, קאָנען די שקצים פון די גויאישע פעלדער נישט ליידן, וואָס מיר, יידישע יינגלעך, פירן דאָ אָן אונדזערע שפּילערייען, און זיי באַפאַלן אונדז. זייער פירער, באַליעק, דער זון פון גויאישן שוסטער ראָסצאַק, וואַקסט תמיד אויס פּלוצלונג מיט זיין מחנה, באַגלייט פון עטלעכע הינט, און גרייפט אָן די מחנה פון ישראל. כאָטש זיין מחנה איז קלענער ווי די מחנה פון ישראל, באַזיגט ער אונדז, ווייל, ערשטנס, זיינען די שקצים גרעסערע שלעגערס; צווייטנס, האָבען זיי אַ פאָר הינט צו הילף, פאַר וועלכע יידישע יינגלעך ציטערן אימת־מוות. אָבער זיי גייען אַוועק מיט חרפה, ווען מיר האָבן מיט זיך פייוועשלען און שלמהלען. אָט די יינגלעך ווערן נישט נתפעל פון קיין שקצים, פון קיין הינט. זיי האָבן אויך אַ פעסטונג פאַר אונדז ביים געהילץ, וואָס ליגט אָנגעלייגט אויפן פעלד. ר׳ יהושע וואַלדהענדלער, דער נגיד פון שטעטל, האָט תמיד ליגן אויף אַ ליידיקן פּלאַץ אַ סך בוי־געהילץ, קלעצער, בעלקעס, ברעטער און שינדלען, אָנגעלייגט אין קופּעס. דער פּלאַץ צווישן געהילץ אין נישט קיין איבעריק ריינער, ווייל די באַלעבאַטים קומען דאָרט אַרויס פאַר זייערע מענטשלעכע באַדערפענישן, נישט געקוקט אויף אַלע טענות פון שטעטלשן נגיד. אָבער אָט דער נישט־ריינער פּלאַץ איז אַ זעלטענע פעסטונג קעגן די אָנגרייפנדיקע שקצים. פייוועשל און שלמהלע האַלטן תמיד דאָרט גרייט בערג מיט שטיינער, גרייט צו מלחמה, און יעדעס מאָל, ווען די שקצים באַפאַלן אונדז, שיצן מיר זיך אין דער פעסטונג, פון וואַנען מיר

וואַרפן שטיינער אויף דעם שונא. קיינער קאָן נישט וואַרפן אַ שטיין אַזוי ווייט און טרעפן אַזוי אין ציל ווי פּיוועשל און שלמהלע. זיי מאַכן אַן חורבנות אין די פיינטלעכע רייען. און אַפילו אַז די שקצים שיקן אַרויס זייערע הינט, ווערן די צוויי ברידער אויך נישט נתפּעל און באַגעגענען די כלבים מיט די בלויזע הענט, ווי זיי וואָלטן גאָר קיין קינדער פון ישראל נישט געווען. מיר שאַלן דערנאָך מיט גרויס יובל אונדזער זיג איבער עמלק און מיר לאַכן פון זייער געטער, מיר זינגען הויך:

דער גויאישער גאָט איז פון שטיין,
פיס האָט ער און קען נישט גיין,
הענט האָט ער און קאָן נישט רירן,
פיר שיקסעס מוזן אים פירן . . .

ווי אַ באַלוינונג פאַר זייער העלדישקייט גיבן מיר אַוועק די צוויי ברידערלעך אַלע מוציאס חלה און קיכלעך און קנעפּלעך און אַלערליי אַנדערע זאַכן. זיי נעמען אַלץ, ווי עס וואָלט זיי געקומען, זאָגן אַפילו קיין דאַנק נישט און לאָזן עס אַראָפּ אין די טיפע קעשענעס פון זייערע צע־פליקטע הויזן. אַלץ האבן זיי אין די טיפע קעשענעס שטיקער דראָט און טשוועקעס, שליסלען, קיזל־שטיינדלעך, אייזנדלעך, מעשענע הילזן פון אויס־געשאָסענע קוילן, וואָס זיי קלייבן־אויף אויף די שיס־פעלדער פון נאָענטן פאָרט, פאַרביקע שטיקלעך גלאָז און ווייכן קיט, וואָס גלעזערס באַנוצן ביים אַריינשטעלן שויבן, און שטיקלעך אָפּפאַל פון לעדער, און וואָס נישט. מער פון אַלץ פאַרלאַנגען זיי ביי אונדז מוציאס חלה, וואָס זיי עסן אויף מיט אַ וואָלפישן אַפּעטיט, און שוועבעלעך, וואָס זיי דאַרפן צום שיסן. זיי האָבן אייגענע „רעוואָלווערן", געמאַכט פון אַ שליסל, וואָס איז צוגעבונדן צו אַ טשוואָק. זיי פילן אָן דעם הוילן שליסל מיט שוועבל פון אָפּגעקראַצטע שוועבעלעך, זיי זעצן אַריין דעם טשוואָק אין שליסל־לאָך און גיבן אַ קנאַק אין אַ וואַנט, וואו נאָר זיי טרעפן אָן אַזעלכע. דער שוועבל שיסט אויס מיט אַ גוואַלדיקן קנאַל, אויסשפּייענדיק פייער און רויך. ווייבער ווערן דערשראָקן פון דעם קנאַל, עופות, הינט און אַפילו פערד דערשרעקן זיך און לאָזן זיך לויפן. דאָס איז זייער, די ברידערלעכס גרעסטער תענוג.

איך בין געווען דער איינציקער צווישן די בעל־מלאכישע יינגלעך מיט אַ סאַמעטן היטעלע, מיט אַ רבנישן זשופּעצל און מיט אַ פּאָר גרויסע העל־בלאָנדע פּאות, וואָס זיינען מיר נישט אַראָפּגעהאַנגען איבער די באַקן, ווי די פּיאות ביי מיין טאַטן, נאָר זיי זיינען געשטאַנען איבער די אויערן ווי צוויי בינטלעך פלאַקס. איך האָב מיך נישט אַריינגעפּאַסט צווישן דער חברה

באַלמעלאָכישע יינגלעך מיט געשוירענע פּיאות, טוכענע היטלעך און צייגענע כאַלאַטלעך. איך האָב אויך אָפּט געהאַט צרות איבער די פּיאות מיינע, ווייל יעדעס מאָל, וואָס איך האָב זיך צעשלאָגן מיט אַ יינגל, האָט יענער געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט מיך אָנצוכאַפּן ביי די בינטלעך פלאָקס און רייסן זיי מיט אַלע כוחות. די לאַנגע זשופּעצע איז מיר אויך געשטאַנען אין וועג ביים לויפן. איך האָב אויך געהאַט צרות צוליב מיין צונאָמען שיעלע קוטנער. איך האָב געוואוסט, אַז מיין אָרט איז נישט מיט אָט דער חברה שניידער און שוסטער יינגלעך, און אַוודאי נישט מיט פּייוועשלען און שלמהלען, וואָס זיינען געווען די חרפּה פון שטעטל. זיי האָבן אַפילו נישט אָפּגעהאַלטן זיך אום שבת פון רייסן גראָז, גראָבן גריבער אין דער זאַמדיקער ערד און הרגענען קרעטן, וועלכע זיי האָבן אויסגעפונען אין די באַהאַלטענע לעכער אין דער ערד און זיי אַרויסגעצויגן פון דאָרטן. איך האָב געוואוסט, אַז איך זינדיק דערמיט, וואָס איך בין מיט זיי, וואָס איך הער זייערע מיאוסע רייד, וואָס איך יאָג זיך אַרום אין הייליקן טאָג, שפּיל קליפּע, וואַרף שטיינדלעך און ריר אָן מוקצה־זאַכן; אָבער איך האָב מיך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן פון פאַרברענגען די פרייע עטלעכע שעה אויף גאָטס שיינער, זוניקער און פרייער וועלט.

צוריקקומען פלעג איך שפּעט, ווען די חסידים, וואָס האָבן געפּראַוועט שלוש־סעודות אין אונדזער הויז, האָבן שוין געהאַט אָפּגעדאַוונט מעריב און מיין פאָטער האָט זיך געגרייט צו הבדלה. ווי אַ פאַרברעכער פלעג איך זיך מיט מורא אַריינשאַרן אין שטוב, אַ צעהיצטער, אַ צעיאַכמערטער, אַ צעפלאַמטער פון אַ גאַנצן טאָג לויפן, שפּרינגען, יאָגען, מושטירן, שלאָגן זיך און וואויעווען. איך האָב קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרלייקענען מיינע מעשים, ווייל מיינע באַקן פלעגן ברענען ווי פייער פון לויפן. דאָס איז געווען מיין שוואַכע זייט, וואָס יעדער שפּיל איז מיר אַרויס אויפן פּנים און מיך פאַרמסרט. מיין פאָטער האָט געוואָלט וויסן, וואו אַ שטייגער איך האָב געדאַוונט מנחה. מילא מעריב האָב איך נאָך געקאָנט דאַוונען אַ גאַנצע האַלבע נאַכט, אָבער מנחה האָט מען מער נישט געטאָרט דאַוונען אַזוי שפּעט.

— מנחה? — האָב איך איבערגעזאָגט און פּרובירט זאָגן ליגן, אָבער עס איז נישט געגאַנגען.

מיין מוטער האָט געוואָלט וויסן, וואו איך האָב געגעסן שלוש־סעודות.

איך האָב טייער באַצאָלט פאַר מיינע עטלעכע שעה גליק. אמת, נישט מיט קלעפּ, ווייל מיין פאָטער האָט זעלטן אויפגעהויבן אויף מיר אַ האַנט; אָבער די שטראָף־רייד זיינען געווען ערגער ווי קלעפּ. און נישט

בלויז האָבן טאַטע־מאַמע געשטראָפט דערפאַר, וואָס איך לויף אַרום מיט די ערגסטע ייִנגלעך און ברענג דערמיט בזיונות אויף זיך און אויף טאַטע־מאַמע, נאָר אויך פרעמדע ייִדן האָבן מיך געמוסר׳ט.

— שיין, שיין פאַר אַ רבס אַ ייִנגל — האָט מען געטענהט — וואַקסט אַ תכשיט, שיעלע קוטנער . . .

מיין פאָטער פלעגט באַטראַכטן מיינע צעפּלאָמטע באַקן, דורך וועלכע ס׳גאַנצע בלוט האָט אַרויסגעקוקט, און ער האָט ביי קיין אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פון וואַנען עס נעמט זיך צו אים, אַ זון און אייניקל פון דורות רבנים, מחברים און צדיקים, אַזאַ יורש.

— רחמנא ליצלן! דער יונג האָט גאָר קיין צורה נישט פון קיין ייִד — פלעגט ער זאָגן צו דער מאַמען. — קוק אים אָן, דעם עשיו . . .

# אַ דייטש מאַכט אַן עלילת־דם און מען שמייסט אים לעבן באַד פאַר גאַנץ קהל אין די אויגן

ווי קליינע טייכלעך, וואָס זומער זיינען זיי פלאַך, נישט־אַנזעעוודיק, טריקענען אָפילו אויס אין די גרויסע היצן, נאָר צו פרילינג ווערן זיי פלוצלונג אָנגעשוואָלן, פאַרוואַנדלען זיך אין שטורמישע טייכן, וואָס רייסן אויף בריקן און פאַרפלייצן דערפער — אַזוי איז געווען דאָס קליינע שטעטעלע לענטשין, וואָס פלעגט לאַנג דרימלען אין לאַנגווייליקייט און אין מאָנאָטאָניע, ביז עס האָט פלוצלונג אויפגעריסן מיט אַ קנאַק.

דעם סאַמע ערשטן טומל אין שטעטעלע, געדענק איך, האָבן מיר געהאַט מיט אַן עלילת־דם. פאַרשטייט זיך, אַז ער איז אויסגעפאַלן פאַר פסח, ווען דער סעזאָן איז געווען פאַר די זאַכן. אָנגעהויבן האָט עס זיך צוליב דער מקוה.

אין אַ שיינעם טאָג צווישן פורים און פסח האָט דער בעדער, אַ הינקענדיקער ייד, וואָס האָט געהייסן מיטן מאָדנעם נאָמען „עבער", איינגעהייצט די מקוה, ווייל אַ ווייבל האָט געדאַרפט גיין טבילה. מיטאַמאָל האָט דאָס פייער זיך אַרויסגעכאַפּט פון אויוון און די מקוה האָט גענומען ברענען. ר׳ עבער האָט דעריבער גיך גענומען שעפּן עמערס וואַסער פון דער מקוה און געלאָשן די שריפה, איידער זי פאַרשפּרייט זיך. אַזוי ווי ער האָט צופיל וואַסער אויסגעשעפּט פון דער מקוה, האָט ער אָנגעגאָסן אין איר אַנדער וואַסער פון שכנהשן שטייענדיקן זומפּ, אין וועלכן קאַטשקעס פלעגן זיך טובלען. ווען מיין פאָטער האָט זיך צומאָרגנס דערוואוסט דערפון, האָט ער געאַסרט די מקוה, ווייל אין דער אויסגעשעפּטער מקוה איז נישט געבליבן גענוג קוועלנדיק וואַסער און דאָס אַריינגעגאָסענע זומפּ־וואַסער איז נישט כשר, אַז ווייבער זאָלן גיין דערין טבילה. וואָס עס איז געוואָרן מיטן ווייבל, וואָס האָט זיך געטובלט אין דער נישט כשרער מקוה, ווייס איך נישט. איך בין נאָך געווען צו יונג צו וויסן וועגן אַזעלכע זאַכן. אָבער איך ווייס יאָ, אַז מען האָט געדאַרפט אויסשעפּן די מקוה. אין איין וועגס האָט מען שוין געלייגט אַ נייע פּאָדלאָגע אויפן באָדן פון דער מקוה. וואָס אַזוינס עס איז דאָרט פאַרגעקומען מיט דער מקוה ווייס איך נישט, אָבער איך ווייס, אַז מען האָט זי געמוזט כשרן און דאָס כשרן האָט פאַרלאַנגט,

אַז מען זאָל אַריינגיסן אין איר מילך. אַזוי ווי די קי אין שטעטל זיינען אין דער צייט מערסטנס געווען קעלביק און קיין מילך נישט געגעבן, האָט מען געמוזט קויפן ביי שכנהשע פויערטעס עמערס מילך צו כשרן די מקוה. דאָס האָט ביי די גויים אַרום אַרויסגערופן גרויס חידוש. ווען די מקוה איז שוין געווען כשר, האָט מען זי אויך שוין אַ ביסל איבערגעפאַרבט און אָפּגעשמירט מיט רויטער פאַרב, אַזוי אַז די שקצים און די חדר־יינגלעך זאָלן נישט קאָנען זען דורך די שויבן ווי ווייבער גייען טבילה.

צו דער זעלבער צייט האָט מען אָנגעהויבן באַקן מצות ביי כאַסקל בעקער, און אַזוי ווי די חסידים אין שטעטל האָבן געוואָלט נוצן פאַר דעם פסחדיקן מעל „מים שלנו", דאָס הייסט אַזאַ וואַסער, וואָס מען שעפּט נאָך דעם ווי די זון גייט אונטער, האָבן זיי איינגעשפּאַנט אַ פערד און וועגעלע, אַרויפגעלייגט אַ פסחדיק פעסל דערויף און אַרויסגעפאָרן צום נאָענטסטן לויפנדיקן טייך און אָנגעשעפּט וואַסער דערין. געפירט האָט מען דאָס הייליקע וואַסער מיט גרויס פּאָמפּע. דאָס פעסל איז געווען איינגעהילט אין פסחדיקע טישטעכער און מען איז נאָכגעגאַנגען נאָכדעם מיט גרויס פייערלעכקייט. עטלעכע גויים האָבן נאָכגעקוקט מיט גרויס חידוש אָט די יידישע צערעמאָניע. צווישן די גויים, וואָס האָבן זיך געדרייט צווישן די יידן, זיינען געווען די צוויי שוואָבן־ברידער שמידט, אָרעמע דייטשן פון צווישן די דייטשע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן געוואוינט אין אונדזער געגנט. צווישן אָט די צוויי ברידער שמידט פלעגט אָנגיין אַ גרויסע קאָנקורענץ איבער דעם פּאָסטן פון אַ שבת־גוי. יעדער פון זיי האָט געוואָלט טאָן די אַרבעט פון אַראָפּנעמען די לייכטער, איינהייצן דעם אויוון, ווי אויך אָנצוהאַקן האָלץ אין באַלעבאַטישע יידישע הייזער. אָבער דער עלטערער ברודער שמידט, אַ גוי אַ ריז, מיט אַ פּוס וואָס איז ביי אים תמיד געווען אָנגעשוואָלן ווי אַ באַרג, האָט פאַרכאַפּט אַלע יידישע הייזער און דעם יינגערן ברודער זייגעם נישט צוגעלאָזט קיין גראָשן פאַרדינסט. יידן האָבן בעסער גענומען דעם עלטערן שמידט, ווייל ער האָט נישט מער גערעדט שוואַביש, ווי די אַנדערע דייטשע קאָלאָניסטן, נאָר יידיש מיט אַלע יידן צוגלייך. ער האָט אויך געקענט אַלע יידישע מנהגים און ימים־טובים און ער פלעגט אַפילו מאַכן די ברכה „שהכל" איבער יעדער גלעזל בראַנפן, וואָס מען האָט אים געגעבן. ער האָט אויך געוואוסט דעם דין פון יין־נסך, און ער פלעגט וואָרענען ווייבער, זיי זאָלן אַראָפּנעמען דעם קידוש־וויין פון טיש, ער זאָל אים נישט טריפה מאַכן מיטן אויג.

— ווייבער, באַהאַלט דעם וויין, — פלעגט ער וואָרענען הינטער דער טיר — אַן ערל גייט . . .

דער יינגערער שמידט האָט געהאַט אַ בייז האַרץ אויף די שטעטלשע יידן, וואָס זיי נוצן אים נישט פֿאַר אַ שבת־גוי, און ער האָט דעריבער גענומען פֿאַרשפּרייטן צווישן די גויים אַ געשיכטע, אַז די יידן האָבן פֿאַרנאַרט אַ קריסטלעך קינד אין מקוה, וואו גאַנץ קהל האָט זיך פֿאַרזאַמלט, צוזאַמען מיטן רב. דער שוחט, ר׳ איטשע, האָט דאָרט מיטן חלף דאָס קינד געשאָכטן און דער בעדער, עבער, האָט אַוועקגעטראָגן דאָס קריסטלעך בלוט אין אַ כלי צו כאַסקעלע בעקער, וואו מען האָט עס אויסגעמישט מיט הייליק וואַסער, וואָס מען האָט ספּעציעל געשעפּט אין טייך, און פֿאַרקנאָטן מצות. אָט די געשיכטע האָט ער פֿאַרשפּרייט נישט נאָר צווישן די שוואָבן אין די קאָלאָניעס, נאָר אויך אין די פּוילישע דערפֿער. די ידיעה האָט זיך גענומען טראָגן מיט אַ ווילדער גיכקייט פֿון דאָרף צו דאָרף. גראָד איז עס געווען ערב דעם קריסטלעכן פּסח, ווען די גויים זיינען באַזונדערס געווען אויפֿגעהעצט אויף די יידן פֿאַר קרייציקן זייער גאָט, און דאָס פּויערישע בלוט האָט אָנגעהויבן קאָכן. באַלד האָבן זיך געפֿונען יאַר־עדות, גויעס, וואָס האָבן אויך געזען ווי מען האָט פֿאַרנאַרט דאָס קריסטלעכע קינד. אין איינעם אַ טאָג איז יעקל דאָרפֿס־גייער, אַ ייד וואָס פֿלעגט אומגיין איבער די דערפֿער אויפֿקויפֿן חזיר־האָר, צוריקגעקומען אין שטעטל אַריין מיט אַן אָפּגענעם קאָפּ. דאָס האָבן אים גויים אין וועג צורעכט געמאַכט פֿאַר דעם קריסטלעכן בלוט. ווען לייבוש בעקער איז אַרויסגעפֿאָרן מיט זיין וואָגן ברויט אין די דערפֿער, האָט מען אים באַוואָרפֿן מיט שטיינער. ר׳ איטשע שוחט האָט מורא געהאַט זיך צו באַווייזן אין די דערפֿער אַרום, וואו יידן אַרענדאַרן האָבן אים אַרויסגערופֿן שעכטן אַ קעלבל אָדער אַן עוף. די גויים האָבן גערעדט, אַז אויף דעם יאַריד, וואָס פֿאַלט אויס פֿאַר פּסח, וועלן זיי קומען מיט שנייד־מעסערס און קוילן די יידן, וואָס טרינקען קריסטלעך בלוט.

יידן האָבן געלעבט אין גרויס פּחד. ביינאַכט האָט מען פֿאַרהאַקט טיר און טויער. די חשובע באַלעבאַטים זיינען אַוועק צום פּריץ כריסטאָווסקי זוכן שוץ. דער פּריץ, וואָס איז אויך געווען דער ריכטער, האָט געלאַכט פֿון דער גאַנצער געשיכטע. ער איז געווען אַן אַפּיקורוס, פֿלעגט קיינמאָל נישט גיין אין קירכע און פֿלעגט זאָגן די יידן, אַז יעדער וויל געלט, נאָר נישט דעם יויזל, ווייל ער האָט צוגענגלטע הענט . . . ווי אַ ריכטער, האָט ער אויך געוואָלט וויסן צי עס פֿעלט ביי עמעצן פֿון די קריסטן אַ קינד. ביי קיינעם האָט קיין קינד נישט געפֿעלט. דאָך האָבן די גויים געהאַלטן זיך ביי זייערס, אַז די יידן האָבן געקוילעט אַ קריסטלעך קינד. די לאַגע איז געווען אַ געפֿערלעכע. האָט דעריבער דער נגיד פֿון שטעטל, ר׳ יהושע

וואַלדהענדלער, איינגעשפּאַנט זיין ברישקע אין די פּאָר פערד, ער האָט אָנגעטאָן אַ ברייטע נגידישע בורקע מיט אַ קאַפּישאָן איבערן קאָפּ, און אַוועקגעפאָרן גיך קיין סאָכאַטשאָוו צום רוסישן נאַטשאַלניק פון שטאָט, ער זאָל אַראָפּקומען קיין לענטשין מיט סטראַזשניקעס און באַשיצן די יידן פון המון.

דער נאַטשאַלניק מיט דער רויטער באָרד האָט זיך נישט געאיילט. אָבער ר׳ יהושע האָט אים אַריינגערוקט אַ פעטע מטבע אין דער האַנט אַריין איז ער געוואָרן ווייכער. ער האָט זיך גלייך אַרויפגעזעצט אויף ר׳ יהושעס בריטשקע, געהייסן אַ צענדליק פּאָליציאַנטן אויפזעצן זיך אויף אַ וואָגן און געלאָזט זיך אין וועג. אָנגעקומען זיינען זיי ערב דעם יאַריד. אין שטעטל זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט גרופּעס פויערן. דער נאַטשאַלניק איז אַוועק צו דער מקוה, ביי וועלכער עס האָט זיך פאַרזאַמלט אַ המון פון גוים. אויך אַלע יידן זיינען געקומען. אַלע זיינע געשטאַנען מיט אָפּגע־דעקטע קעפּ פאַר דעם רויט־בערדיקן נאַטשאַלניק. מען האָט געבראַכט דעם דייטש שמידט, דעם ייִנגערן, און מען האָט אים גענומען אויספאָרשן.

דער שוואָב דערציילט גלאַטיק, מיט אַלע סימנים, ווי ער האָט אַליין געזען ווי עבער האָט געטראָגן אַן עמער מיט אַ רויטער פליסיקייט.

— וואו איז דער עמער? — האָט דער נאַטשאַלניק געפרעגט שטרענג.

— דאָס איז ער, ליכטיקער פּריץ — האָט עבער געזאָגט, ברענגענדיק מיט זיך דעם עמער, וואָס איז געווען רויט פון דער פאַרב, מיט וועלכער מען האָט געפאַרבט די שויבן.

דער נאַטשאַלניק האָט לאַכנדיק געוויזן דעם עמער דעם המון.

— פויערן, איז דאָס בלוט, צי פאַרב? — האָט ער געפרעגט.

— פאַרב, ליכטיקער האַר! — האָבן די פויערן געזאָגט.

— פעלט ביי עמעצן אַ קינד, פויערן? — האָט דער נאַטשאַלניק ווייטער געפרעגט.

— ביי קיינעם נישט, ליכטיקער האַר! — האָבן די פויערן געענטפערט אין אַ כאָר.

— ווי אַזוי האָט מען געקאָנט שעכטן אַ קינד, אַז אַלע קינדער זיינען לעבעדיק און געזונט, פויערן? — האָט דער נאַטשאַלניק געפרעגט.

— מיר ווייסן נישט, ליכטיקער האַר! — האָבן די פויערן געענטפערט דערשראָקן. — אָבער דער שוואָב שמידט האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַליין מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי די יידן האָבן דאָס קריסטלעכע קינד געשאָכטן, אין מקוה . . .

דער נאַטשאַלניק האָט אָנגענומען דעם לאַנגן דאַרן דייטש ביי די לאַצן פון אויסגעוואַקסן רעקל און אים דורכגעשאָקלט:

— וואָס האָסטו געזען, הינטישער זון? ווען האָסטו געזען? וואָס האָסטו געזען?

דער גוי האָט באַלד גענומען שטאַמלען. דער נאַטשאַלניק האָט אים דערלאַנגט אַ פייערדיקן פּאַטש, פון וואָס דער לאַנגער דייטש האָט זיך גלייך איבערגעקערט.

— פּאַסן וועל איך שניידן פון דיר, הינטישער זון, אַז דו וועסט נישט זאָגן דעם אמת! — האָט דער נאַטשאַלניק געדונערט.

דער דייטש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און גענומען שלאָגן זיך מיט די פויסטן אין האַרץ.

— כ'האָב אויסגעטראַכט, ליכטיקער האַר! — האָט ער געזאָגט וויינענדיק — ווייל זי גיבן מיר קיין אַרבעט נישט, די יידן. אַלץ גיבן זיי מיין ברודער און איך שטאַרב פון הונגער.

דער נאַטשאַלניק האָט אויסגעגליכט די בּרוסט, וואָס איז געווען באַדעקט מיט מעדאַלן.

— אין סיביר וועל איך דיך פאַרשיקן פאַר בונטעווען דאָס פאָלק!

— האָט ער געשריגן. — אין קייטן וועסטו ביי מיר פאַרפוילט ווערן, הינטישער זון! . . .

די סטראַזשניקעס זיינען געשטאַנען גרייט מיט שטריק צו בינדן דעם קניִענדיקן דייטש. אָבער דער נאַטשאַלניק האָט זיי געהייסן אַוועקלייגן די שטריק.

— אַריבערלייגן אים, דעם הינטישן זון, און אים אַריינציילן אַ טוץ שמיץ איבערן הוילן הינטן — האָט ער באַפוילן די סטראַזשניקעס — דער־נאָך קאָן ער גיין.

איידער מיר האָבן זיך אומגעקוקט, איז דער לאַנגער גוי געלעגן מיטן דאַרן נאַקעטן הינטן פאַר דעם גאַנצן המון.

— יעזוס! — האָט ער גערופן אין דייטש.

די סטראַזשניקעס האָבן מיט חשק אַראָפּגעלאָזט די „ראַפּניקעס" איבער זיין קנאָכיקן הינטן, ציילנדיק לאַנגזאַם די שמיץ.

דער נאַטשאַלניק האָט צו יעדער שמיץ צוגעלייגט אַ פּאָרציע מוסר.

— אַזוי וועל איך טאָן מיט יעדן, וואָס וועט בונטעווען דאָס פאָלק, ליגנס פאַרשפּרייטן — האָט ער געוואָרנט. — איך פאַרלאַנג, אַז עס זאָל זיין אָרדענונג אין מיין „אויעזד", פויערן.

קוים רירנדיק מיט די פיס, וואַקלענדיק זיך הין און צוריק, איז דער געשמיסענער שוואַב געגאַנגען אַהיים צו זיין געדונגענער שטוב, וואָס ער האָט געהאַט ביי אַ פויער. דער נאַטשאַלניק האָט שוין אויך באַזוכט דאָס בית־המדרש, די קראָמען, צו זען אויב ריייניקייט ווערט געהאַלטן אין שטעטל. נאָך קיינמאָל איז לענטשין נישט געווען אַזוי ריין, ווי דאָס מאָל. אויף גיך האָבן יידן פאַרדעקט מיט ערד דאָס אומריייניקייט אַרום די ווענט. ווייבער האָבן אויסגעשאָטן געל זאַמד פאַר די טירן, וואו זיי פלעגן אַ גאַנץ יאָר אויס־גיסן זייערע פאַמעשאַפּס. עבער דער בעדער, וואָס איז אויך געווען שמש פון בית־המדרשל, האָט צו דער צייט אויסגעקערט דעם מקום־קודש, אָפּגע־פוצט די ששה־נרות, די פאַררויכערטע לאָמפּ־גלעזלעך אויסגעווישט מיט דער פאָלע פון זיין כאַלאַטל. דער נאַטשאַלניק האָט זיך געאיילט צו גיין צום פריץ כריסטאָווסקי אויף מיטאָג. דערצו האָט ר׳ יהושע וואַלדהענדלער אים נישט אָפּגעטראָטן אויף קיין מינוט און אים געשמייכלט אין פנים אַריין, אַ סימן, אַז ער זאָל זיין גנעדיק און מען וועט צו קיין דין תורה נישט גיין. ער איז געווען גנעדיק, דער נאַטשאַלניק.

— אָרדענונג דאַרף זיין — האָט ער געוואָרנט, גלעטנדיק זיין רויטע באָרד.

בלויז איין מאָל האָט ער געפרעגט קשיות. פון דער אויספאָרשונג איז ער דערגאַנגען, אַז אין שטעטעלע איז דאָ אַ רב, און ער האָט געוואָלט וויסן ווי אַזוי דאָס קאָן זיין אָן דעם וויסן פון דער מאַכט, וואָרעם אָפיציעל געהערט די קהילה לענטשין קיין סאָכאַטשאָוו און זי פאַלט אַרונטער אונטער יענעם רב.

מיין פאָטער, מיט די פּיאות אַרונטערגעמאַכט אונטער די אויערן, ווייל אָפיציעל איז ער קיין רב נישט געווען און ער האָט דעריבער לויטן געזעץ נישט געטאָרט גיין מיט קיין רבנישע קליידער און פּיאות, איז גע־שטאַנען אַ דערשראָקענער. דערצו האָט ער קיין וואָרט גויאיש נישט פאַרשטאַנען, נישט רוסיש, נישט פויליש. ר׳ יהושע וואַלדהענדלער האָט פאַרענטפערט די זאַך.

— מיר רופן אים רב, ווייל ער קען פסקענען שאלות, אייער הויכגעבורט — האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין דעם רויט־בערדיקן נאַטשאַלניק. — קיין אָפיציעלע זאַכן טוט ער נישט. דערמיט פאָרן מיר צום רב אין סאָכאַטשאָוו... זאָל דער ליכטיקער פּריץ נישט זיין בייז דערפאַר. מיר קענען נישט פאָרן מיט אַ יידישער שאלה קיין סאָכאַטשאָוו, ווייל עס איז צו ווייט און דאָס עסן קאָן דערווייל קאַליע ווערן . . .

דער ליכטיקער פריץ האָט אַ ממזרישן קוק געטאָן אויף ר׳ יהושע וואַלדהענדלער; אַ קוק, וואָס האָט געזאָגט, אַז די זאַך איז נישט אינגאַנצן כשר, אַז דאָס איז יידישער שאַכער־מאַכער, אָבער אַז ער קאָן עס פאַרקוקן, אויב מען וועט גלאַטיק פאַרשמירן.

— דיין יידישע תורה מעגסטו לערנען וויפל דו ווילסט — האָט ער געזאָגט צו מיין פאָטער — אָבער קיין אָפיציעלע זאַכן נישט טאָן . . . דערפאַר וועל איך באַשטראָפן. פאַרשטאַנען ?

מיין פאָטער איז געשטאַנען אין דער בלויזער יאַרמעלקע און איז גע־ווען איין שטיק מורא.

קיינמאָל אין מיין קינדהייט בין איך נישט געווען אַזוי פאַרשעמט צוליב מיין פאָטער און זיין הכנעה. אָבער איך האָב עס גיך פאַרגעסן אין דעם פריילעכן פסח, וואָס יידן האָבן געפּראַוועט מיט אַ באַזונדער שמחה צוליב דעם גוטן אויסגאַנג פון עלילת־דם.

די פויערן, וואָס זיינען געווען גרייט אַלעמען אויסצוקוילן, האָבן צוריק גענומען האַנדלען מיט די יידן, ווי גאָרנישט וואָלט געשען.

אינגיכן זיינען אַנדערע געשעענישן געקומען.

## אַ ייִד אַ מלמד פֿאַרגלוסט זיך צו ווערן אַ מלאך אום פּורים און פֿאַרלירט, נעבעך, אַן אויג

יעדן זמן אויפֿסניי, חול־המועד סוכּות אָדער חול־המועד פּסח, בין איך געווען זייער האָפֿערדיק, וואָס מען האָט מיך געגומען פֿון איין מלמד און אָנגעדונגען צו אַן אַנדערן, גלייבנדיק, אַז דער נייער וועט זיין בעסער ווי דער אַלטער. יעדעס מאָל אויפֿסניי האָב איך זיך אַנטוישט אין מיינע האָפֿענונגען. די נייע זיינען מערסטנס נישט געווען בעסער ווי די אַלטע. די ערשטע עטלעכע טעג פֿון אַ נייעם זמן איז יעדער פֿון זיי געווען גוט, האַלטנדיק זיך, אַפּנים, ביים כּלל, אַז אַ נייער בעזעם קערט גוט. ווי נאָר די ערשטע טעג זיינען אַריבער, האָבן זיי באַוויזן ווער זיי זיינען.

ניין, אונדזער שטעטל האָט נישט געהאַט קיין מזל צו קיין לייטישע מלמדים. צי דאָס איז געווען דעפּאַר, וואָס לייטישע מלמדים פֿלעגן נישט קומען אין אַזאַ העק; צי דערפֿאַר, וואָס עס זיינען בכלל קיין לייטישע מלמדים נישט געווען, ווייל נאָר אַ שלים־מזל און אַ טויגעניכטס, וואָס האָט צו קיין אַנדער זאַך נישט געטויגט, איז צו יענער צייט געוואָרן אַ מלמד. ווי עס זאָל נישט זיין, האָב איך זייער שלעכטע דערפֿאַרונגען געהאַט מיט מיינע מלמדים.

דער ערשטער מלמד, ר׳ מאיר, איז געווען נישט ביי די קלאָרע גע־דאַנקען. די חדר־ייִנגלעך האָבן עס גלייך געזען און דערציילט וועגן דעם זייערע עלטערן, אָבער די עלטערן האָבן זיך נישט געמאַכט דערפֿון, וואָס קינדער רעדן, און ווייטער געלאָזט די דערציאונג פֿון זייערע זין אונטער דער השגחה פֿון אַ קראַנקן מענטשן.

שוין אין זיינע אויגן, די גרויסע, שוואַרצע און טרויעריקע, איז געלעגן אַ שווערע מעלאַנכאָליע, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט משוגעת. נאָך מער האָט עס דער מלמד באַוויזן מיט זיינע מעשׂים. ער פֿלעגט רעדן אָפֿט צו זיך אַליין, נוצנדיק דערביי משונהדיקע ווערטער מיט אַ ווילד קול, וואָס האָט דערמאָנט אין מיאַוקען פֿון קעץ. אין סאַמע מיט לערנען, פֿלעגט ער זיך פֿאַרטראַכטן, גלאָצן גלייך פֿאַר זיך, ווי ער וואָלט געזען פֿאַנטאַסטישע זאַכן, וואָס קיינער זעט נישט, און ווילד זיך פֿאַנאַנדערלאַכן, דערביי פֿלעגט ער אָפֿט אַרויסרעדן די זעלבע אומפֿאַרשטענדלעכע רייד.

— מיניוטין, מיקוטין . . . מיקוטין, מיניוטין . . .

מיר פלעגן זיך שיר נישט דערשטיקן פון געלעכטער פון אָט די משונהדיקע רייד, און מער נאָך פון דעם ניגון, מיט וועלכן זיי זיינען אַרויסגערעדט געוואָרן. אָבער מיר האָבן נישט געוואָגט צו לאַכן, ווייל מיר האָבן געוואוסט, אַז ר׳ מאיר איז אין אַ צערייצטן געמיט, ווען ער רעדט און לאַכט זיין משוגע געלעכטער. זיינע אַרומרייסענישן מיטן ווייב און דעם בן־יחיד כתריאל האָבן אין זיך געהאַט סימנים פון משוגעת. וואָס זיין ווייב האָט נישט געזאָגט, האָט אים אויפגערעגט, נישט אַזוי די רייד, ווי דער ניגון, מיט וועלכן זי האָט גערעדט. אַזוי פלעגט אים אויפרעגן דעם זונס שאַרפער קנאָפּ אין האַלדז, וואָס האָט געהאַט אַ טבע אַרומצולויפן אַרויף און אַראָפּ.

— משוגע יידל, גערגעלע! — פלעגט ער רופן דעם אומגליקלעכן בן־יחיד זיינעם.

ווילד פון צאָרן פלעגט ער ווערן, ווען די שכנטע, עבער דעם בעדערס ווייב, וואָס האָט געוואוינט אין אַ בוידעם־שטוב קעגנאיבער, האָט געלאָזט הערן איר קול. אָט די יידענע, וואָס איז אויך געווען אַ טיקערין אין מקווה, האָט געהאַט אַ קוויטשיק קול. זי פלעגט באַזונדערס שרייען מיט אַ קוויטשל, ווען זי פלעגט רופן פון הויף איר טאָכטער, חוה, אַ יונגע מויד, שוואַרץ ווי אַ ציגיינערין, וואָס פלעגט נישט וועלן העלפן אין דער שטוב־אַרבעט, נאָר אַרומלויפן און שפּילן זיך.

— חוה, אַ בראָך נאָך דיר, וואו ביסטו? חוה, קום אַרויף, חוה! — האָט די טוקערין געהאַלטן אין איין שרייען.

און יעדעס מאָל אויפסניי פלעגט ר׳ מאיר מלמד אָנכאַפּן זיך ביי די אויערן און שפּרינגען פון אָרט, ווי מען וואָלט אים געשטאָכן מיט אַ נאָדל.

— חוה, קאַווע, פאַווע, לאַווע, יאַווע, קאַנאַווע — פלעגט ער נאָכקוויטשען צום גראַם דער טוקערינס קול.

אינגאַנצן פלעגט ער אַרויס פון די כלים, ווען דער הויכער דאַרער טוקערין פלעגט כאַפּן אַמאָל איר שלוקערץ. אין שטעטל האָט מען געזאָגט, אַז די יידענע ליידט פון אַ „קראָפּ״ און דערפאַר מוז זי שלוקערצן מיט הויכע קולות, ווען אָט דער „קראָפּ״ כאַפּט זי אָן. וואָס אַזוינס אַ „קראָפּ״ איז, הייב איך נישט אָן צו וויסן. אָבער דער טוקערינס שלוקערץ געדענק איך ביז היינט. זי פלעגט אַרויסלאָזן לאַנגע היסטערישע קוויטשערייען, אַ מין ספּאַזמע, וואָס איז געווען האַלב געוויין, האַלב געלעכטער. אָט דער ווייבערי־שער שלוקערץ פלעגט טרייבן מאיר מלמד צו אָפענער משוגעת. ער פלעגט

מאַכן די ווילדסטע העוויות, ציטערן און פֿלאַטערן אַזוי לאַנג, ביז דער מאָגן פֿלעגט אים אַ כאַפּ טאָן און ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון די טרעפּ אין הויף. דערביי פֿלעגט ער הייסן אַלע תּלמידים אַריינקוועטשן זיך אין אַ משופּע שטיבעלע, וואָס איז געווען אַ צוטשעפּעניש צו דער בוידעם־שטוב. אין דעם שטיבעלע איז געווען ענג און שטיקנדיק, אָבער מיר האָבן זיך דאָרט אַלע אַריינגעפּאַקט און געוואַרט, ביז דער רבי וועט צוריקקומען און זאָגן „אשר־יצר". מיר זייַנען באמת געווען דאַנקבאַר דער טוקערין פֿאַר איר „קראַפּ", וואָס צוליב דעם זייַנען מיר פֿון צייַט צו צייַט פּטור געוואָרן אויף אַ שטיקל צייַט פֿון רבין און זייַן תּורה.

מיט דער צייַט האָט דער מלמד אָנגעהויבן אַרויסווייַזן זייַן משוגעת אָפֿענער און אָפֿענער. אַפֿילו זייַן זון האָט שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן פֿון אים און איז אַוועק קיין וואַרשע און געוואָרן אַ שמוקלער.

איינמאָל, נאָך סוכּות, האָט דער רבי אָנגעטאָן זייַן שבתדיקע קאַפּאָטע, גענומען דעם שירעם אין דער האַנט און געגאַנגען פֿון איין באַלעבאָס צום צווייטן זיך געזעגענען. ווען די באַלעבאַטים האָבן אים געפֿרעגט, וואוהין ער פֿאָרט דאָס אַזוי ווייט, וואָס ער קומט זיך אַזש געזעגענען, האָט ער געענטפֿערט, אַז ער פֿאָרט אַרויס צום וואַלד קויפֿן האָלץ אויף ווינטער פֿאַר דער שטוב.

דער וואַלד איז געווען אַ האַלבע שעה גאַנג צופֿוס פֿון שטעטל.

אַן אַנדערש מאָל האָט ער מיך געשיקט מיט אַ מתּנה „פּראַנצוויזן" צום נגיד פֿון שטעטל, ר' יהושע וואַלדהענדלער.

„פּראַנצוויזן" האָט מען גערופֿן בייַ אונדז ברוינע ווערעם, וואָס די פּאָליאַקן רופֿן זיי „פּרייסן" און די דייַטשן רופֿן זיי „רוסן" און דאָ אין אַמעריקע רופֿט מען זיי קאַקראָטשעס. אָט די „פּראַנצוויזן" האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן אין ריזיקע מחנות אין חדר, און דער רבי פֿלעגט פֿירן העלדישע מלחמות קעגן זיי. ער פֿלעגט זיי הרגענען מיט גרויס לוסט. ער פֿלעגט אויך אַוועקשטעלן פֿאַר זיי צעבראָכענע פֿלעשער, אָנגעפֿילט מיט „סערוועטקע", אַ ווייס וואַסער, וואָס רינט אָפּ פֿון זויערמילך, ווען מען מאַכט דערפֿון קעז. די „פּראַנצוויזן" פֿלעגן זיך לאָזן טרינקען און דערטרונקען געוואָרן. איין מאָל האָט דער רבי געהאַט גרויס דערפֿאָלג אין פֿאַנגען „פּראַנצוויזן" אין אַ פֿלאַש, און ער האָט דעריבער באַשלאָסן צו שיקן אָט די פֿלאַש מיט די „פּראַנצוויזן" צום נגיד ר' יהושע וואַלדהענדלער, וואָס איז געווען דער באַלעבאָס פֿון הויז, וואו ער, דער מלמד, האָט געוווינט. פֿאַר דעם שליח האָט ער אויסגעקליבן מיך.

עס איז געווען גראַד אין מיטן טאָג, ווען דער נגיד, צוזאַמען מיט זיין ווייב, טאָכטער, זין און שנורן זיינען געזעסן ביים טיש, וואָס איז געווען געגרייט מיט כל־טוב, און געגעסן מיטאָג. איך געדענק נאָך דער טעם פון דער געבראָטענער גאַנדז, וואָס האָט געשמעקט אין דער נגידישער קיך, וועלכע איז געווען באַהאָנגען מיט גלאַנציקע מעשענע טעפּ און פאַנען. ווי קליין איך בין געווען, האָב איך געוואוסט, אַז עס פּאַסט נישט אַריינצוגיין מיט דעם רבינס מתנה אין אָט דער צייט. אָבער איך האָב אויסגעפירט דעם רבינס באַפעל און בין אַריין אין עס־צימער. דער נגיד ר׳ יהושע האָט געמיינט, אַז איך בין געקומען מיט אַ שליחות פון מיין פאָטער, דעם רב.

— וואָס ווילסטו זאָגן עפּעס גוטס, שיעלע? — האָט ער מיך געפרעגט.

— דער רבי, ר׳ מאיר מלמד, האָט אייך געשיקט „פּראָנצוויזן״ — האָב איך געזאָגט און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש די פלאַש מיט די דערטרונקענע ווערעם.

די נגידיתטע, תירצה, אַ הויכע בכבודיקע יידענע, מיט אַ הויך אָנקאַרבירט שייטל, האָט געמאַכט אַ געוואַלד פון שרעק. די טאָכטער, די שנורן האָבן געקוויטשעט. די זין האָבן געלאַכט. ר׳ יהושע איז געוואָרן אויפגעקאָכט. ווען איך וואָלט נישט געווען דעם רבס יינגל, וואָלט מיך די דינסט מיטן בעזעם אַרויסגעטריבן פאַר דער שיינער מתנה.

יידן האָבן אָנגעהויבן מורמלען, אַז דער מלמד איז, אַפּנים, טאַקע נישט ביי די געדאַנקען. דערצו האָט ר׳ מאיר אויך גענומען היילן זיך ביי אַ זאַקראַטשינער סופר דעם מאָגן און ער האָט אויפגעהערט עסן ברויט, נאָר שפּייזן זיך מיט קאָרענע פּלעצלעך, וואָס ער האָט אַליין געקנאָטן און געבאַקן. צו דעם האָט ער צוגעטרונקען ריצן־אייל, באַלעקנדיק זיך דערביי, ווי ער וואָלט געטרונקען וויין. דערביי האָט ער דעם ריצן־אייל גערופן פאַרצויגן: ריצינגאייילכען. ער האָט בכלל פאַרענדיקט ווערטער מיט אַ דייטשמערישן „כיען״. אַ שיסעלע איז ביי אים געווען שיסלכען, אַ מיידל — מעדכען, אַ קאַפּאָטקע — קאַפּאָטכען. אַפילו זיין קאַנטשיק האָט ער פאַרצויגן: פוקסן־פיסלכען . . . די מעשה מיט די „פּראָנצוויזן״ האָט איבערגעפילט די מאָס און מען האָט גענומען אָפּנעמען די תלמידים פון אים.

די אַנדערע מלמדים מיינע זיינע קיין משוגעים נישט געווען; אָבער משוגעתן האָט זיך יעדער געהאַט זיינע אייגענע.

איין מלמד, ר׳ דוד, וואָס איז אַראָפּגעקומען מיט זיין זון פון ווישעגראַד, האָט געהאַט אַ טבע צו באַהאַנדלען די תלמידים זיינע לויט דעם עסן וואָס ער האָט געקראָגן ביי זייערע עלטערן. ער האָט געהאַט איבערגעלאָזט

ווייב און קינדער אין ווישעגראַד און בלויז געקומען מיט זיין זון אויף אַ זמן אין אונדזער שטעטל. ער האָט דעריבער געגעסן ביי די באַלעבאַטים זיינע. אויב ער האָט געהאַט אַ גוטן „טאָג" מיט געשמאַקע מאכלים, האָט ער באַ־האַנדלט דעם תלמיד פון „גוטן טאָג" מיט זיידענע הענטשקעס, אַפילו ווען יענער האָט קיין וואָרט תורה נישט געקענט. אויב ער האָט געהאַט אַ „שלעכטן טאָג", פלעגט ער דעם תלמיד פון „שלעכטן טאָג" דערגיין די יאָרן, טשעפּען זיך צו אים. מיין מוטער איז קיין גרויסע בריה'טע אין קאָכן נישט געווען, און איך האָב דעריבער געהאַט אַ שלעכטע מערכה ביי אים. איינער פון זיינע אומבאַליבטסטע מאכלים איז געווען בעבלעך. דער ייד איז ממש געווען אַ דם־שונא פון בעבלעך. אָבער אין שטעטל איז דאָס מאכל פון קליסקעלעך מיט בעבלעך געווען אַ פּאָפּולערע זאַך. ר' דוד פלעגט ווערן אַן אָנגעצונדענער, דערזעענדיק פאַר זיך די בעבלעך, און ער פלעגט זייער גיך אויסקלייבן זיי פון די טייגלעך אַרויס און אַריבערוואַרפן זיי אין טעלער פון זיין זון, וועמען ער האָט מיטגענומען פאַר אַן אורח אויף זיינע „טעג". אַפנים, צוליב די בעבלעך האָט ער זיך בלויז געהאַלטן איין איינציקן זמן און אַן אַנדער מלמד איז אָנגעקומען אויף זיין אָרט.

דער נייער מלמד, אַ הויכער ייד, וואָס מען האָט אים גערופן ר' אשר, איז געווען אַ שטילער ייד, אַ שווייגנדיקער, וואָס אַ וואָרט איז ביי אים געווען אַ רענדל. ער פלעגט אַ סך בריוולעך שרייבן צו זיין ווייב און קינדער אין אַ שטעטל. די בריוולעך פלעגט ער שיקן מיטן שפּיליטער יצחק „סאַמאָוואָליע". ער פלעגט די בריוולעך אַזוי קונציק אויסקנייטשן און פאַרמאַכן, אַז זיי האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן געלעגן אין אַ קאָנווערט. דערביי האָט ער אויף דער דרויסנדיקער זייט אָנגעשריבן מיט געציקלטע אותיות „לכבוד זוגתי היקרה והצנועה מרת . . . " און די פיר אותיות „חדר"ג", וואָס האָט געמאַכט „חרם דרבנו גרשום", וואָס מיינט, אַז רבנו גרשום האָט פאַרווערט צו עפענען און לייענען פרעמדע בריוו. דער ייד איז געווען זיכער, אַז מיט דעם צושריפט איז זיין בריוו זיכער ווי פאַרזיגלט מיט ליאַק.

אָט דער ר' אשר, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל געווען אַ מלמד, דאָס ערשטע מאָל אַוועק פון זיין היים, איז געווען אַ ייד, וואָס האָט קיין האַנט נישט אויפגעהויבן אויף קיין תלמיד. באַלעבאַטים האָבן געטענהט, אַז יינגלעך קריכן אים אויפן קאָפּ און אַז ער איז גאָר קיין מלמד נישט. דער ייד האָט אויך געהאַט אַ טבע, אַז ער פלעגט אָפּט פאַרלירן די קנעפּלעך פון זיינע מלבושים און תמיד אונטערהאַלטן זיך מיט ביידע הענט די הויזן און די צעפאָרענע פאָלעס פון זיין כאַלאַט. איך האָב וועגן דעם מלמד די בעסטע

עראינערונגען. איך געדענק נאָך מיין שרעק, ווען מיט אַ יאָר שפּעטער, ווען איך בין געפאָרן מיט מיין מוטער צו מיין זיידן קיין בילגאריי, האָב איך פּלוצלינג אין איינעם פון די אָרעמעלייט, וואָס זיינען געגאַנגען בעטן נדבות, דערקענט מיין געוועזענעם מלמד ר׳ אשר. עס איז געווען זומער און ער איז געגאַנגען באָרוועס איבער די הייזער. זיינע באָרוועסע פיס האָבן מיך דערשיטערט. ער איז געווען אַזוי שטיל און אומגעשיקט ביי זיין בעטלעריי, ווי ביי זיין מלמדות.

שפּעטער איז אָנגעקומען אַ מלמד, וואָס זיין נאָמען געדענק איך נישט, ווייל ער איז אַוועק אַזוי גיך ווי ער איז געקומען, נאָך אין אָנהייב זמן. ער איז געווען אַ בלאַסער יונגערמאַן מיט אַ פּעך שוואַרצער באָרד, אַ דאַרער, אַ שוואַרצאויגיקער. ער האָט געקענט לערנען און יידן האָבן געהאַלטן פון אים. ער האָט אויך נישט געשלאָגן. אָבער ער האָט געהאַט אַ טבע צו פאַרהענגען דאָס פענצטער פון זיין חדר אין מיטן טאָג און הייסן די ייִנגלעך זיך אַריבערלייגן איבערן בענקל, הגם ער האָט קיין שלעכטס נישט געטאָן. דערביי האָט ער נישט געשמיסן די אַריבערגעלייגטע ייִנגלעך, נאָר פאַרקערט, געגלעט און געצערטלט זיי, קוקנדיק דערביי מיט הייסע שוואַרצע אויגן פאַר זיך. די ייִנגלעך האָבן גענומען דערציילן אין דער היים וועגן דעם מאָדנעם מלמד, וואָס גלעט אַנשטאַט שמייסן. יידן האָבן גענומען מורמלען צווישן זיך, סודען זיך. אין איינעם אַ פרימאָרגן איז דער בלאַסער שוואַרץ־בערדיקער יונגערמאַן אַוועק. עטלעכע טעג זיינען מיר געווען פריי. אָבער באַלד האָט מען אַראָפּגעבראַכט אַן אַנדער מלמד, ר׳ משה מאַקאָווער, צוזאַמען מיט אַ זון, אַ קורצן בלאָנדן געפּאַקטן בחור, וואָס איז געווען אַ באַהעלפער ביים פאָטער.

ר׳ משה מאַקאָווער איז געווען אַן אַלטער ייד, מיט אַ ווייסער באָרד, וואָס ער האָט געהאַט אַ טבע צו צופּן זי, בייסן און רייסן און קייען. דער ייד האָט ממש נישט געקענט אויפהערן מתעסק זיין זיך מיט זיין באָרד. ער פלעגט זי עסן מיט אַ געוואַלדיקן אַפּעטיט, וואַרפנדיק די אויסגעביסענע האָר אין אַלע ספרים אַריין. די באָרד האָט אויסגעזען אָפּגעפליקט, אַרומגעצופּט, ווי אַ קאָרן־פעלד נאָכן אָפּשניידן. די גרעסטע צרות פלעגט דער ייד האָבן מיט זיין באָרד אין די שבתים. אַלעמאָל אויפסניי האָט ער פון אַלטער געוואוינהייט געכאַפּט די באָרד, גרייט זי צו בייסן, אָבער אַלעמאָל אויפסניי האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אום שבת טאָר מען אַזאַ זאַך נישט טאָן, און ער פלעגט זי אַראָפּלאָזן מיט כעס. יידן פלעגן קוקן אויף זיין באָרד מיט חידוש. ר׳ משה האָט זיי נישט געלאָזט האָבן קיין שלעכטע מחשבות.



י. י. זינגער מיט זיין פרוי געניע
און זייערע צוויי קינדער יאַשאַ און יאָסל

1924

— ס'איז נישט געשוירען, חלילה, ס'איז אָפּגעביסען — האָט ער געזאָגט גיך.

דאָס איז געווען אַ ייד אַ ברען, וואָס האָט אַלץ געטאָן מיט שטורעם. ער האָט געדאַוונט מיט קולות, געדרויכערט די ליולקע מיט טאַראַראַם, אָנ־פּיפּקענדיק אַלעמען פולע אויגן מיט ביטערן רויך. ער האָט געלערנט מיט אַזאַ ברען און טומל, אַז ער האָט פאַרשריגען די תלמידים און זיך אַליין. געברענט ווי אַ פייער האָט ער, ווען ער פלעגט מיט אונדז לערנען מוסר. ער האָט שטאַרק געהאַלטן פון מוסר, און ער פלעגט אונדז ניט קאַרגן די סחורה. אין זיין געניטקייט אין גיהנום, האָט ער נאָך איבערגעשטיגן דעם שבט מוסר. דער ייד מיט דער אָפּגעריסענער באָרד האָט געקענט יעדער ווינקעלע אין גיהנום, ווי ער וואָלט דאָרטן געבוירן און דערצויגן געוואָרן.

— הערט אויס, איר פאַרשטאָפּטע הערצער און שאַקלהאָפּטע ווידער־שפּעניקער! — האָט ער געשריגען, פאָכנדיק מיטן רויכערדיקן ציבעק — מיינט נישט, אַז די וועלט איז הפקר און מען קאָן אַרומגיין און טאָן בייזוויליקייט און אומרעכט, דען דאָס גיהנום שטייט אָפן און שרייט: האָוו, האָוו, דערלאַנגט די רשעים, וואָס טוען ווידערשפּעניקן אין גאָט און אין זיינע געבאָטן. און די מלאכי־חבלה, וואָס יעדער פון זיי האָט טויזנט אויגן און זעען און הערן אַלץ, שטייען גרייט און פעדערן זיך צו כאַפּן די רשעים און אַריינוואַרפן זיי אין מויל פון גיהנום, וואָס איז פיר הונדערט מייל אויף פיר הונדערט מייל ברייט. דאַרום באַזינט זיך, איר שאַקלאַפּהאָפּטע לייט...

די שאַקלאַפּהאָפּטע לייט, ייִנגלעך פון זיבן ביז צען יאָר, האָבן אויסגענוצט דעם מלמדס פאַרטוענקייט אין גיהנום און דערווייל געשפּילט קוויטלעך בגנבה מיט גרויס לוסט. איינגעשטעלט אין קאָן האָט מען קנעפּלעך, וואָס מען האָט געפונען אין גאַס, אָדער מען האָט אָפּגעשניטן פון די הויזן און כאַלאַטלעך. אַ זעלנערישער קנאָפּ (אַ מאָניאָק) איז ווערט געווען ווי אַ טוץ פּראָסטע קנעפּ־לעך.

— כ'האָב אַן איין און דרייסיק — האָט זיך געהערט אַ שטילער מורמל אין סאַמע מיט, ווען דער רבי האָט געגוואַלדעוועט וועגן מלאך דומה, וואָס שטייט מיט אַ פייערדיקער רוט איבער אַ קבר פון אַ נאַר־וואָס באַגראָבענעם מת און שרייט: רשע, ווי איז דיין נאָמען?

אין זיין פאַרטוענקייט אין גיהנום, האָט ער נישט געזען וואָס די ייִנגלעך טוען אים אָפּ אונטער דער נאָז. זיין ליולקע האָט גערויכערט ווי דאָס מויל פון גיהנום. דער זון זיינער האָט אונדז נישט געמסרט, ווייל מיר פלעגן אים אָפּקויפן מיט מוציאס ברויט, וואָס דער חברה־מאַן האָט געקאָנט אַריינ־שלינגען אַן אַ צאָל.

— איי, געוואַלד, געוואַלד, געוואַלד! — האָט דער מלמד געליאַרעמט און געדראָט מיטן ציבעק און פאַרגאַנגען זיך אין התלהבות, ביז ער איז מיד געוואָרן און אַ דערשעפּטער אַראָפּגעלאָזט זיך אויף זיין פּאָטער־שטול, אַ צעריסענער פאָטעל, וואָס אַלע האָר און שפּרינגפעדערן זיינען אַרויסגעקראָכן פון געזעסל. ערשט דעמאָלט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז מיר זיינען פאַרקאָכט אין קוויטלעך און ער האָט אונדז געדראָט מיטן ציבעק, אַז אָט הייבט ער זיך אויף, וועט ער אונדז אַלעמען דורסן. אָבער ער האָט זיך נישט געקאָנט אַרויסהייבן פון צעריסענעם געזעסל, ווייל ער האָט, נעבעך, געהאַט אַ היפּשן געבריך, און ווען ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין דער נידעריקער פּאָטער־שטול, איז אים נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט אַרויסצוקריכן. מיר האָבן גע־וואוסט פון זיין שוואַכער זייט. איבריקנס, האָט ר' משה זיך דערמיט נישט באַהאַלטן. ער האָט אַפילו אַוועקגעלייגט אויפן טיש זיין לעדערנעם ברוך־גאַרטל, אויסגעפּוצט מיט מעשענע ניטלעך . . . מיר האָבן דעריבער נישט מורא געהאַט פאַר זיין דורסן.

יידן אין שטעטל האָבן פון ר' משהן געהאַלטן אַ וועלט, אי פון זיין לערנען, אי פון זיין פרומקייט. ער פלעגט אויך יעדן שבת צווישן די פּראָסטע יידן אין בית־המדרש און דערציילן זיי וועגן גיהנום און די פּייני־קונגען. די יידן פלעגן באַוויינען זיך, הערנדיק וואָס זיי שטייט פאַר איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אָבער זיי פלעגן פונדעסטוועגן קומען אויף זיינע דרשות און אים נאָך צאָלן דערפאַר. יעדן פרייטיק פלעגט ר' משה אַרומשיקן צוויי תלמידים איבער די הייזער פון זיינע צוהערער און אויפמאָנען, ביי יעדן וויפל מען האָט געקאָנט, פון אַ זעקסער ביז אַ דרייער, אָדער אַ צווייער. מיר פלעגט אויך אויסקומען פון צייט צו צייט אַרומצוגיין נאָך דעם רבינס האָנאָ־ראַר, און דאָס איז ביי מיר געווען דער גליקלעכסטער טאָג . . .

גאָרנישט אַזוי גליקלעך בין איך געווען, ווען איך פלעג שבת בייטאָג, איידער דער רבי האָט געזאָגט מוסר פאַר די פּראָסטע לייט, קומען אין חדר אַריין, צוזאַמען מיט אַלע איבעריקע תלמידים, און לערנען ביי ר' משהן פּרק. אַרומדרייענדיק זיך אין זיין סערזשענער קאַפּאָטע, וואָס ער האָט געהאַט נאָך פון זיין חתונה — און זי איז געווען אַזוי שטייף, אַז מען האָט זי גערופן נישט סערזשענע, נאָר בלעכענע קאַפּאָטע — האָט ער געלערנט פּרק מיט אַ ניגון, פון וואָס עס פלעגט ווערן קיל אין די ביינער. באַזונדערס האָט ער הנאה געהאַט ביים זאָגן פאַר אונדז די רייד פון עקביה דעם זון פון מהללאל.

„מאַיִן באת, פון וואַנען קומסטו, מטיפּה סרוחה, פון אַ טיפּה סרוחה . . . לאָן אתה הולך, וואוהין גייסטו, למקום, צו אַן אָרט רמה, ווערעם, ותולעה און ווערעם . . .” — האָט ר' משה געיאָמערט.

צו דעם האָט ער נאָך געלערנט דעם פירוש פון בר־טנורא, אַזוי איז מען גאַרנישט אַרויסגעקראָכן פון פרק. מיר, ייִנגלעך, זיינען געווען דם־שונאים דעם ר׳ משהן, וואָס האָט ביי אונדז די איינציקע עטלעכע פרייע שעה אין דער וואָך אויך צוגערויבט. אַזוי זיינען מיר געווען דם־שונאים דעם בר־טנורא פאַר זיינע פירושים צום פרק . . .

אָן אָפּרו פלעגט זיין פאַר אונדז, ווען ר׳ משה פלעגט האָבן סכסוכים מיט זיינע קינדער. ערשטנס, פלעגט ער אָפּט האָבן סכסוכים מיטן זון זיינעם, דעם בלאָנדן געפּאַקטן יונג, וואָס האָט געהאַט גרויס אַפּעטיט צו עסן און קיין ברעקל אַפּעטיט נישט צו דער תורה. חוץ דעם פלעגן פון צייט צו צייט קומען צו פאָרן צו אים פון אַן אַנדער שטעטל די טעכטער זיינע, וואָס האָבן געדינט אין באַלעבאַטישע הייזער און וואָס טאָג און נאַכט האָבן זיי געהאַט עסקים מיט שידוכים, תנאים, אָפּגעלאָזענע שידוכים, און אַזוי ווייטער און ווייטער. כאָטש טעכטער פון אַ מלמד, האָבן זיי, אין זייער פאַרזעסנקייט, שוין געוואָלט חתונה האָבן אַפילו מיט בעלי־מלאכות, שוסטערס און שניידערס; אָבער עס איז זיי מיט קיין שידוכים נישט געגאַנגען, אַפּנים דערפאַר, וואָס זיי האָבן קיין נדן נישט געקאָנט אָפּשפּאָרן פון דינען אין באַלעבאַטישע הייזער. כסדר האָבן זיי געהאַט זעעניש, אַפילו אַ וואָרט שוין געמאַכט, נאָר מיטאַמאָל איז עפּעס קאַליע געוואָרן און עס איז געוואָרן אויס. יעדעס מאָל אויפסניי פלעגן זיי קומען צום פאָטער קיין לענטשיץ, רעדן, וויינען, האָבן טענות, פאָדערן, און דווקא פאַר אונדז, ייִנגלעך, אין די אויגן. ר׳ משה פלעגט נאָך נערוועזער בייסן די באָרד און ליאַרמען, אַז דאָס אַלץ איז דערפאַר, וואָס די קינדער זיינע גייען נישט אין גאָטס וועגן . . . פון צייט צו צייט פלעגט ער אויך מוזן אַוועקפאָרן אויף אַ טאָג אָדער צוויי, כדי צו מאַכן אַ וואָרט מיט אַ נייעם חתן פאַר איינער פון זיינע טעכטער. ער פלעגט דערביי איבערלאָזן די מלוכה ביי זיין זון, דעם געפּאַקטן בלאָנדן בחור מיטן גרויסן אַפּעטיט. מיר פלעגן דעמאָלט איבערקערן דאָס חדר מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף. דעם רבינס זון האָט דערביי רואיק אויפגעגעסן אַלע מוציאס ברויט, מיט וועלכע מיר האָבן אים אָפּגעקויפט . . .

ר׳ משה וואָלט זיך ביי אונדז לאַנג געהאַלטן, ווען ניט דאָס געבריך, וואָס איז אים אַזוי באַפאַלן, אַז ער איז אַוועקגעפאַלן און מען האָט אים געמוזט אַרויפלייגן אויף אַ פור שטרוי און אַוועקפירן אים אַהיים אין זיין שטעטל.

נאָך אים איז אָנגעקומען דער מלמד ר׳ מיכל דוד, אַ פריילעך יידל, וואָס האָט, נעבעך, גאַרנישט פריילעך פאַרענדיקט דעם זמן.

ר׳ מיכל דוד איז געווען אַ קליין, לעבעדיק פאַרשווינדל, מיט אַ שיטער, בלאָנד בערדל, אַ יידל אַ שטיק קוועק־זילבער. ביים לערנען האָט ער ליב געהאַט צו שניצן מיט אַ מעסערל. אָדער ער האָט אויסגעשניצט טאַבאַק־שקעטעלעך פון קאָרע, וואָס ער האָט אַוועקגעשאָנקען מתנות צו אַלטע יידן, גרויסע טאַבאַק־שמעקער; אָדער ער האָט אויסגעשניצט פון האָלץ אַן אתרוג־פושקע. היינט האָט ער געהאַט גאָלדענע הענד צו יעדער זאַך. ער האָט פאַרריכט זייגערלעך, צוגעלייט אַ קייטעלע, אויב עס האָט זיך איבערגעריסן. פון ליים האָט ער אויסגעקנאָטן פיגורן פאַר די בית־המדרש בחורים, וואָס האָבן געשפּילט שאַך. אַ באַזונדער שוואַכקייט האָט ער געהאַט צו שניצן ציגאַרן־שפּיצלעך פאַר זיינע געוויקלטע פּאַפּיראָסן, וואָס ער האָט נישט אויפגעהערט צו רייכערן. זיינע געשיקטע הענט זיינען געווען געל פון טיטון און רויך. ער האָט אויך פאַר אונדז אויסגעאַרבעט פאַרביקע לאָמטערנדלעך, מיט וועלכע מיר פלעגן אַהיימגיין אין די ווינטער־נעכט פון חדר. געלערנט האָט ער מיט אַ פריילעכן ניגון, אָפטמאָל צוקנאַקנדיק מיט די פינגער פאַר שמחה. די באַלעבאָסטעס, ביי וועלכע ער האָט געגעסן טעג, האָבן אָנגעקוואָלן פון אים, ווייל אַלץ האָט ער ליב געהאַט, פון יעדן מאכל הנאה געהאַט. די חסידים האָבן געלעקט די פינגער פון אים, ווייל ער האָט געקענט דער־ציילן די וואונדערלעכסטע מעשות פון צדיקים און גוטע־יידן. אויף חסידישע סעודהלעך און ימים־טובים האָט ר׳ מיכל געקערט וועלטן. ער האָט געזונגען מיט אַ הויך קוויטשיק קולכל, געקאָנט מאַכן אַ סך „לחיימס״ ווי פאַר אַ חסיד פאַסט, און ער האָט געטאַנצט גאַרנישט מיד צו ווערן. דער עיקר האָט ער ליב געהאַט צו טאַנצן אויפן טיש.

אויך פאַר אונדז, יינגלעך, פלעגט ער דערציילן אַ וועלט מיט מעשות, די פאַנטאַסטישסטע מעשות פון צדיקים און בעל־שמס, וואָס האָבן געהאַט קפיצת־הדרך, געווען רואה־ואינו־נראהס און באַוויזן נאָך אַזעלכע קונצן. אָט די בעל־שמס האָבן תמיד געהאַט צו פירן מלחמות מיט גויאישע מכשפים און כומרס, וואָס האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר וואלקאלאקעס און געוואָלט יידן רשעות טאָן; אָבער די צדיקים האָבן זיי אַרומגערינגלט מיט הייליקע שמות און עיגולים (קרייזן) און זיי בייגעקומען. מיר האָבן געלעקט די פינגער פון אָט די מעשות. שבת בייטאָג פלעגט ער אויך לערנען מיט אונדז אַ שעה אָדער צוויי, אָבער זיין לערנען איז געווען אַ פאַרגעניגן. ער האָט דערציילט פאַר אונדז פאַנטאַסטישע זאַכן וועגן די העלדישקייטן פון די שבטים. נפתלי פלעגט אַזוי גיך לויפן איבער פעלדער, אַז אַפילו אַ הירש פלעג אים נישט קאָנען דעריאָגן. שמעון און לוי, די ברידער פון איין געדאַנק, האָבן

מיט די הוילע שווערדן געקאָנט בייקומען אַלע שונאים פֿון זייער פֿאָטער יעקבֿ. יהודה האָט געברומט ווי אַ לייב. ווען יוסף האָט פֿאַרהאַלטן בנימינען אין מצרים און אים נישט געוואָלט אָפּגעבן צוריק, האָט יהודה געטאָן געגענען צו אים און אַזוי געזאָגט: „איך בעט דיך, מיין האַר, און זאָל נישט צאָרנען דיין גרימצאָרן, דען דו ביסט ווי פּרעה, אַזוי ווי איך טו מיך נישט פֿאָרכטן פֿאַר פּרעהן, ווייל איך קאָן אים אומברענגען מיטן קלענסטן פֿינגערל, אַזוי קאָן איך דיך אומברענגען". און יהודה האָט אויפגעריסן זיין העמדל און באַוויזן זיין מעכטיק האַרץ, וואָס איז געווען שטאַרק ווי ביי אַ לייב, און די האָר אויף זיין האַרץ האָבן זיך אויפגעשטעלט ווי שפּיזן, און ער האָט אַ געשריי געטאָן מיט אַ מוראדיק קול, און פּרעהס קנעכט און ראָטהאַרן האָבן געמיינט, אַז אַ לייב ברילט, און ווען זיי האָבן געזען, אַז דאָס איז יהודה, זיינען זייערע הערצער צעגאַנגען פֿון פֿורכט און זיי האָבן געקניט און געבוקט זיך פֿאַר אים און געפֿאַלן מיט זייערע פּנימער צו דער ערד . . .

אַזעלכע מעשיות האָט ער געהאַט אַלע שבת.

אַ פֿרייד איז געווען צו לערנען ביי אָט דעם מיכל דוד. אָבער די פֿרייד האָט נישט לאַנג געדויערט.

פֿאַר פּורים האָט ר' מיכל דוד אינגאַנצן אָפּגעלאָזט די גמרא און גע־גרייט זיך צום פֿריילעכן יום־טובֿ. ערשטנס, האָט ער אויף דער מזרח־וואַנט פֿון בית־המדרש אָנגעצייכנט מיט אַ חלבֿן ליכט גרויסע אותיות און געמעלעכטסן. פֿריער האָבן מיר נישט געקאָנט זען, וואָס אַזוינס ער האָט אָנגעצייכנט, ווייל דער ווייסער חלבֿ האָט זיך נישט אָנגעזען אויף דער ווייסער וואַנט. אָבער דער מלמד האָט איינגעטונקען אַ שמאַטע אין אַש פֿון בית־המדרש אויוון און דערמיט איבערגעגאַנגען איבער דעם חלבֿ, און גלייך זיינען די אותיות און צייכענונגען געוואָרן שוואַרץ און אָנזעעוודיק, און מיר האָבן דערזען אַ גרויסן אויפֿשריפֿט: „משנכנס אדר מרבין בשמחה", וואָס מיינט, אַז ווי נאָר עס הייבט זיך אָן דער חודש אדר, דאַרף מען אָנהייבן זיך משמח צו זיין. אונטער דעם שיינעם אויפֿשריפֿט פֿון געכתיבהטע אותיות איז געווען אויסגעמאָלט אַ פֿלעשל בראָנפֿן און צוויי הענט גיבן זיך לחיים. געטריי צו זיין אויפֿשריפֿט, האָט ר' מיכל דוד געמאַכט אמתן „לחיים" מיט די חסידים. אין חדר האָט ער מיט אונדז געלערנט די מגילה, שניצנדיק דערביי די שענסטע גראַגערס פֿאַר אַלע תּלמידים.

אין ביידע טעג פֿון פּורים און שושן־פּורים האָט ר' מיכל דוד ממש איבערגעקערט דאָס שטעטעלע. ווען מען האָט געלייענט אין בית־המדרש די מגילה, האָט ער צונויפגענומען אַלע ייִנגלעך, נישט נאָר די תּלמידים זיינע, נאָר אַפילו פֿרעמדע, און קאָמאַנדעוועט מיט אונדז ביים גראַגערן

יעדעס מאָל, ווען מען האָט דערמאָנט המנען. ער אַליין האָט געהאַט גע־מאַכט פאַר זיך דעם גרעסטן גראַגער. ער האָט אויך געטופּעט מיט די פיס, און נישט נאָר ביי המנס נאָמען, נאָר אויך ווען מען האָט דערמאָנט המנס ווייב זרש און זייערע צען זין. געאַרבעט מעשים האָט ער ווען מען האָט דערמאָנט המנס בן־זקונימל, ויזתא . . . דאָס וואָס אַ ייד מיט אַ באָרד גראַגערט אין בית־המדרש האָט אַרויסגערופן גרויס שמחה ביי אונדז, יינגלעך. מיר האָבן שיר נישט דאָס בית־המדרש צעלייגט. מיין פאָטער איז אַפילו געווען אומצופרידן, ווייל מיר האָבן געשטערט דעם בעל קורא אין לייענען די מגילה, אָבער ער האָט זיך נישט געבייזערט. מען האָט אויף דעם פריי־לעכן מיכל דוד זיך נישט געקאָנט בייזערן. חוץ דעם איז עס דאָך געווען פּורים, ווען מען דאַרף זיך משמח זיין.

נאָך דער מגילה האָט מיכל דוד גענומען גיין איבער די הייזער, פון איין באַלעבאַטישער שטוב צו דער אַנדערער, און מאַכן „לחיימס". אין שושן־פּורים האָט ער צונויפגענומען די חסידים און געמאַכט הוליאַנקעס. די חסידים האָט מען אַזעלכע זאַכן נישט געדאַרפט בעטן. זיי זיינען אַלע מאָל גרייט געווען צו אַ סעודהלע, צו אַ שמחה. זיי האָבן געקויפט אַ פאַס ביר און געטרונקען אויף וואָס די וועלט שטייט. זיי האָבן אויך אַרויסגעגנבעט ביי די באַלעבאָסטעס די געבראָטענע גענדזזלעך און די קוכנס און די מאַרי־נירטע פיש און אַלע אַנדערע גוטע זאַכן. זיי זיינען געגאַנגען פון הויז צו הויז, וואו זיי האָבן געגעסן און געטרונקען און געטאַנצט. די יינגלעך זיינען נאָכגעלאָפן און האָבן זיך אָנגעטשעפּעט אין די גאַרטלען פון זייערע טאַטעס, אַריינגעשלייכט זיך אין ראָד פון האָפּסענדיקע יידן. די פּראָסטע לייט, די מתנגדים, האָבן געקוקט קרום אויף די חסידישע הוליאַנקעס, אָבער די חסידים האָבן זיי געהערט ווי המן דעם גראַגער און זיי אויך צו־להכעיס נאָך העכער געזונגען און געטאַנצט. מיכל דוד האָט געטאַנצט אויף דער גאַס. ער איז גאָרנישט מיד געוואָרן פון טרינקען און האָפּסען און זינגען און פרייען זיך. צום־לעצט זיינען די חסידים אַריינגעקומען צו מיין פאָטער אין שטוב.

— רביציך, דערלאַנגט פלוימען־צימעס — האָט מיכל דוד געשריגן.

— יידן ווילן עסן, אַ רוח אין המנען, זרשן און אין זייערע צען ממזרים . . .

מיין מוטער האָט דערלאַנגט פלוימען־צימעס. מיכל דוד האָט געשריגן, אַז מען דאַרף אַ ניי פעסל ביר. די צוויי הוליאַקעס צווישן די חסידים, טרייטל שניט־קרעמער און משה מענדל קצב, וואָס האָט זיך געריבן צווישן חסידים, זיינען אַוועק און געבראַכט אַ ניי פעסל ביר. דערנאָך האָבן ביידע יידן איבערגעקערט די היטלען אויף דער לינקער זייט, גענומען שטעקנס

אין די הענט אַריין, אַוועקגעזעצט זיך אויף דער ערד און געזונגען בעטלער־לידער, און דוקא אויף פויליש. ווען זיי האָבן דערנאָך אויסגעשטעלט אַ טעלער אויף נדבות, האָבן די יידן אַריינגעוואָרפן זיי געלט צושטייער אויף דעם פעסל ביר. טרייטל און משה מענדל האָבן דאָס געלט גענומען און געדאַנקט ווי גויאישע בעטלער, איבערקרימנדיק דערביי די הייליקע ווערטער פון אַ גויאישער ברכה. דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס געלעכטער. מיכל דוד איז פייל אויס בויגן אַרויף אויפן טיש און גענומען טאַנצן אַ קאַזאַצקל. מיין מוטער האָט געוואָלט אַראָפּנעמען דאָס טישטעך, אָבער מיכל דוד האָט נישט געלאָזט.

— רביצין, פורים מעג מען טאַנצן אויפן טישטעך. עס זאָל אַ רוח המנען אין זיין טאַטנס טאַטן אַריין ביז עמלקן! — האָט ער געשריגן און געטופּעט מיט די פיס.

דערנאָך איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון טיש, איינגעהילט זיך אין טיש־טעך ווי אין אַ טלית און זיך פאַרשטעלט פאַר אַ מלאך.

— רביצין, איך בין דער מלאך מיכאל — האָט ער געשריגן — גיט מיר צוויי פלעדערווישן, וועל איך מאַכן פליגל.

מיין מוטער, אַ מתנגדישע טאָכטער, האָט דעם צעקאָכטן חסיד קיין פלעדערווישן נישט געוואָלט געבן. אָבער ער איז נישט געווען פויל און אַליין אַריין אין קיך. ער האָט אויסגעזוכט צוויי גענדזענע פליגל, וועלכע ער האָט מיט שטריקלעך צוגעבונדן צום טישטעך, אַזוי אַז ער זאָל אויס־זען ווי אַן אמתער מלאך. דערנאָך האָט ער גענומען אַ הויפן מעל און זיך אויסגעמעלט דאָס פּנים. פאַרוואָס אַ מלאך דאַרף האָבן אַן אויסגעמעלט פּנים ווייס איך נישט, אָבער אַזוי האָט ר׳ מיכל דוד געטאָן. אין אָט דעם הילוך איז ער אַריין אין מיין פאָטערס שטוב און גענומען טאַנצן אַ מלאכים־טאַנץ. דער ייד האָט געשוועבט ווי אַ רוח. יידן האָבן צוגעפּאַטשט מיט די הענט און געריפן פרייליך:

— לעבעדיק, מלאך מיכאל!

מיטאַמאָל האָט דער מלאך מיכאל צעשפּרייט זיינע הענט ווי פליגל און אַ פלי געטאָן גלייך דורכן פענצטער אין דרויסן אַרויס.

אַריין אין שטוב צוריק איז ער שוין נישט אויף די אייגענע פיס. מען האָט אים געטראָגן. זיינע לעבעדיקע אויגן זיינען געווען געשלאָסן. פון איין אויג האָט גערונען בלוט.

עס איז נישט געווען דער פאַל, וואָס האָט אים פאַרוואונדעט, ווייל דאָס פענצטער איז געווען נידעריק, כמעט ביי דער ערד. אָבער אַ שויב האָט

זיך צעבראָכן פון דעם יידנס שפרונג און אַ שטיק גלאָז האָט אים געטראָפן אין לינקן אויג אַריין. אַ צעקנאָדערטן, ווי אַ בינטל טויטע אברים, האָט מען אים געטראָגן אין זיין טישטעך מיט די פּלידערווישן מיטן אויסגעמעלטן פּנים, און מען האָט אים אויסגעלייגט אויף אַ בעט, וואָס איז געווען איבער־געדעקט מיט אַ גרינער קאָלדרע מיט געלע פאַנטאַסטישע לייבן. מען האָט גלייך אַריינגערופן דעם גויאישן פעלדשער פּאַוולאָווסקי, וואָס האָט געוואוינט אין שכנות. דער פעלדשער, וואָס האָט זיין מעדיצינישע חכמה געלערנט אויף דער טערקישער מלחמה ביי פּאָניען, און געוואוסט פון צוויי רפואות פאַר אַלע קראַנקהייטן — מאַכן אַ קאַנע און אויסשמירן מיט יאָד, איז געשטאַנען אָנגעבויגן איבער דעם אויסגעצויגענעם מענטש מיטן פאַר־מעלטן פּנים און אָוועקגעמאַכט מיט ביידע הענט.

— איך קאָן גאָרנישט טאָן, דאָס אויג רינט אים אויס — האָט ער געזאָגט.

אַלע יידן אַרום, אויסגעניכטערטע אין איין רגע, זיינען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. מיין פאָטער האָט זיך געבעטן ביים אויסגעצויגענעם מלמד:

— ר׳ מיכל דוד, איר זעט מיך, ר׳ מיכל דוד? . . . ענטפערט, ר׳ מיכל דוד . . .

ר׳ מיכל דוד האָט נישט געענטפערט. זיין פּנים, אויסגעשמירט אין מעל, האָט אויסגעזען ווי אַ מת. פון לינקן אויג איז אַלץ געראונען אַ דין שנירעלע בלוט. די פּראָסטע יידן, וואָס זיינען זיך אָנגעלאָפן, האָבן גע־מוסרט די חסידים:

— חסידאַקעס, שיכורים זענט איר, נישט קיין יידן — האָבן זיי געמורמלט — אַזאַ אומגליק . . .

מיין פאָטער איז געווען חושך. מיין מוטער האָט געוויינט. אין מיטן וויינען האָט זי זיך דערמאָנט, אַז מען דאַרף צינדן ליכט, ווייל שושן־פּורים איז דעמאָלט אויסגעפאַלן אין פרייטיק. זי האָט אַ וויינענדיקע געבענטשט די שבתדיקע ליכט ווי תמיד, היפּש פריער פאַר דער צייט.

איך האָב געקוקט אויף דעם מלמד מיינעם, וואָס איז געלעגן אויס־געצויגן אויף דער גרינער קאָלדרע מיט די געלע פאַנטאַסטישע לייבן, גע־לעגן אַ שווייגנדיקער, מיט אַן אויסגעמעלט פּנים, איבער וועלכן אַ דין שנירעלע בלוט האָט זיך געשלענגלט, און איך האָב געהאַט תרעומות צו

גאָט, וואָס האָט געקאָנט אָפּטאָן אַזאַ אומגערעכטיקייט, און אין יום־טוב דערצו.

דאָס איז געווען שוואַרץ־שבת.

מיין פאָטער האָט געהייסן איינעם פון די בעקער־יונגען איינשפּאַנען פערד און וואָגן אום שבת און אָוועקפירן דעם פאַרוואונדעטן מלמד קיין זאַקראָטשין, וואו עס איז געווען אַ דאָקטאָר.

מער איז ר׳ מיכל דוד נישט צוריקגעקומען אין שטעטל. ווי מיר האָבן געהערט פון יידן, וואָס האָבן אים דערנאָך געזען, איז ער געבליבן בלינד אויפן לינקן אויג.

# איך פֿאָר דאָס ערשטע מאָל אויף אַ באַן און די ניסים ונפֿלאות, וואָס פֿאַרלויפֿן זיך מיט מיר

אַ גרויס געשעעניש פֿלעגט זיין פֿאַר אונדז, פֿאַר מיר און מיין עלטערער שוועסטער, ווען די מאַמע פֿלעגט זומער פֿאָרן מיט אונדז באַזוכן אירע עלטערן אין בילגאָריי.

ערשטנס, פֿלעגט די מאַמע וועלן זען איר משפּחה ; צווייטנס, פֿלעגט זי וועלן באַפֿרייען זיך פֿון איר עלנט און איינזאַמקייט אין לענטשין ; דריטנס, פֿלעגט אַזאַ נסיעה אַרויסהעלפֿן אין דער אָרעמער פּרנסה. די מאַמע פֿלעגט געווינלעך פֿאַרברענגען ביים זיידן עטלעכע חדשים, און דער טאַטע איז אימשטאַנד געווען צו שפּאָרן פֿון זיינע פֿיר רובל אַ וואָך שכירות און אָפּצאָלן חובות, וואָס מען האָט געמאַכט איבערן ווינטער.

דער טאַטע האָט זעט אויס, גאָרנישט געהאַט קעגן אונדזער אַוועקפֿאָרן. אים פֿלעגט שוין צו־שווער אויספֿאַלן אי די דאגת־פּרנסה, אי דער מאַמעס אייביקער מוסר פֿאַר זיין נישט באַלייגן עקזאַמען. און ער האָט געוואָלט כאָטש אויף עטלעכע חדשים אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם עול. די ווייבער אין שטעטל האָבן מיט פֿאַרגעניגן געקאָכט און געריימט פֿאַרן טאַטן, ווען ער איז געבליבן אַליין. וואָרעם פּונקט ווי זיי האָבן נישט געקענט אויסקומען מיט דער מאַמען צוליב איר צוריקגעהאַלטנקייט און פֿרעמדקייט, אַזוי האָבן זיי אָנגעקוואָלן פֿון טאַטן פֿאַר זיין גוטמוטיקייט און צוגעלאָזנקייט. דער טאַטע פֿלעגט גיין אויף יעדער שמחה וואָס מען האָט אים געבעטן, אַפֿילו צו די אומבכבודסטע מענטשן. ער האָט מיט יעדן גערעדט, פֿריינדשאַפֿט אַרויסגעוויזן. און דאָס נישט צוליב געפֿעלן ווערן און מאַכן זיך באַליבט, נאָר צוליב זיין גרענעצלאָזער פּשטות, גוטמוטיקייט און נאַאיוויטעט. און מענטשן האָבן אים אָפּגעצאָלט מיט דער זעלבער מטבע. די ווייבער האָבן אויך אָנגעקוואָלן פֿון טאַטן צוליב זיין חנעוודיקן אויסזען און קינדערישער אומבאַהאָלפֿנקייט, און זיי פֿלעגן אים קעכלען און צוזען, ווען די מאַמע איז נישט געווען אין דער היים. די חסידים, וואָס האָבן זיך נישט געפֿילט היימיש אין אונדזער שטוב מיט דער מאַמען, דער מתנגדישער טאָכטער, האָבן אין איר אָפּוועזנקייט געפּראַוועט אַלעמאָל נייע סעודהלעך אין טאָטנס שטוב. טרייטל דער שניט־קרעמער און משה מענדל דער קצב, וואָס האָבן

זיך געריבן ביי חסידים, האָבן געקאָכט חסידישע גריצן און קנאָבל־באָרשטשן. דער נגיד פֿון שטעטל, ר׳ יהושע וואַלדהענדלער, האָט ממש געצוואונגען דעם טאַטן צו זיין יעדן שבת זיין גאַסט אין הויז, וואו ער האָט אים אָפּגעגעבן דעם אויבנאַן.

די מאַמע האָט געוואוסט, אַז זי לאָזט איבער דעם טאַטן אין גוטע הענט, און זי האָט דעריבער אָפּט געמאַכט אירע נסיעות קיין בילגאריי אין די זומערס. ווי נאָר עס פֿלעגן זיך שטעלן די שיינע זומערדיקע טעג, פֿלעגט די מאַמע דינגען אַ פֿור, וואָס האָט אונדז צוגעפֿירט ביז דער ווייסל. דאָרט האָבן מיר זיך אַריבערגעשיפֿט מיט אַ פּויעריש שיפֿל צום צווייטן ברעג, וואו עס האָבן געוואַנקערט די דאַמפּשיפֿן, און מיט איינער פֿון זיי געפֿאָרן ביז וואַרשע. פֿון דאַנען זיינען מיר געפֿאָרן מיט דער באַן ביז לובלין, אָדער גאָר ביז ראַיוועץ, אַ שטעטל אין לובלינער גובערניע, פֿון אַט־דער באַן־סטאַנציע האָבן מיר זיך געשלעפּט מיט באַלעגאָלישע בוידן ביז בילגאריי. אין בילגאריי, ווי אין מערסטנס שטעטלעך אין לובלינער גובערניע, איז קיין אייזנבאַן נישט געווען, ווייל די געגנט איז געווען נאָענט צו דער עסטרייכישער גרענעץ, און די צאַרישע גענעראַלן האָבן געהאַלטן, אַז כדי אָפּצושטעלן די עסטרייכער אין פֿאַל פֿון אַ מלחמה, איז בעסער צו לאָזן די געגנט אָן באַנען. פֿון ראַיוועץ אָן איז דעריבער מער קיין באַן־ליניע אין לובלינער גובערניע נישט געווען. די וועגן פֿאַר פֿורן זיינען אויך געווען שלעכטע, פֿול מיט גריבער און לעכער, אַזוי אַז מען פֿלעגט מיט נסים אַרויס פֿון אַ נסיעה איבער די שלעכטע שאָסייען פֿון לובלינער גובער־ניע, וואָס יידן האָבן זי גערופֿן „דעם מלך אביונס גיטער". אָבער איך האָב זיך ווייניק געמאַכט פֿון די אַלע זאַכן און געווען אין זיבעטן הימל פֿון שמחה, וואָס מיר פֿאָרן.

שוין דער ערשטער אַרויספֿאָר פֿון לענטשין צו דער דאַמף־שיף איז געווען ווערט אַלע אוצרות אין דער וועלט. פֿון קינדוויז אָן האָב איך געהאַט אַן אומגעהויערע ליבשאַפֿט צו פֿערד. דער ריח פֿון אַ פֿערד־שטאַל האָט מיר געשמעקט בעסער ווי די בעסטע ריחות. און איך פֿלעג ממש פֿילן דאָס גרעסטע גליק אין מיינע הענט, ווען איך פֿלעג קענען גלעטן די ווייכע ציטערנדיקע נאָזלעכער פֿון אַ פֿערדישן קאָפּ, איבערגיין מיט די פֿינגער איבער אַ פֿערדישער גריווע. גלייך ווי דער באַלעגאָלע פֿלעגט צופֿאָרן צו אונדזער הויז, בין איך צוגעפֿאַלן צום פֿערד און געגלעט און געצערטלט עס. דער ריח פֿון היי, מיט וועלכן די גע‏זעסן זיינען געווען אויסגעבעט, איז געווען טעם גן־עדן. אוודאי, אַז יצחק „סאַמאָוואָליע"

איז געווען דער באַלעגאָלע, האָט ער מיך נישט געלאָזט אַוועקזעצן זיך אויפן באַלעגאָלישן געזעסל און נעמען די לייצעס אין די הענט אַריין, ווייל ער האָט געטענהט, אַז אַזאַ זאַך פּאַסט ניט פאַרן רבס זון. אָבער אַז דער באַלעגאָלע פלעגט זיין הירשל שוויגער, אַ פליישיקער מילך־ייִד מיט רויטע באַקן, פלעגט ער מיך לאָזן אָנטרייבן. דאָס האַלטן די פאַרדאַרטע לעדערנע לייצעס אין די הענט, דאָס קוקן אויפן פערד, וואָס שאָקלט מיט די אויערן, מיט דער גריווע, מיטן געשפּאַן, מיטן עק ביים לויפן — איז געווען זיס, ווי האָניק. היינט ווי גוט איז געווען צוצופייפן דעם פערד, ווען עס שטעלט זיך אָפּ טאָן אַ קליינוקייט, אָדער צוצוטראָגן עס אַן עמער וואַסער, ווען עס ווערט דורשטיק. אַ וועלט מיט לעבן איז געלעגן אין ד שנירלעך וואַסער, וואָס זיינען צוריקגערונען פון די ווייכע פערדישע נאָזלעכער. די מאַמע האָט נישט געקענט צוזען מיין שמחה איבערן פערד, נישט הערן מיין פייפן, און וואָס איך בין, אגב, קיין גרויסער בריה ניט געווען.

— שיע, שעמען מעגסטו זיך! — האָט זי מיך געשטראָפט. — אַ גמרא־בחור...

איך האָב מיך נישט געשעמט. איך בין גרייט געווען אַוועקצוגעבן אַלע גמרות אין דער וועלט פאַר איין הירזשע פון אַ פערדל.

די זאַמדיקע פוילישע וועגן זיינען געווען אָרעמע, פלאַכע; אָבער אין מיינע אויגן האָבן זיי געהאַט אַלע חנען אין דער וועלט. איבערן גאַנצן וועג האָבן קי זיך געפּאַשעט, יונגע לאָשאַקלעך זיינען אַרומגעלאָפן איבער לאָנקעס. פויערן האָבן געאַרבעט אויף די זון־באַגאָסענע פעלדער. מיר האָבן זיי באַגריסט מיט הויכע ברכות אין פויליש:

— שטשענשטש באָזשע! (גאָט העלף!).

און זיי האָבן געענטפערט:

— בוג זאַפּלאַטש! (גאָט זאָל באַצאָלן!).

די רויטע טיכלעך איבער קעפּ פון פויערטעס, די ווייסע גענדז, די געקרייזלטע שעפּעלעך, די געפּלעקטע קעלבלעך, די הינט, די פייגל, אַלץ האָט זיך געבאָדן אין דער זון. פון נידעריקע פויערשע הייזלעך מיט שטרויענע דעכער זיינען געקרייזלטע רויכלעך געגאַנגען. אין פיל כאַטעס זיינען די שייבלעך געווען פון אַלערליי קאָלירן. אַפילו די פייגל־שרעקער וואָס זיינען געשטאַנען אויף די פעלדער צו פאַרטרייבן קראָען, האָבן אין מיינע אויגן טויזנט חנען געהאַט. בלויז די צלמים מיט די הענגענדיקע נאַקעטע יויזלעך, באַצירטע מיט פאַרטריקנטע בלומען, און די הייליקע

מאַמעס, וואָס זיינען געשטאַנען אויף די וועגן, זיינען געווען פרעמד מיט זייער עבודה־זרה אין גאָטס שיינער וועלט.

— מאַמע, זע דאָרט, — האָב איך געהאַלטן אין איין אָנווייזן, — זע, אַ בושל אויף איין פוס; זע, אַ וועוועריקל שפּרינגט איבער אַ בוים.

די מאַמע האָט געקוקט מיט גרויסע גרויע אויגן, וואָס אָנשטאָט שמחה, איז טרויער געווען אין זיי.

— ווייסט, אַז אַמאָל, אין ארץ־ישראל, איידער דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, האָבן מיר געהאַט אונדזערע אייגענע פעלדער. יידן האָבן געאַקערט און געזייט, ווייבער האָבן געפּאַשעט שעפעלעך... אונדזערע אָבות און אמהות זיינען געווען פּאַסטעכער, אַזוי איז געווען משה רבינו; ס׳רוב יידן אין ארץ־ישראל. היינט זיצן די גוים, יעדער אונטער זיין ווייַנשטאָק און פייגנבוים, און מיר, יידן, זיינען, נעבעך, אין גלות, צו שאַנד און שפּאָט ביי די פעלקער...

אַזוי האָט זי גערעדט מיט אַ ווייטיק אין איר קול און פון אירע גרויסע גרויע אויגן זיינען גערונען גרויסע טרערן.

קיינמאָל האָב איך נישט געזען מיין מאַמעס גרויע דורכדרינגלעכע אויגן אַזוי ווייך, ווי דעמאָלט, ווען זי האָט, זיצנדיק אויף דער פור, שיין אויסגעמאָלט פאַר אונדז די פעלדער און שעפעלעך אין לאַנד פון ישראל. אָבער איך האָב נישט געקענט פאַרגעסן אין מיין פרייד, וואָס האָט מיך באַוועלטיקט. באַלד האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין דאָרף סענצעמין, וואו עס האָבן געוואוינט עטלעכע דאָרפס־יידן, פאַכטער ביי פּריצים. אויס־געהונגערט נאָך אַ ייד, האָבן זיי אונדז באַגעגנט מיט פרייד, אויסגעפּרעגט זיך וועגן משפחה אין לענטשין און אַרויסגעטראָגן פאַר אונדז פרישע מילך און ליימענע טעפּעלעך.

— זאָל די רביצין מיט די קינדער טרינקען געזונטערהייט, — האָבן זיי זיך געבעטן. — אַז מיר האָבן די זכיה צו האָבן אַזעלכע געסט...

די ווייסל, איבער וועלכער מיר האָבן געדאַרפט אַריבערשיפן זיך, איז געווען כוואַליענדיק און באַגאָסן מיט זילבער. די מאַמע האָט געמורמלט שטילע תפילות יעדעס מאָל, וואָס דאָס פויערישע שיפל האָט זיך געגעבן אַ בויג אָדער אַ הוידע איבער די כוואַליעס, אָבער מיר איז דערפון געוואָרן אומגעהייער גוט. עס האָט דערמאָנט אין חומש, וועגן ים־סוף, וואָס די יידן זיינען אַריבערגעגאַנגען. אומגעהייער איז געווען מיין באַגייסטערונג, ווען מיר זיינען אַרויף אויף דער דאַמפשיף, וואָס איז געווען פול מיט אַלערליי פאַרשוינען, גויים און יידן. נאָך עטלעכע שעה האָבן מיר דערזען

וואַרשע, די הויכע הייזער, די בריקן. אונדזער שיף איז געגאַנגען אונטער אַ בריק. אַ ווײַלע האָב איך געציטערט, ווײַל עס האָט אויסגעזען פון דער־ווײַטנס, אַז מיר וועלן אָנשלאָגן די קוימענס פון דער שיף אין דער בריק. אָבער מיר האָבן נישט אָנגעשלאָגן און דורכגעגליטשט זיך אונטער דער בריק, וואָס האָט געציטערט פון פורן, אָמניבוסן, טראַמווייען און מענטשן. ביי די ברעגן האָבן מיר געזען טשערקעסן רייטן אויף זייערע פערד, זייערע שוואַרצע לאַנגע מאַנטלען און פוטערנע היט האָבן פאַנטאַסטיש אויסגעזען אין דער זוניקער לופט.

דאָס ערשטע מאָל בין איך געווען אַ ביסל אומרואיק, ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו וואַרשע. תמיד, ווען מיר פלעגן וועלן פאָרן קיין וואַרשע, האָבן די גרויסע אונדז געזאָגט, אַז ייִנגלעך טאָרן אַהין נישט פאָרן, ווײַל ביי דעם טויער פון דער שטאָט שטייט אַ גרויסע נקבה, געמאַכט פון אייזן, און יעדער ייִנגל, וואָס גייט איר פאַרביי, מוז איר אַ קוש געבן, און דווקא נישט אין קיין שיין אָרט... איך האָב דעריבער געהאַלטן אין איין פרעגן דער מאַמען, וואו די אייזערנע נקבה איז. די מאַמע האָט געשמייכלט און געזאָגט, אַז דאָס רעדט מען בלויז אײַן ייִנגלעך, זיי זאָלן נישט וועלן מיטפאָרן. איך האָב זיך דערפילט לײַכטער. ווען מיר זײַנען אַראָפּ פון דער שיף און גענומען אַ דראָזשקע צו דעם „נאַדוויסליאַנסקע" וואָקזאַל, בין איך ממש צעטומלט געוואָרן פון די שיינקייטן פון דער גרויסער שטאָט. איך האָב געדרייט דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, נישט וויסנדיק וואָס פריער צו זען. אויפן וואָקזאַל איז געווען אַ בהלה, אַ טומל. מענטשן האָבן זיך געשטופּט, געשטויסן, געשריגן. גרויסע זשאַנדאַרמען האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט פּאַראַדנע טריט. איך האָב געציטערט פאַר זייער בליק. איבערהויפּט האָב איך מורא געהאַט פאַר מײַנע פלאַקסענע בינטלעך פּיאות, ווײַל עס פלעגט טרעפן, אַז זשאַנדאַרמען פלעגן אָפּשניידן ייִדישע פּיאות, וואָס איז געווען פאַרבאָטן צו טראָגן לויטן געזעץ. עס האָט מיך נישט געאַרט די פּיאות, ווײַל איך האָב זיי נישט איבעריקנס ליב געהאַט; אָבער מען פלעגט זאָגן, אַז די זשאַנדאַרמען שערן זיי נישט אָפּ, נאָר שניידן זיי אָפּ מיט אַ מעסערל, וואָס טוט שטאַרק ווײ. אָבער די זשאַנדאַרמען האָבן מיר די פּיאות נישט אָפּגעשניטן. די מאַמע האָט אונדז, מיך און מײַן שוועסטער, געוואָרנט צו האַלטן זיך ביי די הענט און נישט אַראָפּגיין אויף אַ ווײַלע פון די פּעקלעך פאַר דער צייט, וואָס זי וועט שטיין אין דער ריי ביים קויפן בילעטן.

— טאָמער וועט אײַך עמעצער וועלן ווײַזן עפּעס, אָדער שיקן אַ גאַנג, זאָלט איר נישט גיין, ווײַל די שטאָט איז פול מיט גנבים, — האָט זי אונדז

אָנגעזאָגט. — און האַלט זיך ביי די הענט, איר זאָלט נישט פֿאַרלוירן ווערן אין גרויסן טומל...

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב מיך נישט געקענט איינהאַלטן און בין יאָ געגאַנגען קוקן אין אַלע ווינקעלעך און לעכער, נישט צוהערנדיק זיך צו די וואָרענישן פֿון מיין שוועסטער. ביים איינשטייגן אין דריטן קלאַס האָט זיך געטאָן חושך. אַלע האָבן זיך געשטופּט, געוואָרפֿן פּעק, געמאַכט קולות. די זשאַנדאַרמען און קאָנדוקטאָרן האָבן געזידלט. ווייבער האָבן כסדר פֿאַרלוירן קינדער און געשריגן היסטעריש. אין די וואַגאָנען האָבן די פּאַסאַזשירן געאַרבעט מעשים. מען האָט פֿאַרכאַפּט פּלעצער, אויבער־שטע בענק. גויים און יידן האָבן זיך דורכגעווערטלט איבער אַ פּלאַץ. דייטש־געקליידעטע ליטווישע יידן, וואָס ביי אונדז האָט מען אַזעלכע נישט געזען, האָבן געשלעפּט אָן אַ שיעור וואַליזעס, טשאַיניקעס מיט קאָכעדיק וואַסער. ווייבער האָבן געזויגן קינדער, געגעסן. יידן האָבן גלייך גענומען מאַכן אַ מנין און דאַוונען בציבור אין וואַגאָן. די ליטוואַקעס האָבן געשפּילט אין קאָרטן, געטרונקען טיי און געלאַכט פֿון די פּוילישע „טשמייערס". די פּוילישע האָבן זיי צוריקגערופֿן „צלם־קעפּ". מיין מוטער פֿלעגט עס נישט ליידן. אָבער ביי מיר האָט דאָס אַלץ געהאַט טויזנט חנען. איך האָב אויך נישט דורכגעלאָזט צו כאַפּן אַ בליק אין דרויסן דורך די וואַגאָן־פֿענצטערלעך און זען ווי די וועלדער, פֿעלדער, דערפֿער, טעלעגראַף־סלופּעס און פּויערישע הייזלעך לויפֿן צוריקוועגס מיט משונהדיקער גיכקייט.

תמיד פֿלעגט די מאַמע האָבן סכסוכים מיט די „שמייסערס" אין דער באַן. די „שמייסערס" זיינען געווען יידן, וואָס האָבן אָפּגעמאַכט מיט די קאָנדוקטאָרן און פֿאַרקויפֿט זיי פּאַסאַזשירן, וואָס פֿאָרן אָן בילעטן. איינעם אַזאַ „שמייסער" געדענק איך, ווי ער וואָלט מיר נאָך איצט געשטאַנען פֿאַר די אויגן. דאָס איז געווען אַ יידל מיט אַ געל בערדל, אָנגעטאָן אין אַ געל כאַלאַטל, איבער וועלכן עס איז געווען פֿאַרוואָרפֿן אַ געלער לעדערנער בייטל. אָט דאָס געלע יידל האָט זיך רק געאיילט און גיך אויסגעשטרעקט זיינע געל־האָריקע באַוואַקסענע הענט, ביים אויפֿמאַנען באַן־געלט.

— אַ סוף, אַ סוף, אַ האַלב קערבל פֿון אַ פֿאַרשוין אַהער, יידן, ווייבער. שטאָ קאָ צאַאַט, שטאָ קאָ צאַאַט... — האָט ער געזאָגט און געזאַמלט האַלבע קערבלעך.

מיט דעם זעלבן טומל האָט ער גיך איבערגעציילט מיין מאַמען, די שוועסטער און מיך, און געהייסן זיך באַצאָלן אַ קערבל און אַ האַלבס...

— גיכער, ווייבל, שנעלער, שטאָ קאָ צאַאַט, דער מלאך־המוות עט באַלד אָנקומען... אַרויס מיט די ממתקים...

ווען מיין מאַמע האָט אים געוויזן אַז זי האָט בילעטן, אַ גאַנצן בילעט פאַר זיך און צוויי האַלבע פאַר די קינדער, האָט דאָס יידל זי געזידלט מיט דער בלאָטע צוגלייך.

— אַ מיצווה אין פאָניע גנב! — האָט ער געמאַכט קולות. — שעמען מעגט עך זיך. ביי אַ ייד צונעמען די פּינוסע...

דער קאָנדוקטאָר, וואָס מען האָט אים גערופן דער „מלאך־המוות", האָט בייז געשטעמפּלט די בילעטן אונדזערע און געטשעפּעט זיך, אַז מיר, קינדער, זיינען צו־גרויס פאַר האַלבע בילעטן...

די איבעריקע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן קיין בילעטן נישט געקויפט, האָבן קיין עסקים מיט אים נישט געהאַט. בלויז די, וואָס האָבן זיך אויס־באַהאַלטן אונטער די בענק, האָבן געהאַט צרות פון אים. מיין מאַמע פלעגט מורמלען, אַז יידן דאַרפן אַזעלכע זאַכן נישט טאָן, ווייל עס איז אַ חילול־השם. די יידן אָן בילעטן האָבן געלאַכט פון איר.

— איר האָט זיך געקענט איינבריינגען אַ פּאָר קערבלעך, — האָבן זיי געטענהט. — פאָניע גנב עט נישט בדלות ווערן...

די מאַמע האָט אונדז כסדר געוואָרנט, מיר זאָלן נישט אַוועקגיין פון אָרט, מיר זאָלן זיך האַלטן ביי די הענט, מיר זאָלן נישט פאַרלוירן ווערן. אָבער ביי אַלע וואָרענישן זיינען מיר איינמאָל יאָ פאַרלוירן געוואָרן. איך געדענק נישט גענוי, וואָס עס איז געווען, צי מען האָט געדאַרפט איבער־שטייגן, צי דער לאָקאָמאָטיוו איז קאַליע געוואָרן; אָבער פּלוצלונג האָבן אַלע גענומען שטויסן זיך און לויפן. עפּעס אַ ייד האָט געהייסן מיין מוטער נעמען אירע פּעקלעך און ער אַליין האָט אונדז, קינדער, גענומען פאַר די הענט און געשטופּט זיך אין אַ וואַגאָן אַריין. ווען די באַן האָט זיך שוין גערירט, האָבן מיר זיך אַרומגעזען, אַז די מאַמע איז נישטאָ. מיין שוועסטער האָט גענומען וויינען. איך האָב נישט געוויינט, ווייל דאָס מין וויינען איז מיר פרעמד אפילו אין דער גרעסטער צרה. יידן זיינען צוגעקומען און גענומען אונדז אויספרעגן. ביי איינער אַ סטאַנציע האָט מען אונדז אַראָפּ־גענומען פון וואַגאָן און איבערגעגעבן צו אַ הויכן זשאַנדאַרם. איך האָב געציטערט פאַר מיינע פּיאות און פאַר מיין גאַנצן לייב און לעבן, ווייל פון קינדוויז אָן פלעגט מען מיך שרעקן מיט פּאָליציאַנטן. אָבער דער זשאַנ־דאַרם האָט גאָר אָנגענומען אונדז ביי די הענט, געפירט אונדז איבער רעלסן, איבער וועלכע רויטע און גרינע פייערלעך האָבן געפינקלט. דערנאָך האָט



י. י. זינגער און זיין פרוי געניע

1925

ער אונדז אַריינגעפירט אין אַ שטוב, וואו מענטשן מיט קנעפּ האָבן געקלאַפּט ביי מאַשינדלעך און פיל מאָל דערמאָנט דעם נאָמען פון דער מאַמען שעוואַ זינגער. דערנאָך האָט מען אונדז ווידער איינגעזעצט אין אַ באַן. אויף איינער אַ סטאַנציע האָט דער זשאַנדאַרם געפירט אונדז אין דער פינצטערער נאַכט און געררופן לעבן אַ פּאַראַלעלן שטייענדיקן צוג:

„שעוואַ זינגער! שעוואַ זינגער!"

פלוצלונג האָבן מיר דערזען די מאַמען. זי האָט אונדז אַרומגעכאַפּט, געוויינט און געלאַכט צוזאַמען.

אַז מען איז אָנגעקומען קיין ראַיוועץ, האָבן די בילגאַרייער באַלאַגאַלעס אונדז גלייך איבערגענומען אין זייער רשות. אַ מחנה יידן מיט בייטשן אין די הענט זיינען אונדז באַפאַלן, געריסן די פּעקלעך פון די הענט און יעדער האָט געשלעפּט אונדז צו זיין בויד.

— ווען פאָרט מען?

— שוין, מ'עט נאָר „אָנפּויען" די פערד און הײדאַ! — האָבן די באַלע־גאָלעס געטענהט, אַריינוואַרפנדיק אונדזערע פּעקלעך אין דער בויד אַריין, וואָס איז שוין געווען אָנגעשטאָפּט מיט פּעק און זעק, פעסער און פּעסלעך.

— קומט, קינדער, אַריין אין איינפאָרהויז, — האָט די מאַמע געזאָגט, נישט גלויבנדיק די באַלעגאָלישע הבטחות, אַז מען וועט באַלד פאָרן ווי נאָר מען וועט אָנטרינקען די פערד.

אין דער אכסניה האָבן זיך געדרייט אַלערליי יידן און ווייבער, וואָס נישט מען האָט זיי געפרעגט וואָס זיי ווילן און ווער זיי זיינען. אַ ייד האָט געבלאָזן מיט אַ כאַליעווע ביי אַ רויכערדיקן סאַמאָוואַר. די מאַמע האָט געפרעגט אַ ווייבל, צי מען קען קריגן אַ לעפל געקעכטס פאַר אונדז. דאָס ווייבל, זויגנדיק אַ קינד, האָט געענטפערט, אַז אויב מען וויל אַ יאַיכל, קען זי שיקן צום שוחט שעכטן אַן עוף.

— איר האָט גענוג צייט, — האָט דאָס ווייבל אונדז באַרואיקט. — זיי וועלן נישט אַרויסרירן זיך מיט די בוידן פאַר זון־אונטערגאַנג...

זי האָט קיין ליגן נישט געזאָגט, דאָס ווייבל. די באַלעגאָלעס האָבן געהאַלטן אין איין אַריינפּאַקן נייע זעק און פּעק און פעסער. דערנאָך זיינען זיי געלאָפן רופן די פאַרשוינען, ווידער אַוועק און ווידער צוריקגע־קומען. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשיכטע פון קאָווען אַ פערד, ביי וועלכן די פּאָדקאָווע איז לויז געוואָרן; פון פאַרריכטן אַ געשפּאַן; פון בינדן און פּאַקן און איבערפּאַקן. די בויד איז געווען לאַנג און גרויס און געלאַטעט און באַהאַנגען מיט עמערס און לאַמטערנעס, און אַזוי אָנגעפּאַקט,

אַז עס האָט אויסגעזעען אַז מען קען מער קיין שפּילקע ניט אַריינפּאַקן. אָבער די באַלעגאָלעס האָבן אַריינגעפּאַקט פאַרשוינען און פּעק. די פערד, דריי אין דער ברייט, זיינען געווען קנאַכיק און באַלייגט מיט לעדערס און שטריק און פּאַסן. נאָך גרויסע הכנות האָט מען דערהערט ענדלעך די באַלעגאָלעס הייזעריקן רוף:

—וויאָ, נבילות, העיטאַ, בלינדער, געגאַנגען!

די בויד האָט זיך גלייך גענומען טרייסלען איבער דעם שלעכטן שאָסיי, פול מיט גריבער און לעכער און בערגלעך און טאָלן. אַ ווייסער שטויב האָט זיך אויפגעהויבן און אַלץ איינגעהילט. די פאַרשוינען, איינגעקוועטשטע איינער אין אַנדערן, האָבן זיך געטרייסלט, געהעצקעט, געהאַט טענות צו זיך, געזיפצט, געקרעכצט. די פעסער נאָפט האָבן צוגעשמעקט, פון די זעק מעל און זאַלץ איז געגאַנגען אַ שטויב. די מאַמע האָט מיך אָפט געפרעגט, צי עס איז מיר נישט האַרט. מיר האָט זיך געגלוסט לאַכן פון אירע רייד. ווער האַרט? וואָס האַרט? איך בין גרייט געווען זיצן אויפן האַרטסטן זעקל זאַלץ, אויף אַ שפּיץ פון אַ פּאַס, אַבי פאָרן מיט אָט דער בויד, הערן דאָס קנאַקן פון די פערדיקע פּאָדקאָוועס, דאָס רייבעניש פון די רעדער, דאָס פייפן פון באַלעגאָלע און זיינע אָפטע הייזעריקע קולות:

— וויאָ, נבילות, אַ רוח אין אייערע געפּגרטע מאַמעס, די קאָבילעס... ווישטאָ, בלינדער, עסט כאַפּן אין דער פעל, אַז עסט נישט גיין גלייך אין געשפּאַן... העיטאַ, העיטאַ, גערירט זיך...

דעם גאַנצן וועג האָט ער געהאַט טענות צו דעם בלינדן פערד און געזידלט עס אויף וואָס די וועלט שטייט.

באַלד איז מען אַריין אין די וועלדער, אין די געדיכטע וועלדער פון גראַף פּאָטאָצקי. און כאָטש מען האָט גערעדט, אַז אין אָט די וועלדער האַלטן זיך אויף גזלנים, איז צוזאַמען מיט דער מורא, געווען אַ חיות דורכ־צופאָרן דורך זיי, איינאָטעמען אין זיך די געשמאַקע ריחות, הערן דאָס פּישטשעריי פון פייגל. די סודותדיקייט פון וואַלד האָט אָנגעפילט מיט זיסן פּחד.

פאַרטאָג האָט מען זיך אויפגעכאַפּט ערגעץ אין אַ שטעטל, איבער וועלכן יידן זיינען געגאַנגען מיט טלית־זעקלעך אין שול אַריין. דאָס טרינקען טיי אין אַ קרעטשמע און צובייסן הייסע פּלעצלעך מיט מאָן און ציבעלעס, וואָס אַזעלכע געשמאַקע באַקט מען נאָר אין לובלינער גובערניע, האָט געהאַט אַלע טעמים אין דער וועלט.

דערנאָך איז מען ווידער געפֿאָרן, געהאָצקעט זיך; אַראָפּ פֿון דער בויד, ווען עס איז געגאַנגען באַרג־אַרויף, און צוריק אַריין אין דער בויד, ווען עס איז געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. דערנאָך האָט זיך גאָר די בויד געגעבן אַ דריי און זיך איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און די רעדער אַרויף. יידן האָבן געקרעכצט; ווייבער, פֿאַרפּלאָנטערט אין זייערע קליידער, האָבן געיאָמערט. איך בין געווען אין זיבעטן הימל פֿון דער איבערקערעניש. דערנאָך האָט מען ווידער געלאָדן און געבונדן און איינגעשטיגן און דער באַלעגאָלע האָט דערלאַנגט דעם בלינדן אין דער פּעל פֿאַר איבערקערן די בויד. און אַלץ איז שולדיק געווען דער בלינדער...

אַזוי שלעפּנדיק און האָצקענדיק זיך און איבערדרייענדיק זיך און אויפֿהויבן זיך, איז מען פֿאַרבייגעפֿאָרן אַלערליי יידישע שטעטלעך, וואָס יעדע פֿון זיי האָט זיך געהאַט אַ באַזונדערן צונאָמען. די באַלעגאָלעס האָבן יעדעס שטעטל באַגעגנט מיטן צונאָמען, ווען זיי זיינען אַרויס פֿון ראַיוועץ, האָבן זיי געשריען: „העי, שטיל ווי אין ראַיוועץ". ווייל אַזוי האָט מען גערופֿן דאָס שטעטל. די ראַיוועצער לייט האָבן זיי צוריקגערופֿן: בילגאָרייער פֿערד־ווײדלען, צוליב דעם, וואָס אין בילגאָריי אַרבעט מען אויס פֿערדישע האָר. אויב עס איז אויסגעקומען פֿאַרבייצופֿאָרן פּיוסק, האָט זיך גאָר געטאָן חושך. די בילגאָרייער באַלעגאָלעס האָבן געמאַכט קולות: „פּיוסקער גנבים", „פּיוסקער מה־יקר׳ניקעס". דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש, אַז אין פּיוסקער בית־המדרש טאָר מען קיין מה־יקר נישט זאָגן ביים אַרומהילן דעם טלית איבערן קאָפּ, ווייל איידער מען זאָגט אָפּ דעם מה־יקר גנבעט מען דערווייל צו די תפֿילין. די פּיוסקער באַלעבאַטים האָבן נישט פֿאַרשוויגן די בילגאָרייער און גערופֿן זיי „בילגאָרייער מוילעכער" (קאָנטראַבאַנדיסטן). דאָס אייגענע איז פֿאָרגעקומען אין אַנדערע שטעט, אין קראַסנאָסטאַוו און אין שעברעשין, אין זאַמאָשטש און אין יוזעוו. די באַלעגאָלעס האָבן אויך דורכגעוואָרפֿן זיך מיט צונעמען מיט אַנדערע באַלעגאָלעס אויף די וועגן, אַרומגעריסן זיך איבער כבוד, ווער וועמען עס דאַרף אָפּטרעטן דעם וועג. שמייסערס האָבן געקייבעצט פֿאַרבייפֿאָרנדיקע פּויערימלעך, געטשעפּעט פֿאַרבייפֿאָרנדיקע פּויערטעס. דערפֿאַר אָבער האָט מען אָפּגעטראָטן דעם וועג פֿאַרביירייטנדיקע קאָזאַקן און מען האָט געדאַנקט גאָט ווען מען איז זיי אַריבער בשלום. נישט אַלעמאָל אָבער פֿלעגט מען קענען דאַנקען גאָט דערפֿאַר. אַז עס האָט זיך זיי געגלוסט, פֿלעגן די קאָזאַקן מכבד זיין די באַלעגאָלעס, און אפֿילו די פֿאַרשוינען, מיט זייערע ראַפּניקעס.

פאַרשיידנס פלעגט טרעפן אויף אָט די צעבראָכענע שטויביקע וועגן, איבער וועלכע מיר האָבן זיך געשלעפּט אַ נאַכט און אַ טאָג. ענדלעך זיינען מיר אָנגעקומען קיין בילגאָריי. ווייבער האָבן דערקענט די מאַמע און באַגעגנט זי מיט שמחה.

— ווײ איז מיר נישט, ווּעמען איך זע, שבעלע דעם רבס! — האָבן זיי אויסגערופן, קנייפּנדיק זיך אין די באַקן פאַר התפּעלות.

חדר־ייִנגלעך האָבן זיך געלאָזט לויפן צו דער באָבען אָנזאָגן איר אַ בשורה, אַז זי האָט געסט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קושעניש און אַ האַלדזעניש. אַלע האָבן מיך געקושט, די באָבע, מומעס, קרובות, אפילו עטל נעכע, די אייביקע דינסט אין זיידנס הויז. דערנאָך איז דער זיידע אַריינגעקומען פון בית־דין שטוב אין קיך אַריין און מיר געגעבן שלום און מיך געפרעגט צי איך קען עפּעס לערנען. באַלד זיינען אָנגעקומען פעטערס און מומעס און געשוועסטער־קינדער. אַלע האָבן גערעדט און אויסגעפרעגט זיך. און די באָבע, אַ קליינע, מיט אַ זיידן טיכל אויפן קאָפּ, מיט לאַנגע באַמבלענדיקע אויערינגלעך און מיט אַ פּאַק קלינגענדיקע שליסלען און שליסעלעך אַריינגעשטעקט אין פאַרטעך, האָט נישט אויפגעהערט קאָכן זיך און אַרומשמייען און עפענען שאַפעס און אַרויסנעמען אַלערליי גוטע זאַכן, לעקעך און קאָמיס־ברויט און קיכעלעך און האָניק־טייגלעך און סלאָיען מיט איינגעמאַכצן און פלעשער מיט זאַפט... און איך האָב זיך געלאָזט וואוילגיין מיט די גוטע זאַכן, און די מאַמע האָט מיך געוואָרנט איך זאָל האָבן דרך־ארץ און נישט עסן אַזויפיל, ווייל עס קען מיר נאָך שאַדן און איך קען מיר קאַליע מאַכן דעם אַפּעטיט צו דעם וואַרעמעס, דער קאַשע מיט יויך. אַן איינפאַל פון אַ מאַמען! איך האָב געקענט נאָך אָט דער לאַנגער נסיעה און טרייסלעניש אויפעסן אַ וועלט...

דערנאָך זיינען אָנגעקומען געסט, אַלערליי ווייבער מיט זיידענע טיכלעך אויף די קעפּ, וואָס זיינען געקומען זען די מאַמע... און שבת האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע חתונה. אַלע ווײַלע איז אַריין אַ מיידעלע מיט אַ טעלער קוגל, אָדער מיט אַ טעלער ראָזשינקעס, מאַנדלען און שטרודל, און אַ זאָג געטאָן:

— ליב אייך, רביצין, מיט אייער גאַסט, די מאַמע האָט געשיקט כיבוד...

און די באָבע האָט דעם שליח געגעבן זיסע זאַכן פאַרן וועג און געוואונטשן צוריק:

— מיט מזל זאָלסטו לעבן. אם ירצה השם אויף שמחות ביי דיר, מיידל...

און דאָס מיידל איז רויט געוואָרן ווי אַ פייער און גיך אַנטלאָפן...

און פעטערס און מומעס האָבן געמאַכט ביי זיך אין די היימען קידוש פאַר אונדז, און איך האָב געהאַלטן אין איין נאַשן און נאַשן און נאַשן. און דערנאָך האָבן די פעטערס געפרעגט ביי דער מאַמען, וואָס עס מאַכט פינחס מענדל, דאָס הייסט דער טאַטע מיינער. דערביי האָבן זיי געשמייכלט, ווי מען שמייכלט איבער איינעם, וועמען מען האַלט פאַר אַ נישט־געראָטענעם אין דער משפחה. און מיך האָט פאַרדראָסן דאָס, וואָס זיי רופן מיין טאַטן, דעם רב, ביים היימישן נאָמען, פינחס מענדל, וואָס קיינער פלעגט אים אַזוי נישט רופן; און נאָך מער דאָס, וואָס זיי האָבן דערביי געשמייכלט זייער חוזקדיק שמייכעלע איבער אים. אָבער איך האָב לאַנג נישט געקענט זיך אָפּעסן דאָס האַרץ דעריבער, ווייל איך בין געווען איבערוועלטיקט פון שמחה איבער דער נייער שטאָט, איבער די נייע יינגלעך, וואָס האָבן מיך אויפגענומען אין זייער סביבה, און מער פון אַלץ איבער דעם זיידנס הויז, וואָס איז געווען פול מיט קינדער און קינדס־קינדער און קרובים און געסט און גלאַט־מענטשן. תמיד האָט אין אָט דעם רבנישן הויז געקאָכט און באַוועגט זיך און דער סאַמאָוואַר האָט געזאָטן און מענטשן האָבן געטרונקען טיי און צוגעביסן עפּעס.

נאָך אונדזער אומעטיקער שטוב אין לענטשין איז אָט די זאַטע, געפּאַקטע שטוב געווען אַ באַלויבונג. די קליינע באָבע האָט געהאַלטן אין איין אַרומלויפן מיט קורצע גיכע טריטעלעך, שאָקלענדיק מיט די לאַנגע אויערינגלעך און קלינגענדיק מיט די שליסלען, און כסדר געגרייט כיבוד און עסן פאַר מענטשן.

— עטל נעכע! — האָט זי גערופן די דינסט. — עטל נעכע, כאַפּ אַ בליק צום אויוון...

אין גרויסן אויוון האָט זיך שטענדיק עפּעס געבאַקן אָדער געקאָכט.

## מײַן זיידע, דער מושל, און מײַן באָבע, וואָס בונטעוועט זיך קעגן מלכות . . .

פון ערשטן בליק האָט דער זיידע מיך געפֿאַנגען מיט זײַן פֿער־זענלעכקייט, וואָס, הגם, איך האָב דעמאָלט נישט פֿאַרשטאַנען דעם מײַן דערפֿון, האָב איך עס אָבער דערפֿילט.

ער איז געווען אַ הויכער ייד מיט טונקעלע דורכדרינגלעכע אויגן, מיט אַן איידל, אָבער שטרענג פּנים, מיט אַ גרויער באָרד און פּיאות, אַ ביינערדיקער, אַ שאַרפֿער, אַ ווירדיקער, אַ שווייגער. איך ווייס נישט פֿאַרוואָס דאָס איז געווען, נאָר פֿון ערשטן אויגנבליק האָב איך פֿאַר אים מורא געקראָגן און גלײַכצײַטיק אים ליב געהאַט. איך בין נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט דעם געפֿיל. מערסטע יידן אין שטאָט האָבן פֿאַר אים מורא געהאַט און אים ליב געהאַט. אַזוי איז עס אויך געווען מיט זײַנע אייגענע אויסגעגעבענע קינדער. נישט נאָר די טעכטער האָבן נישט געוואַגט אַרויסצורעדן אַ וואָרט צו אים, אויב ער אַליין האָט נישט פֿריער גערעדט צו זיי, נאָר אַפֿילו נישט די זין, אַפֿילו נישט דער עלטסטער זון זײַנער, יוסף, וואָס איז סך־הכל געווען מיט זעכצן יאָר יינגער פֿון פֿאָטער, און איז געווען דיין אין דער אייגענער שטאָט. וויפֿל מאָל דער פֿעטער יוסף האָט געדאַרפֿט אַרײַנגיין צום זיידן אין בית־דין שטוב, איז ער אַרײַנגעגאַנגען מיט מורא און דרך־ארץ, ווי ער וואָלט זיך געדאַרפֿט באַווײַזן פֿאַר אַ גערעכטן און שטרענגן ריכטער.

דער איינציקער מענטש אין שטוב, און אפֿשר אין דער גאַנצער שטאָט, וואָס איז אַרײַנגעגאַנגען אין זיידנס בית־דין שטוב אָן מורא, איז געווען די באָבע, אָט די קליינע פֿלינקע יידענע מיטן זיידענעם טיכל אויפֿן קאָפּ, וואָס די שפּיצן אונטער איר קין האָבן שטענדיק געפֿלאַטערט דערפֿון.

— וואָס איז ער, אַ קאַיסער? — האָט זי געהאַט טענות צום פֿעטער יוסף, ווען ער פֿלעגט אַרומדרייען זיך אין קיך און אויסמיידן אַרײַנצוגיין צום פֿאָטער. — גיי, גיי, ר׳עט דיך נישט אָפּשמייסן.

אַ גאַנץ לעבן האָט זי זיך געבונטעוועט קעגן דער גרויסקייט פֿון איר מאַן, ווען מען איר פֿאָטער, אַ באַלעבאַטישער ייד, האָט פֿאַר אַ גרויסן נדן אײַנגעהאַנדלט, ווען זי איז נאָך געווען אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר צוועלף. אַ

פּשוטע יידענע, וואָס אַחוץ דאַוונען, זאָגן תחינות און אָנשרייבן אַ גריזיק יידיש בריוול, האָט זי גאָרנישט ניט געקענט, איז זי געווען דערדריקט פון איר מאַן מיט זיין למדנות, שכל און מאַנסבילשער שטרענגקייט. דעם גרעסטן פּאַרדרוס האָט זי געהאַט אויף אים צוליב זיין שווייגן. דער זיידע האָט ממש קיין וואָרט ניט אויסגערעדט מיט דער קליינער באַוועגלעכער יידענע זיינער, מיט וועלכער ער האָט געהאַט אַ האַלבן טוץ קינדער. שוין פון ערשטן טאָג פון זייער חתונה, ווען ער איז אַלט געווען פופצן יאָר און זי פערצן יאָר, האָבן זיי קיין געמיינזאַמס ניט געהאַט. ער איז שוין דעמאָלט געווען באַרימט ווי דער „מאַציעווער עלוי", מיט וועמען רבנים האָבן געפירט ויכוחים אין לומדות, און זי איז געווען אַ קליין, פּראָסט מיידל, וואָס נאָך דער חתונה האָט זי נאָך אַלץ געמאַכט זיך ליאַלקעס פון שמאַטעס און געשפּילט זיך מיט זיי, צום שרעק פון איר מוטער, וואָס האָט געטענהט, אַז אַ יונג ווייבל טאָר זיך ניט נאַריש מאַכן מיט אַזעלכע קינדערישע זאַכן. מאַן און ווייב האָבן גאָרניט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן. וועגן וואָס האָבן זיי געקענט רעדן? וועגן לומדות? יידישקייט? און אַזוי ניט רעדנדיק, האָט די באָבע גענומען קינדלען, ביי פופצן יאָר געבוירן איר ערשטן זון, דערנאָך מיט יעדן יאָר אַן אַנדער קינד. ביי אַכצן יאָר איז שוין דער זיידע געווען רב, צוערשט אין פּורציק, דערנאָך אין מאַציעוו, שפּעטער אין בילגאָריי. ער איז געוואַקסן אַלץ מער און מער אין לומדות, אין ידיעות, אין חכמה. זי איז געבליבן די אייגענע פּראָסטע יידענע, וואָס אַחוץ קאָכן, באַקן, אַרומגיין אַרום קינדער, זאָגן תחינות און דאַוונען, פון וואָס זי האָט קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען, האָט זי קיין זאַך ניט געוואוסט. דער זיידע האָט געהאַט די בית־דין שטוב, תמיד מיט תורה, דין־תורות, קהל־זאַכן, אורחים, געסט. די באָבע האָט געהאַט די גרויסע קיך מיטן באַק־אויוון, מיט די אַלמערס, שפּייכלערס, קעמערלעך. צווישן דער בית־דין שטוב און דער קיך איז בלויז געווען אַ פּאָרהויז, וואו אַ גרויס פאַס וואַסער איז געשטאַנען. אָבער דאָס שמאָלע פּאָרהויז האָט אָפּגעטיילט מאַן און ווייב מער ווי אַ ים טיילט אָפּ מענטשן פון זיך. די וועלט אין בית־דין שטוב האָט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט דער וועלט אין קיך. דער זיידע האָט אויף אַן עקשנותדיקן אופן איגנאָרירט די ווייבערשע וועלט. מען האָט גערעדט אין שטוב, אַז פאַר די לעצטע פאַר צענדליק יאָר האָט ער ממש קיין וואָרט צו דער באָבען ניט אויסגערעדט, סיידן, ווען ער האָט געדאַרפט איר ענטפערן אויף עפּעס. און די קליינע רירעוודיקע באָבע האָט דערפון געליטן, געשעמט זיך און געבונטעוועט זיך קעגן איר מאַן. אָבער איר בונטעווען זיך איז געווען הינטער דעם זיידנס פּלייצעס. ניט זי האָט געקענט האָבן טענות צום

מאַן פאַר נישט רעדן מיט איר, ווייל זי האָט נישט געוואוסט, וואָס אַזוינס ער האָט צו רעדן מיט איר; נישט אירע טענות האָבן געקענט האָבן אַ פעולה, ווייל דער זיידע האָט זיי איגנאָרירט און קיין איין וואָרט אויף זיי נישט געענטפערט. ווען זי האָט יאָ אַמאָל גערעדט, האָט ער אַריינגעקוקט בשעת־מעשה אין אַ ספר און געשוויגען. זי האָט דעריבער געבונטעוועט אירע קינדער קעגן אים, דער עיקר איר בכור, יוסף, וואָס איז סך־הכל געווען מיט פופצן יאָר יינגער פון איר און איז אַליין געווען אַ כלי־קודש, אַ דיין אין בילגאָריי.

— וואָס איז ער, אַ קאַיסער? — האָט זי געהאַלטן אין איין טענהן צו אים, ווען ער האָט מורא געהאַט אַריינצוגיין צום זיידן אין בית־דין שטוב. — גיי, גיי, ר׳עט דיך נישט אָפּשמייסן.

דער פעטער יוסף האָט אויסגעהערט די רייד פון זיין מוטער, מיט וועמען ער האָט זיך געפילט צו־היימיש, ווי גאָרנישט מיט קיין אייגענער מאַמען, און געבליבן ביי זיין מורא.

— ווער האָט מורא, מאַמע? — האָט ער געטענהט. — נאָר גלאָט אַזוי האָב איך נישט קיין חשק אַריינצוגיין אין בית־דין שטוב . . .

מער פאַרן פעטער יוסף, האָבן די איבעריקע קינדער מורא געהאַט אַריינצוגיין צום פאָטער זייערן. זיי זיינען מערסטנס געזעסן ביי דער באָבען אין איר מלוכה, אין דער גרויסער קיך. טאָמער פלעגט דער זיידע אַמאָל אין אַ יובל אַריינקומען אין קיך, כדי צו רופן שמואל שמש, וואָס תמיד איז ער געזעסן אין קיך און געטרונקען אַ וועלט מיט טיי מיט איין שטיקל צוקער — פלעגן אַלע קינדער און אייניקלעך ווערן אומרואיק, ווי סאָלדאַטן, ווען אַ גענעראַל באַווייזט זיך פלוצלינג אין קאַזאַרמע. אַלע האָבן זיך אויפֿגעהויבן פון די ערטער, אַפילו דער פעטער יוסף, וואָס איז שוין אַליין געווען יאָרן־לאַנג אַ דיין אין שטאָט.

מיט די טעכטער פלעגט דער זיידע רעדן אַזוי ווייניק ווי מיט זייער מוטער. אַן אויסנאַם צווישן אַלע איז געווען מיין מוטער, מיט וועמען ער פלעגט אַמאָל יאָ רעדן, דער עיקר ווען זי פלעגט קומען צוגאַסט פון לענטשין. צווישן אַלע ווייבער אין שטוב, דער אייגענער מוטער און די שוועסטער, איז זי געווען די איינציקע למדנית און קאָפּ־מענטש. דער זיידע האָט אָפּט באַדויערט, וואָס די מאַמע מיינע איז נישט געבוירן געוואָרן קיין מאַנסביל.

— בת־שבע האָט אַ מאַנסבילשן קאָפּ — האָט ער געזאָגט. — אַ שאָד, וואָס זי איז אַ נקבה.

מיט איר האָט ער געקענט רעדן וועגן ספרים, וועגן העכערע ענינים. די מאַמע מיינע איז געווען שטאָלץ דערמיט און די שוועסטער אירע האָבן זי מקנא געווען דערפֿאַר. אָבער אַפילו מיט דער מאַמען האָט דער זיידע אין קיין מחזקות זיך נישט אַריינגעלאָזט. זי איז פֿאָרט געווען אַ יידענע. נאָך אַ היפּשן געשפּרעך האָט ער זי געפֿרעגט וועגן פּרנסה, וועגן די קינדער. דערנאָך האָט ער שמייכלענדיק געפֿרעגט אויף מיין טאַטן.

— וואָס מאַכט ער, פּינחס מענדל, ער וויל נאָך אַלץ נישט רעדן מיטן גובערנאַטאָר? — האָט ער געפֿרעגט מיט באַהאַלטענעם חוזק.

— ניין, טאַטע — האָט די מאַמע געזאָגט מיט אַ זיפֿץ.

— מילא, מ׳דאַרף גיין לערנען — האָט דער זיידע געזאָגט, כדי נישט אַרויסצוכאַפּן זיך מיט קיין שלעכט וואָרט אויפֿ׳ן איידעם. — גענוג צייט געבטלט . . .

די מאַמע איז אַוועק אין קיך, צו דער ווייבערשער מלוכה, וואו די באָבע האָט געקיניגט.

איך האָב אויך חשק געהאַט צו זיצן אין דער קיך, וואָס איז געווען פֿול מיט ווייבער און גוטע זאַכן, אָבער דער זיידע האָט מיך נישט געלאָזט דאָרט זיצן, נאָר געצויגן מיך צו זיין בית־דין שטוב, צום אָרט פֿון תורה און יידישקייט.

— אַ יינגלס אָרט איז נישט אין קיך, יהושע — האָט ער געזאָגט, און איך האָב נישט געוואָגט נישט צו פֿאָלגן אים, ווי איך פֿלעג עס וואָגן אין דער היים, ביי מיין פֿאָטער אין שטוב.

באַלד דעם צווייטן טאָג נאָך מיין אָנקומען, האָט ער געשיקט שמואל שמש נאָך דעם גמרא־מלמד ר׳ יהושעלע און מיך אָנגעדונגען צו אים אין חדר פֿאַר דער צייט, וואָס איך וועל פֿאַרברענגען אין בילגאָריי. געשלאָפֿן בין איך אין זיידנס בית־דין שטוב, אויף דעם באַנק־בעטל, וואָס ביי טאָג איז עס געווען אַ באַנק, אויף וועלכער באַלעבאַטים פֿלעגן זיצן, ווען זיי פֿלעגן קומען מיט עפּעס אַן עניך, און אויף ביינאַכט האָט מען אַרויסגערוקט דאָס אייבערשטע ברייטע ברעט און מען האָט מיר דערין אויסגעבעט אַ געלעגער. דער זיידע פֿלעגט איינטיילן דעם מעת־לעת פּינקטלעך, לויטן זייגער. אַרום צען, האַלב עלף אַ זייגער פֿלעגט ער גיין שלאָפֿן אין זיין שלאָף־צימער, וואָס ער האָט געהאַט צוזאַמען מיט דער באָבען. צו דער זעלבער צייט האָב איך געמוזט גיין שלאָפֿן אין זיין בית־דין שטוב אויפֿן באַנק־בעטל. פּונקט דריי אַזייגער פֿאַרטאָג האָט ער זיך אויפֿגעהויבן פֿון זיין געלעגער, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, געשטעלט אַליין דעם סאַמאָוואַר און דערנאָך אַוועקגעזעצט זיך

לערנען און שרייבן חידושים אויפן לאַנגע שעהן, ביז אַזש אין דער פרי. ביי דעם לערנען האָט ער אַזוי פּאַמעלעך אויסגעטרונקען דעם סאַמאָוואַר טיי. איך פלעג זיך אָפט אויפכאַפּן אין מיטן שלאָף און זען אים זיצן ביים טיש לערנענדיק און טרינקענדיק. איך האָב קיינמאָל נישט געקענט פאַר־שטיין ווי אַזוי דער ייד האָט געקענט אַריינגעמען אין זיך אַזויפיל טיי און תורה. כאָטש די גרויסע בית־דין שטוב, אָנגעפּאַקט מיט ספרים ביי אַלע ווענט פון באַלקן ביז דער ערד, איז געווען איינגעהילט אין שווערע שאָטנס און בלויז דעם זיידנס פּנים און זיין אָפן ספר זיינען געווען שוואַך באַלויכטן אין דער אַרומיקער טונקלקייט, האָב איך זיך געפילט זיכער אין דער נאַכט, געשיצט פון מיין זיידן, און צוריק אַ זיכערער אַריינגעפאַלן אין מיין שלאָף. פונקט האַלב אַכט האָט דער זיידע מיך אויפגעוועקט, געהייסן מיך אָפּגיסן נעגל־וואַסער און אָנטוען זיך. די באָבע, וואָס פלעגט אויך אויפשטיין פאַרטאָג און צוגעגרייט אָנבייסן פאַר דער גאַנצער שטוב, האָט מיך געהייסן אַריינגיין אין קיך און אויסטרינקען אַ גלאָז טיי מיט מילך, ברוינע מילך, וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט געבריט זיך אין גרויסן אויוון. פונקט אַכט, צו דער מינוט, איז דער זיידע געגאַנגען דאַוונען אין דער שול, וואָס האָט זיך געפונען טאַקע לעבן זיידנס הויז. די הויכע אַלטע שול מיט די שווערע מעשענע הענג־לייכטער און רונדע פענצטער, דורך וועלכע פייגל פלעגן ליב האָבן אַריין און אַרויס פליען, איז געווען פול מיט פּראָסטע יידן, באַלמעלאָכעס, וואָס דאַוונען פרי. יעדער פון זיי האָט צוגעטראָגן דעם זיידן דעם „גוט־מאָרגן, רבי". דער זיידע האָט געדאַוונט הויך, מיט התלהבות, וואָס האָט גאָרנישט געפּאַסט צו זיין מתנגדישער שטרענגקייט. די פּראָסטע יידן האָבן געקוקט אויף אים מיט ליבשאַפט, שטאָלץ דערמיט, וואָס ער גייט נישט דאַוונען צו די חסידים און שיינע יידן אין זייערע חסידים־שטיבלעך, נאָר ער דאַוונט מיטן פאָלק אין שול, און נוסח אשכנז דערצו. די פריע תפילות פון די דאַוונער האָבן אָנגעשלאָגן אין דער הויכער אַלטער שול און אַרויסגערופן לאַנגע ווידער־קולות. איך האָב נישט געוואַגט אָוועקצוגיין פון זיידנס שטענדער. גלייך נאָכן דאַוונען, נישט אָפּשטעלנדיק זיך אויף קיין איבעריקע מינוט, פלעגט דער זיידע אַהיימגיין עסן אָנבייסן. די באָבע האָט אים געגרייט אָנבייסן אין בית־דין שטוב — ברויט מיט פּוטער און אַ מילך־גריץ. שטילערהייט, די באָבע זאָל נישט וויסן, פלעגט דער זיידע מיר געבן אַ צענער. מיט דער קופּערנער גרויסער מטבע פלעג איך אָוועקגיין אין מאָנאָפּאָל און קויפן אַ קליין פלעשעלע בראָנפן מיט אַ גרין קוויטעלע אויפן פלעשל. דער זיידע האָט ליב געהאַט צו טרינקען אַ לחיים ביים אָנבייסן ,אָבער ער האָט זיך דערמיט אויסגעהיטן

ווי מיט אַ שוואַכקייט, וואָס מען שעמט זיך דערמיט. קיין אַנדערע שוואַכ־קייטן האָט ער נישט געהאַט. נישט ער האָט געריכערט, נישט ער האָט געשמעקט טאַבאַק. איך בין געווען שטאָלץ דערמיט, וואָס דער זיידע האָט מיך אַריינגעצויגן אין אַ סוד, וואָס קיינער ווייס נישט. נאָכן אָנבייסן פלעגט דער זיידע זיך צוּלייגן אויף צוויי שעה. דאָס האָט ער געטאָן, ערשטנס, ווייל ער איז נישט געשלאָפן גענוג ביינאַכט; צווייטנס, ווייל ער האָט נישט גע־וואָלט פסקענען קיין שאלות נאָך דעם גלעזל בראַנפן. טאָמער פלעגט עמעצער קומען מיט אַ שאלה, האָט מען אים אָפּגעשיקט צום פעטער יוסף, דעם דיין. געגוי נאָך צוויי שעה שלאָפן, האָט דער זיידע זיך אויפגעהויבן און גענומען פירן זיין רבנות. די בית־דין שטוב איז תמיד געווען פול מיט ווייבער, וואָס פלעגן קומען פרעגן שאלות אָדער מזכיר זיין אַ חולה. הגם דער זיידע איז געווען אַ מתנגד, פלעגט ער זיך וואַשן די הענט און זאָגן אַ תפילה פאַר אַ חולה, אָנרופנדיק דערביי דעם נאָמען פון קראַנקן און פון זיין מוטער. די קצבים פלעגן ברענגען צו טראָגן פאַרבלוטיקטע לונג און לעבערס, וואָס האָבן געהאַט אַ סירכא אויף זיך און דער רב האָט געדאַרפט אויסגעפינען צי זיי זיינען כשר אָדער טריפה. אויך די שוחטים פון שטאָט פלעגן קומען אים ווייזן זייערע חלפים פאַר דער שחיטה.

צוויי שוחטים האָט די שטאָט געהט: ר׳ ליפּע און ר׳ אברהמלע. ר׳ ליפּע איז געווען אַ ברייטער ייד מיט אַ ברייטער באָרד און ברייטע פיאות, מיט ברייטע טריט, אַ ייד אַ געלאַסענער און בכבודיקער און אַ לאַנגזאַמער און אַ זיכערער אין זיך אַליין. זיינע חלפים, וואָס ער האָט געטראָגן אין ברייטע בכבודיקע שיידלעך, זיינען געווען אַזוי שיינענדיק און רחבותדיק ווי ער אַליין. מיט גרויס חשיבות פלעגט ער געלאַסן עפענען דאָס שיידל, אָפּפוצן דעם גלאַנציקן חלף מיט אַ צעריסענעם ווייבערשן זאָק און דורכגיין מיט דער שאַרף איבער זיין גרויסן שוחטישן נאָגל. אַזוי ווי ר׳ ליפּע איז געווען ברייט און רונדיק און געלאַסן און זיכער, אַזוי איז ר׳ אברהמלע געווען הויך און דאַר און צעטראָגן און צעקנעפּלט און פאַרזאָרגט. זיין בערדל איז געווען שיטער און צעיאַכמערט, זיינע לאַנגע הענט אומרואיק, זיין שטים קוויטשיק און דערשראָקן. ווי לאַנג דער ייד איז געווען אין זיין הויף, האָט ער געטראָגן אַ קאַפּאָטע וואָס איז נאָך לענגער געווען פון אים אַליין. די קאַפּאָטע זיינע האָט זיך ממש געשלעפּט אים אונטער די פיס. זי איז אויך געווען פאַרבלוטיקט און באַדעקט מיט פעדערן פון עופות. ער האָט די קאַפּאָטע, אַפּנים גענוצט צום שעכטן, ווייל זי איז געווען פאַר־דאַרט פון בלוט און זי האָט געקלאַפּט איבער זיינע פיס, ווי די פאָלעס וואָלטן

געווען פון בלעך. פון זיינע היגטערשטע קעשענעס האָט תמיד ביי אים אַרויסגעקוקט אַ גאַנצע יאַטקע, ווייל ער פלעג אַריינוואַרפן אין די גרויסע קעשענעס אַלע מילצן און לעבערס, וואָס די קצבים פלעגן אים געבן פאַר זיין ווייב, דער שוחטקע. מיינע פעטערס, די אפלאַכער, פלעגן רופן ר' אברהמלען „דער האָן", דערפאַר, וואָס ער איז געווען באַפעדערט פון קאָפּ ביז פיס, און ער האָט אויך מיט זיין דאַרקייט און האַסטיקייט דערמאָנט אין אַ האָן. אָבער ער האָט נישט געהאַט אין זיך די קריגערייען פון אַ האָן. פאַרקערט, דער ייד איז געווען אַן עניו, געפאַלן ביי זיך, קיינמאָל נישט זיכער מיט זיין חלף, קיינמאָל נישט זיכער צי ער מאַכט, חלילה, נישט טריפה אַ בהמה אָדער אַן עוף. אויף אים האָט תמיד געציטערט די הויט, צי ער איז יוצא געגוג אין זיין הייליקער אַרבעט. ער איז אויך געווען אַ גרויסער מכניס־אורח, און ביי זיין גאַנצער בלוטיקער אַרבעט, האָט ער געהאַט אַזאַ ווייך האַרץ, אַז ער האָט ממש נישט געקאָנט צוזען קיין קרומע מינע ביי אַ מענטש. דער זיידע האָט פון אָט דעם ר' אברהמלען געהאַלטן אַ וועלט צוליב זיין געוואַלדיקער פרומקייט און אייביקער מורא פאַר זיין שחיטה.

נאָך די שוחטים פלעגן קומען יידן מיט דין־תורות, קהלשע ענינים. די בית־דין שטוב האָט קיינמאָל נישט גערוט. אָפט פלעגט דער זיידע אויך אָנטאָן די שבתדיקע מלבושים און, באַגלייט פון שמואל שמש, גיין אין שול אויף בריתן, אויף וועלכע מ'האָט אים מכבד געווען מיט סנדקאות. די בריתן אין שטאָט פלעגן ווערן געפּראַוועט אין שול, אויף אַ ספּעציעלער באַנק, אויסגעבעט מיט זייד, אויף וועלכער עס איז געווען אָנגעשריבן „כסא של אליהו". דער זיידע איז געווען סנדק אויף יעדן ברית אין שטאָט. אָבער ער פלעגט קיינמאָל נישט גיין אויף דער סעודה נאָכן ברית, אַפילו נישט צום גרעסטן למדן אָדער נגיד. די בעלי־שמחות פלעגן מיט־געבן שמואל שמש האָניק־לעקעך, באַצירט מיט מזל־טובס, פאַר דעם זיידנס אייניקלעך. איך פלעג זיך מחיה זיין מיט אָט די זיסע האָניק־לעקעכער, הגם שמואל שמש פלעגט זיי האַלטן ביי זיך אין דער הויזן־קעשענע, וואו ער האָט געהאַלטן זיין טאַבאַק, און זיי פלעגן דעריבער שמעקן פון טוטין . . .

מיט נישט קיין גרויס חשק פלעגט דער זיידע גיין אין שטאָטישן גע־ריכט איינשווערן יידישע עדות ביי דער תורה. אויפן ריכטערס טיש פלעגן שטיין צלמים און יויזלעך, און דער זיידע האָט נישט געקענט רואיק קוקן אויף דער עבודה־זרה לעבן זיך. אָבער ער האָט עס געמוזט טאָן, ווייל דאָס איז געווען זיין רבנישע פליכט.

— איי, רבונו של עולם — פלעגט ער דערנאָך טענהן ביי זיך אין בית־דין שטוב — איי, פאָטער אין הימל, וויפל איז דער שיעור צו זיין אין גלות?

איך פלעג גיין צו ר׳ יהושעלען אין חדר בלויז ביז דריי אַזייגער. ער איז געווען אַ שטיל אַלט יידעלע, וואָס האָט שטיל גערעדט, שטיל געלערנט, קיינמאָל קיין ייִנגל נישט אָנגערירט און מיט גוטן אַלץ ביי די תלמידים אויסגעפירט. זיין ווייב איז געווען אַזאַ שטילע טויב, ווי איר מאַן. זי האָט אים גערופן יהושעלע און ער האָט זי גערופן רבקהלע. אין מיטן לערנען פלעגט דער אַלטער זאָגן ווייך:

— רבקהלע, גיב מיר אַ גלאָז טיי, צו דערכאַפּן דאָס האַרץ.

און זי פלעגט ענטפערן נאָך ווייכער:

— שוין, יהושעלע, תיכף־זאַראַז...

צוליב זיין אַלטקייט האָט ער מער נישט געלערנט ווי ביז דריי אַזייגער. דאָס איז געווען פאַר די תלמידים דאָס גרעסטע גליק. מיר פלעגן אַרויסלויפן צו די זאַמדן, וואו אַ פאָלק קאָזאַקן מיט רויטע לאַמפּאַסן אויף די הויזן, מיט איין פּיאה ביי דער זייט, און אָפט מיט איין אויערינגל אין אויער, איז געווען איינגעשטעלט אין די לאַנגע קאַזאַרמעס. אַ תלמיד פון אונדזער חדר האָט געוואוינט דאָרט אויף די זאַמדן, וואו זיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ קרעמל פון אַלערליי זעלנערישע זאַכן, פון קערלעך ביז שרייבגעצייג, ביז קוואַס, שו־וואַקס, סאָדע־וואַסער, צוקערלעך און נאָך אַזעלכע אַנטיקן. מיר פלעגן דעריבער מיטגיין מיט אים צו די זאַמדן אַרויס און צוקוקן זיך ווי אָפיצערן מושטירן די קאָזאַקן, ווי רייטער, מיט הויכע פּיקעס אין זייערע הענט, צעלאָזן זיך גאַלאָפּ אויף זייערע פערדלעך, ווי זיי שפּרינגען אַראָפּ פון די פערד און כאַפּן זיך צוריק אַרויף אויף זיי אין סאַמע מיט לויפן. זיי פלעגן אויך זינגען אָפט און שפּילן. ביי די הייזלעך פון די אָפיצערן פלעגן שטיין וואַכן מיט די שווערדן אין די הענט. פאַר די שטאַלן האָבן קאָזאַקן געפּוצט זייערע פערד, אָפט פלעגן אויך אָפיצערשעס, אָנגעטאָן אין לאַנגע קליידער און אין לאַקירטע שטיוועלעך, דורכרייטן אויף פערד. נאָך זיי פלעגן מיטרייטן זייערע קאָזאַקישע דינער, עטלעכע טריט הינטער זייערע האַרנטעס. איך האָב גאָרנישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון אָט די אַלע זאַכן.

אַ חוץ די קאָזאַקן, איז איינגעשטאַנען אין שטאָט אַן אָפּטיילונג פון דער גרענעץ־וואַך, „אָביעשטשיקעס", באַוואָפנטע לייט אין גרינע אוניפאָרמען. זיי פלעגן אַרומקריכן איבער דער שטאָט, וואָס איז געלעגן נישט ווייט פון דער עסטרייכישער גרענעץ, און זוכן גרענעץ־שוואַרצער און קאָנטראַבאַנד.

געשמוגלט פון עסטרייך. זיי פלעגן אָפּט באַפאַלן יידישע הייזער, מיט די שפּיז־לען אויפגראָבן די ערד און זוכן באַהאַלטענע סחורות. פאַרשטייט זיך, אַז זיי פלעגן זוכן נאָר ביי די, וואָס האָבן זיי קיין כאַבאַר נישט געגעבן. די וואָס זיינען מושווה געוואָרן מיט זיי, האָבן געפירט מסחר מיט קיר״ה אָפן און פריי. נאָך די קאָזאַקן, האָבן אָט די גרענעץ־וואַכן באַצויבערט אונדז מיט זייערע גרינע אוניפאָרמען. מיט זייערע שפּיזלען, וואָס זיי האָבן תמיד גע־טראָגן מיט זיך, גרייט אַריינצושטעקן זיי אין יעדער זאַק, אין יעדער שטיקל פאַרדעכטיקטער ערד, כדי צו דערטאַפּן קאָנטראַבאַנד.

# ר׳ יחיאל, דער ווייבערשער לערער. — ביי מיין זיידן אין בית־דין שטיבל.

אַ חוץ דעם חדר ביי ר׳ יהושע׳לען, האָב איך אויך געלערנט זיך שרייבן אַ שורה־גריזל ביי יחיאלן, דעם ווייבערשן לערער פון שטאָט.

אויף ווי ווייט די געלערנקייט פון אָט דעם לערער, יחיאל, האָט גע־גרייכט קען איך נישט זאָגן. אָבער אין זייער שטוב האָבן זיך געלערנט שרייבן אַלע יידישע יינגלעך און מיידלעך פון שטאָט. צוזאַמען מיט די קינדער, פלעגן אויך זיצן ביים טיש עטלעכע דערוואַקסענע מוידן, בייטאָרינס אָדער דינסטן, וואָס האָבן זיך געגרייט צו תנאים־שרייבן און זיי זיינען געקומען אויסלערנען זיך אונטערשרייבן זייערע נעמען. יחיאל לערער האָט אַליין געמאַכט העפטן פאַר אַלע זיינע שילער און שילערינס. ער האָט צונויפגע־נייט מיט אַ נאָדל־פאָדעם לאַנגע בויגנס פּאַפּיר, צעשניטן זיי, אויסגעווירעט זיי מיט אַ ווירע און בלייפעדער אין גלייכע ליניעס, אָנגעשריבן מיט אַ בלייפעדער אותיות אויף די שורות און געהייסן איבערציען מיט טינט און פעדער די אָנגעצייכנטע אותיות. פאַר די, וואָס האָבן שוין געקענט שרייבן און אויסלייגן, האָט ער פאַרגעלייענט בריוו פון אַ בריוונשטעלער. איך געדענק נאָך ביז היינט דעם בריוו, וואָס איך האָב געדאַרפט שרייבן פון איינעם אַן אַלפרעד צו זיין האָכגעשעצטער בראַט, עליזאַבעט. די ווערטער זיינען גע־ווען הויכע דייטש און אונטערגעשריבן האָב איך זיך „האָכאַכטונגספאָל, דיין ברויטיגאַם אַלפרעד״. איך האָב ביי קיין פאַל נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מען רופט אָן די עליזאַבעט „בראַט״, וואָס האָט אין מיינע אויערן געקלונגען ווי ברויט. אָבער יחיאל לערער האָט געהייסן נישט פרעגן קיין קשיות, נאָר שרייבן, און שרייבן מיט אַ שיינער האַנטשריפט.

— דער עיקר איז די האַנטשריפט, קינדער, — האָט ער געזאָגט, אַרומדרייענדיק זיך איבער דער אָנגעמושבטער געדיכטער שטוב זיינער, וואָס איז געווען פול מיט טעכטער, און איינע אַ טויב־שטומע צווישן זיי, אָבער דערביי זייער אַ פריילעכע און טומלדיקע. קיין שום טומל אין שטוב האָט אים נישט געשטערט, דעם יחיאל לערער. מיט צעוואָרפענע פאָלעס פון זיין צייגן כאַלאַט, מיט הענט פאַרלייגט אויפן רוקן, צי אַביסל נידע־ריקער, האָט ער אַרומגעשפּאַנט הין און צוריק און דיקטירט זיינע דייטש־

מערישע בריוו, אָדער געהאָרעוועט מיט די כלה־מוידן ביים לערנען זיי אונ־טערשרייבן די נעמען. אין מיטן לערנען פלעגט ער אָפט איבעררייסן, ווייל ער האָט געדאַרפט אַריינגיין אין זיין קרעמעלע, וואָס האָט זיך פאַראייניקט מיט זיין קלאַס־צימער, און פאַרקויפן עפּעס צו אַ קונה. דאָס קרעמעלע איז געווען גרויס ווי אַ גענעץ. די גאַנצע סחורה איז באַשטאַנען פון אַ זעקל באַניע־קערן, וואָס מען פלעגט דערפון פאַרקויפן אַ פאַרבייגייענדיקן קאָזאַק פאַרן פרייז פון אַ גראָשן פאַר אַ מעסטל מיט אַ צולאָג; פון אַ פעסל טראָן, מיט וועלכן גויים אָדער פראָסטע יידן פלעגן אויסשמירן זייערע שטיוול אויפן אָרט און באַצאָלן אַ דרייער פאַר אַ קוואַרטירל שמירעכטס; און פון עטלעכע זעקלעך „בשמים״, לאָרבער־בלעטלעך און קאָפּער, וואָס ווייבער פלעגן קויפן צו באַווירצן זייערע איינגעזויערטע אוגערקעס און אַנדערע מעדנים. פון צייט צו צייט פלעגט אַ מיידעלע אַריינלויפן צום לערער און זאָגן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם:

— ר׳ יחיאל, גיט מיר מ׳האַלבן גראָשן באַבקע־בלעטלעך און מ׳האַלבן גראָשן געווירץ...

— תיכף־זאַראַז גיב איך דיר, — האָט יחיאל לערער געזאָגט און איבערגעריסן די לעקציע.

אין בילגאָריי פלעגן יידן זאָגן אָנשטאָט פאַר אַ גראָשן אָדער פאַר אַ האַלבן גראָשן „מ׳גראָשן״ אָדער „מ׳האַלבן גראָשן״, און אָנשטאָט באַלד — „תיכף־זאַראַז״...

איך האָב זייער הנאה געהאַט פון אָט די לעקציעס ביי יחיאל לערער. איך האָב ליב געהאַט צו באַטראַכטן די כלה־מוידן, ווען די פּען האָט ביי קיין פאַל נישט געוואָלט האַלטן זיך אין זייערע האָרעפּאַשנע הענט און צעבראָכן זיך אָדער פאַרגאָסן דאָס פּאַפּיר מיט טינט. איך האָב ליב געהאַט צו הערן די ליבע־לידער פון יחיאלס טעכטער, וואָס רק זיי האָבן געהאַלטן אין איין זינגען. זיי האָבן געענייט מיליטערישע העמדער פאַר קאָזאַקן, און כאָטש די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און אַ נודנע און אַ שלעכט־באַצאָלטע, האָבן זיי פונדעסטוועגן נישט אויפגעהערט זינגען זייערע אייביקע ליבע־לידער. צווישן די באַליבטסטע לידער זייערע איז געווען דאָס ליד פון פייגע־לעס טויט; דאָס ליד פון דער משומדת, וואָס איז אַנטלאָפן מיט אַ שייגעץ, אָבער זי האָט געהאַט אַ שלעכטן סוף און זי האָט געמוזט וואַשן גרעיט ביי יידן; און דאָס ליד פון אַ פרום שניידער־מיידל:

אַמאָל איז געווען אַ שניידער־מיידעלע,
אַ שניידער־מיידעלע,
איז זי געזעסן אין שטוב.

פֿאַרבייגעגאַנגען אַ ראָטנע־אָפֿיצער
און האָט זיך אין איר פֿאַרליבט.
מיידעלע, מיידעלע, ביסט דאָך זייער שיין,
ביסט מיר שטאַרק געפֿעלן,
מיידעלע, מיידעלע, ביסט מלא־חן,
לאָמיר אַ חופּה שטעלן.
אַ חופּה, אָפֿיצער, וועלן מיר נישט שטעלן,
ווייל דיינע רייד זיינען אומזיסט,
אַ חופּה און אַ חופּה קענען מיר נישט שטעלן,
ווייל דו ביסט אַ קריסט.
ווי דער אָפֿיצער האָט עס דערהערט,
האָט עס אים זייער פֿאַרדראָסן,
אַרויסגעכאַפּט האָט ער דעם פּיסטויל
ער האָט זי, נעבעך, דערשאָסן...
אַזוי ווי די קויל האָט איר געטראָפֿן,
געבליבן איז זי ליגן ווי אַ שטיין,
אַרויסגעכאַפּט האָט דער אָפֿיצער דעם פּיסטויל
און זיך דערשאָסן אַליין...

די כלה־מוידן, וואָס האָבן זיך געלערנט אונטערשרייבן זייערע נעמען, פֿלעגן פֿאַרגיסן אַ טרער איבער דעם גורל פֿון פֿרומען שניידער־מיידעלע און פֿאַרפֿלעקן דאָס ריינע אויסגעווירעטע פּאַפּיר פֿון יחיאל לערערס צו־זאַמענגענייטע העפֿטן. גיכער פֿון אַלע ביים נייען די העמדלעך און העכער פֿון אַלע ביים זינגען די ליבע־לידער איז געווען יחיאלס שטומע מויד. זי האָט געוואָיעט מיט אויסטערלישע קולות, ווילדע און הייסע, ווי אַ צויג אין פֿרילינגס־צייט, ווען מען לאָזט זי נישט אַרויס צו די הינטישע זכרים.

אַז איך פֿלעג פֿריי ווערן פֿון חדר און פֿון יחיאל לערער, פֿלעג איך זיך פֿאַרקלייבן אין בית־דין שטוב און צוקוקן זיך מיט נייגעריקייט ווי אַזוי דער זיידע פֿלעגט פֿירן זיין רבנות.

תמיד איז דעם זיידנס שטוב געווען פֿול מיט מענטשן. תמיד זיינען דאָרט פֿאַרגעקומען דין־תורות און אסיפֿות, און אַלערליי יידן פֿון דער פֿרעמד פֿלעגן קומען: אַ נשרף, אַ שיינער ייד, אַ געלט־זאַמלער, אַ מחבר מיט אַ ספֿר. אַמאָל פֿלעגט אַריינפֿאַלן אַ ירושלמי, אַ ייד מיט אַ זשופּיצע מיט פּאַסן, ווי אַ נקבֿה, און פֿלעגט רעדן לשון־קודש, צי גאָר תרגום־לשון. צווישן די אַלע מענטשן האָבן זיך געפֿונען טשיקאַווע לייט, וואָס האָבן

גערעדט טשיקאַווע רייד. מער ווי פון אַלץ, האָב איך הנאה געהאַט פון די גטן, וואָס פלעגן אָפט געפּראַוועט ווערן אין זיידנס הויז צווישן פאַרפעלקער, וואָס האָבן ניט געקענט הויזן צוזאַמען. מען פלעגט קומען מיט גטן נישט נאָר פון דער שטאָט און דער אומגעגנד, נאָר אויך פון שכנישע שטעטלעך, וואָס האָבן קיין טייכן נישט געהאַט, און צוליב דעם האָט מען אין זיי קיין גטן נישט געטאָרט שרייבן. לויט דעם יידישן דין מוז מען אין אַ גט אָנגעבן אַ נאָמען פון אַ קהילה, וואָס ליגט ביי אַזאַ און אַזאַ טייך. בילגאָריי האָט גע־האַט אַ טייך, און מען פלעגט קומען מיט גטן פון פיל טייכלאָזע שטעטלעך. דער סופר מיט עדות פלעגן זיצן ביים זיידנס טיש. דאָס גטנדיקע פאָרל פלעגט שטיין. דער זיידע פלעגט פרעגן צום וויפלטן מאָל די זעלבע פראַגן ביי מאַן און ווייב:

— דו, זאב צבי, וואָס מען רופט דיך וואָלף הירש, ווילסטו גטן דיין ווייב אסתר הדס, וואָס מען רופט זי עטל האָדל?

— אַוודאי, זי שטייט מיר שוין ווי אַ ביין אין האַלדז, רבי! — פלעגט דער ייד ענטפערן.

— זאָג בלויז יאָ, קיין איין וואָרט נישט מער, ווייל דו וועסט פּסול מאַכן דעם גט, — האָט שמואל שמש זיך געבייזערט אויף דעם ייד, וואָס האָט גערעדט מער ווי מען דאַרף.

מיין זיידע האָט געפרעגט ביי דער יידענע, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ פאַטשיילע איבער די אויגן, כדי נישט צו ווייזן איר פנים פאַר מאַנסבילן:

— דו, אסתר הדס, וואָס מען רופט דיך עטל האָדל, ווילסטו מיטן גוטן ווילן נעמען גט פון דיין מאַן זאב צבי, וואָס מען רופט אים וואָלף הירש, אָדער ביסט געצוואונגען דערצו דורך אים אָדער דורך זיינע קרובים אָדער דורך וועמען עס איז? . . . אויב דו האָסט חרטה, אויב דו האָסט דעם מינדסטן קלער פון חרטה, אויב דו האָסט אַ מודעה, אַ מודעה דמודעה, אַ מודעה דמודעה דמודעה, דעם מינדסטן געדאַנק פון חרטה בלויז, פאַרבאָרג עס נישט און זאָג עס פאַרן בית־דין . . .

— זאָג ניין, אשה, בלויז איין וואָרט, ווייל אַ נישט וועט דער גט ווערן פּסול, — האָט שמואל שמש געוואָרנט די יידענע.

— ניין, — האָט די יידענע געזאָגט.

אָבער דאָס פלעגט נישט אַלע מאָל צוגיין אַזוי גלאַטיק. אָפט האָט די יידענע, קעגן אַלע וואָרעניש, גענומען עפענען אַ מענה־לשון, שילטן דעם מאַן אירן מיט טויטע קללות, און דאַן פלעגט דער גט פּסול ווערן און מען האָט געמוזט אָנהייבן די גאַנצע צערעמאָניע אויפסניי.

דער זיידע פלעגט נישט לייכט געבן קיין גט. ער פלעגט פרובירן אַלץ אין דער וועלט צו מאַכן שלום. נאָר ווען קיין זאַך האָט נישט געפּועלט, האָט ער געגעבן גט אַ פּאָרפאָלק, וואָס האָט זיך אַרומגעריסן, אָדער אַ פּאָרפאָלק, וואָס האָט צען יאָר נאָך דער חתונה קיין קינדער נישט געבוירן. אַן אָפּטער גאַסט אין זיידנס בית־דין שטוב איז געווען אַ פּאָרפאָלק פון אַ נאָענטן דאָרף, וואָס פלעגט אָפּט קומען גטן זיך און צוריק חתונה האָבן און ווידער זיך גטן, אַזוי אָן אַ סוף. איך געדענק נישט מער ווי אַט דאָס פּאָרפאָלק האָט געהייסן און פון וועלכן דאָרף זיי פלעגן קומען. אָבער איך געדענק, אַז דער ייד פלעגט מאַכן טעפּ פון ליים און פאַרקויפן זיי אויפן מאַרק. ער איז שוין געווען אַ ייד אין די יאָרן; אַזוי איז אויך געווען זיין ווייב. זיי האָבן שוין אַלע קינדער געהאַט אויסגעגעבן, אָבער זיי האָבן זיך נאָך געהאַלטן אין איין אַרומרייסן און פלעגן קומען צום זיידן זיך גטן. דער זיידע פלעגט זיי אָפּשיקן אַהיים אויף אַ וואָך, זיי זאָלן זיך מיישב זיין. אָבער נאָך דער וואָך פלעגן זיי ווידער קומען און פאָדערן אַ גט.

— רבי, איך קען נישט זיין מיט דער ארורה קיין איין טאָג מער! — האָט דער טעפּער געשריגן.

— איך על בעסער גיין אין די הייזער אײדער עסן ברויט ביי דעם פעלד־גזלן! — האָט די טעפּעריכע געטענהט.

עס איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה ווי אָפּגטן זיי.

מיט זיי האָט שמואל שמש קיין אַרבעט נישט געהאַט ביים לערנען זיי ענטפערן אויף די פראַגעס. זיי האָבן שוין געקענט די זאַכן פון אויסנווייניק. זיי פלעגן אויך קומען צום גט אָנגעטאָן אין די שבתדיקע מלבושים, ווי צו אַ שמחה. איבערהויפּט פלעגט ער, דער טעפּער, זיך אויספּוצן צום גט. די הויזן האָט ער דווקא נישט איבערגעביטן. ער האָט געטראָגן די וואָכעדיקע תחתונים, אויסגעשמירטע אין ליים; אָבער אויף אָט די וואָכעדיקע הויזן האָט ער אַרויפגעצויגן אַ שבתדיקע קאַפּאָטע, אמת, אַן אויסגעוואַקסענע און אַן ענגע, ווייל ער האָט זי מסתמא נאָך געהאַט פון דער חתונה זיינער, אָבער פאָרט אַ שבתדיקע, אַ קאַפּאָטע מיט טאַשמעלעך אַרום די ברעגן און מיט ווייסע ביינערנע קנעפּ. מען האָט שוין געוואוסט אין זיידנס שטוב, אַז ווען דער טעפּער קומט אין זיין שבתדיקער קאַפּאָטע, גייט ער זיך גטן. אין דער זעלבער קאַפּאָטע, פלעגט ער מיט אַ וואָך שפּעטער קומען צוריק חתונה האָבן מיט דער געגטער יידענע זיינער. שמואל שמש, וואָס איז אויך געווען אַ שטיקל שדכן, האָט שוין געזען, אַז עס זאָל קומען צוריק צו אַ שידוך. זיצנדיק ביי דער באָבען אין דער קיך און אויסטרינקענדיק אָן אַ שיעור גלעזער טיי מיט איין שטיקל צוקער, פלעגט ער, שמואל שמש, דערציילן מיט הנאה,

ווי אַזוי ער מאַכט עס. די ערשטע עטלעכע טעג טשעפּעט ער אים נישט, דעם טעפּער. שפּעטער גייט ער אַרויס צו אים הינטער דער שטאָט. ער טרעפט זיין שטוב נישט צוגערוימט, דעם אויוון קאַלט, די בעטן נישט פאַרבעט. דער טעפּער איז אַליין, אומעטיק און הונגעריק.

— וואָס מאַכט אַ ייד? — פרעגט אים שמואל שמש.

— איי, ביטער פאַר אַ מאַנסביל צו זיין אַליין, אָן אַ יידענע, — קלאָגט זיך דער אַלטער. — נישטאָ ווער ס'זאָל אָפּקאָכן אַ קאַרטאָפליע, ווער עס זאָל צורוימען. אַ הקדש אין שטוב.

— איר דאַרפט חתונה האָבן, — זאָגט אים דער שמש.

— וועלכע לייטישע יידענע וועט וועלן חתונה האָבן מיט מיר, אַ ייד אָן אַרעמאַן? — טענהט דער טעפּער. — און ווידער אַריינגעמען אַ שלאַק אין שטוב, וועט זי מיר דערגיין די יאָרן, קיין מנוחה נישט געבן אויף דער עלטער.

— איר ווייסט גאָר וואָס: נעמט צוריק אייער אַלטע יידענע, — טענהט שמואל שמש. — זי איז שוין צוגעוואוינט צו אייער שטוב, ווייסט וואָס איר האָט ליב און וואָס נישט, קען אַלע אייערע משוגעתן... איר זענט צו איר אויך צוגעוואוינט. וואָס קען זיין אַ גלייכערער שידוך? . . .

פאַרשטייט זיך, אַז אין אָנהויב קווענקלט זיך דער אַלטער. עס שטייט אים נישט אָן זי צוריקצובעטן. אָבער שמואל שמש, אַ ייד מיט אַ גלאַטער צונג, ווייזט אים אויף מיט אותות ומופתים, אַז עס איז אַ באַשערטע זאַך, און ער פּועלט ביי אים. פּונקט אַזוי פּועלט ער ביי דער אַלטער. ווידער טוט אָן דער טעפּער זיין שבתדיקע קאַפּאָטע, קומט צום זיידן זיך אויסגלייכן און שטעלן אַ חופּה. דאָס קידושין־רינגל איז דאָ נאָך פון דער ערשטער חתונה. שמואל שמש רופט אַ מנין בטלנים פון בית־המדרש, דער חתן שטעלט לעקעך און בראָנפן און ער איז גליקלעך.

— אָבער פון איצט אָן זאָל שוין זיין שלום, — זאָגט מיין זיידע, — נישט גטן זיך מער!

— רבי, נאָט אייך תקיעת־כף! — שרייט דער טעפּער, — זאָל איך אַזוי . . .

דער זיידע נעמט נישט ביים טעפּער קיין תקיעת־כף, ווייל ער איז זיכער פריער־אויס, אַז ער וועט עס נישט האַלטן. אין עטלעכע וואָכן שפּעטער קומט דער ייד ווידער אין זיין שבתדיקער קאַפּאָטע. מען ווייס שוין פריער־אויס, אַז ער קומט זיך גטן. . .

אָט דאָס פאַרפאַלק, ווי אַנדערע גטנדיקע פאַרפאַלקן, זיינען געווען פאַר מיר אַ קוואַל פון יינגלערישן תענוג. איך האָב מיך נייגעריק צוגעקוקט

צו זייערע תנועות און העוויות, צוגעהערט זיך צו זייערע טענות און מענות און קללות און געשרייען. איך בין גאַרנישט מיד געוואָרן אויסצוהערן אַלע־מאָל אויפסניי די אייביקע דין־תורות, גטן און פּטורים אויסגלייכעניש און לאָדענישן. איינמאָל, געדענק איך, איז אַ באַהעלפער פון אַ חדר געקומען אָפּ־לאָזן אַ שידוך מיט זיין כלה, ווייל דער מחותן האָט אים נישט מסלק געווען דעם נדן, וואָס ער האָט אים צוגעזאָגט. די דין־תורה איז געווען אַ שטורמישע. דער מחותן האָט זיך געקאָכט, די כלה האָט געוויינט, די מחותנתטע האָט געיאָמערט. די באָבע מיינע האָט נישט געקענט צוזען די טרערן פון כלהס צד און זי האָט זיך אַריינגעלייגט אין שלום, הגם דאָס איז געווען אַ זאַך פון דער בית־דין שטוב און נישט פון איר מלוכה אין דער קיך.

— מעג מען אַזוי מבייש זיין אַ יידישע טאָכטער? — האָט זי געמוסרט דעם באַהעלפער פאַר וועלן אָפּלאָזן דעם שידוך. — מעג אַ ייד טאָן אַזאַ הימל־שרייענדיקע עוולה?

דערביי האָט זי אים געבראַכט אַ ביישפּיל פון יעקב אָבינו און לאהן, וועגן וואָס זי האָט געלייענט אין איר טייטש־חומש: „ווען לבן האָט אָפּ־גענאַרט יעקבן און אים געגעבן לאהן אַנשטאָט רחלען, זאָגט דער רבינו בחיי, אַז יעקב האָט געוואוסט, אַז דאָס איז לאה, נישט רחל, אָבער ער האָט זיך אויפן אָרט נישט ווי סנדיק געמאַכט, ווייל ער האָט לאהן נישט געוואָלט פאַרשעמען״. אַזוי דאַרף אַ ייד טאָן, נישט מבייש זיין אַ יידישע טאָכטער, — האָט די באָבע אויסגעפירט.

דער באַהעלפער האָט אויסגעהערט די גאַנצע געשיכטע און זיך פאַנאַנ־דערגעלאַכט.

— יעך בין נישט אַזאַ יאָלד ווי יעקב אָבינו, — האָט ער געזאָגט, — מיך קען מען נישט אָפּנאַרן...

די באָבע האָט זיך פאַרשטאָפּטביידע אויערן, הערנדיק די פאַרשווע־כנדיקע רייד וועגן יעקב אָבינו.

— ביסט אַ גראָבער יונג און אַ מחוצף, — האָט זי אים געזאָגט און מיט גיכע טריטעלעך אַריינגעלאָפן אין איר קיך, קלינגענדיק מיט אַלע שליסלען און שליסעלעך.

איינמאָל, געדענק איך, האָט דער זיידע און זיין שמש געהאַט צרות־צרורות מיט אַ ווייבל, וואָס האָט נישט געקענט אַרויסזאָגן דאָס אות „צדיק״. אָט דאָס ווייבל האָט געדאַרפט נעמען חליצה פון איר שוואָגער, ווייל איר מאַן איז געשטאָרבן אָן קינדער. וואָכן־לאַנג האָט זי געהאַט דין־תורות מיטן שוואָגער אירן צוליב דער חליצה. דער שוואָגער, אַ ביטערער אָרעמאַן, האָט פאַרלאַנגט, אַז די שוועגערין זאָל אים באַלוינען פאַר דער חליצה, וואָס ער

וועט איר געבן, אַזוי אַז זי זאָל מעגן חתונה האָבן ווידער. דאָס ווייבל האָט געטענהט, אַז זי האָט קיין פּרוטה נישט ביי דער נשמה, ווייל זי האָט אַלץ פאַרזעצט ביי דעם מאַנס קראַנקהייט. מיין זיידע האָט גערעדט מיטן שוואָגער, אַז עס איז אַן עוולה, וואָס ער פאָדערט געלט פאַר אַ מצווה אויפצובינדן אַ יידישע טאָכטער. אָבער דער יונגערמאַן האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס, אַז אויב די שוועגערין וויל חתונה האָבן, זאָל זי זיך לאָזן קאָסטן. אומזיסט וועט ער איר קיין חליצה נישט געבן. עס איז געווען אַ ביטערער סכסוך צווישן צוויי אָרעמע און אומגליקלעכע מענטשן. ענדלעך האָט דער זיידע געפּועלט, אַז דאָס ווייבל זאָל געבן איר שוואָגער הונדערט גילדן, וואָס איז געווען אַ סומע פון 15 רובל, אויב איך האָב קיין טעות נישט. ער האָט געהאַט געפאָדערט הונדערט רובל. עס איז אָפּגערעדט געוואָרן דער טאָג פון דער חליצה. אָבער ווען שמואל שמש האָט גענומען לערנען דאָס ווייבל צו זאָגן דעם פּסוק „חלוץ הנעל", ווי מען דאַרף זאָגן די ווערטער ביי דער צערעמאָניע, האָט דאָס ווייבל נישט געקענט אַרויסזאָגן דעם „צדיק" פון וואָרט „חלוץ", נאָר אָנשטאָט דעם געזאָגט „חלוס", מיט אַ סמך. צוליב דעם האָט מען איר קיין חליצה נישט געקענט געבן. דער זיידע האָט אַוועקגעלייגט זיין תורה, וואָס ער האָט געלערנט מיט זיין תלמיד טודרוס, אַ בחור אַ למדן, און גע־נומען לערנען מיט דעם ווייבל.

— זאָגט „חלוץ", — האָט ער זי געלערנט, — חלוץ, חלוץ...

— חלוס, — האָט דאָס ווייבל געזאָגט.

שמואל שמש האָט געאַרבעט מעשים.

— זאָג: גריץ, סיטץ, היץ, שוויץ... — האָט ער זיך געקאָכט.

דאָס ווייבל האָט די אַלע ווערטער ריכטיק אַרויסגערעדט, אָבער ווי נאָר עס איז געקומען צום וואָרט „חלוץ", האָט זי געזאָגט גרייזיק. דער שמש האָט געברענט ווי פייער.

— נאַריש ווייבל! אַז דו קענסט זאָגן גריץ און היץ, פאַרוואָס זאָלסטו נישט קענען זאָגן חלוץ? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען.

מיין זיידע האָט דעם כעסנדיקן שמש אָפּגעשטעלט און גערעדט צום ווייבל מיט גוטן, מיט שכל.

— זעט צו זאָגן ריכטיק דאָס וואָרט, ווייל אַ נישט וועט איר קיין חליצה נישט קריגן און איר וועט מוזן אָפּפינצטערן אייערע יאָרן. איך האָב קוים געפּועלט ביי אייער שוואָגער, ער זאָל אייך געבן חליצה.

דאָס ווייבל האָט געפלאַמט פון בושה, געוויינט, אָבער זי האָט ביי קיין אופן נישט געקענט נאָכזאָגן ריכטיק דאָס וואָרט, ווי מען האָט עס פון איר פאַרלאַנגט.

אַפּנים, אַז שמואל שמש האָט זי גלייך איבערגעשראָקן ביים ערשטן מאָל, ווען זי האָט על־פּי טעות אַרויסגעזאָגט חלוס אַנשטאָט חלוץ. ער האָט זי געמוזט אָנשרעקן, אַז צוליב דעם אות קען זי בלייבן אומאויפגעבונדן אַ גאַנץ לעבן, און דאָס האָט דאָס אומגליקלעכע דערשראָקענע ווייבל אַזוי צערודערט, אַז ביי איר האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאָמפּלעקס און פון גרויס שרעק פאַר דעם „צדיק״ איז זי געבליבן געליימט ביים אַרויסברענגען אים. שמואל שמש האָט די זאַך אויסגעטייטשט אויף זיין פּשוטן אופן.

— זי איז אַ יידענע אַ בהמה, — האָט ער געזאָגט פאַר מיין באָבען, וואָס האָט געאַרבעט מיטן ווייבל ביים אַרויסזאָגן ריכטיק דאָס וואָרט.

— אַ שאָד אייער טירחה, רביצן, זי וועט שוין בלייבן אַן אַלמנה ביזן טויט אַריין.

מיין זיידע האָט נישט אָפּגעלאָזט. ער פלעגט זיך תמיד שטאַרק מתעסק זיין, ווען עס איז געקומען אויפצובינדן יידישע טעכטער, וואָס זיינען גע־בליבן עגונות, אויסגעפאָרשט עדות און געשריבן בריוו און שאלות־ותשובות, אַזוי אַז עס זאָל, חלילה, נישט קומען צו קיין זינד צווישן יידן. און אויך איצט האָט ער געאַרבעט מעשים, אַזוי אַז דאָס ווייבל זאָל קענען נעמען חליצה און נאָכאַמאָל חתונה האָבן. ער האָט אָוועקגעלייגט זיין תורה און געהאַלטן טאָג נאָך טאָג אַליין לערנען מיט דעם ווייבל, גערעדט צו איר, באַרואיקט זי מיט גוטן, ביז ער האָט זי איינגענומען און זי האָט ענדלעך אָנגעהויבן אַרויסזאָגן דעם „צדיק״ ריכטיק. צו דער חליצה איז זיך צו־נויפגעקומען קינד און קייט אין דער ווייבער־שול, וואו די צערעמאָניע איז פאָרגעקומען. דער שוסטער, דער גרעסטער פּאַרטאַטש פון שטאָט, האָט געבראַכט צום זיידן צו באַטראַכטן דעם חליצה־שוך, וואָס ער האָט געמאַכט, אַ גרויסן אומגעלומפּערטן שוך מיט לעדערנע בענדלעך. דאָס איז אפשר געווען דער איינציקער נייער שוך, וואָס דער לאַטוטניק האָט געמאַכט אין זיין לעבן. דער זיידע האָט געפּוגען, אַז ער איז געמאַכט על פּי דין, און ער האָט געהייסן נעמען זיך צו דער צערעמאָניע. שמואל שמש האָט געבראַכט אַ שיסל מיט וואַרעם וואַסער און זייף און ער האָט אין דער ווייבער־שול, פאַר אַלעמען אין די אויגן, אָפּגעוואַשן ביי דעם חליצה־געבער איין פוס, אויף וועלכן מען וועט אים דאַרפן אָנטאָן דעם חליצה־שוך. ער האָט אים געוואַשן לאַנג און פּינקטלעך, אָפּגעשניטן די נעגל, גערייניקט ווי ביי טהרה. דער יונגערמאַן האָט דאָס וואַשן נויטיק געדאַרפט, און נישט פאַר איין פוס, נאָר טאַקע פאַרביידע. אָבער שמואל שמש האָט געהאַט אַ באַפעל אָפּצוואַשן יענעם איין פוס און אַזוי האָט ער

געטאָן; דער צווייטער פוס איז נישט זיין עסק. דער חליצה־געבער, מיט איין געוואַשענעם און איין נישט געוואַשענעם פוס, האָט געלאָזט זיך אָנטאָן דעם חליצה־שוך און געפילט זיך געהויבן, וואָס מען וואַשט אים און מען טוט אים אָן. דערנאָך האָט דער קברן געבראַכט דאָס טהרה־ברעט און אַוועק־געשטעלט אין אַ ווינקל. דורך דעם עולם איז אַ פּחד דורכגעגאַנגען. מען האָט געזאָגט, אַז הינטער דעם טהרה־ברעט געפינט זיך די נשמה פון פאַר־שטאָרבענעם קינדער־לאָזן מאַן, וואָס קומט צו דער חליצה פון זיין אַלמנה, און מען טאָר דעריבער נישט קוקן אין דעם ווינקל, ווייל מען קען, חלילה, גע־ניזוקט ווערן. ווי תמיד, האָט מיך געצויגן מיט סכנת־נפשות צו קוקן דאָרט, וואו מען טאָר נישט, הגם איך האָב געציטערט פאַר פּחד. דער זיידע האָט געהייסן זיין שטיל און גענומען זיך דורכפירן די חליצה. דאָס ווייבל, איבער־געדעקט מיט אַ שאַל דאָס פּנים צווישן מאַנסביל, האָט ציטערנדיק נאָכגע־זאָגט די ווערטער און געוויינט. אַ ווײַלע איז געווען אַ געפאַר, אַז זי זאָל ווידער זיך נישט דערשרעקן פאַר דעם „צדיק" און קאַליע מאַכן די גאַנצע חליצה. אָבער זי איז דורך בשלום. מיין זיידנס פּנים האָט זיך אויסגעלייטערט. דאָס ווייבל האָט אויסגעשפּיגן פאַר איר שוואָגער. עמעצער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם חליצה־שוך. אַלע האָבן זיך גלייכצייטיק שנעל אָפּגעקערט, ווייל מען האָט געגלויבט, אַז ווען דער געוואָרפענער שוך רירט אָן, לעבט נישט אויס דאָס יאָר.

אַזעלכע און אַנדערע זאַכן האָב איך זיך אָנגעזען גענוג אין מיין זיידנס הויז אין די זומערס, ווען איך פלעג קומען מיט מיין מוטער קיין בילגאָריי. ווי אין זיידנס בית־דין שטוב, אַזוי זיינען אין דער באָבעס מלוכה, דער קיך, געקומען אַלערליי ווייבער מיט זייערע צרות און נחת, סכסוכים און דאגות. איך האָב אָפט זיך אַרויסגעכאַפּט פון זיידנס בית־דין שטוב און פאַרבראַכט אין דער גרויסער קיך, אין דער ווייבערישער מלוכה.

# די ווייבערישע מלוכה אין דער קיך

כאָטש דער באָבעס מלוכה איז געווען אין דער קיך, נישט קיין איבע־ריק אָנגעזען אָרט פאַר אַ קעניגרייך, האָט זי, די באָבע, דאָרט געפירט איר ווייבערישע ממשלה מיט גרויס ווירדע.

דאָס רבנישע הויז איז תמיד געווען אָנגעשטאָפּט. קודם־כל האָט זיך אויפ־געהאַלטן אין שטוב דער פעטער איטשע מיט זיין ווייב רחלע און זייערע צוויי קינדער. דער פעטער איטשע איז געווען אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געדויכערט אַ סך פּאַפּיראָסלעך, געקענט שרייבן רוסיש מיט אַ געוואַלדיק שיינער האַנטשריפט, געהאַט סמיכה אויף רבנות, און אפילו אַריינגעקוקט אין אַן אַלט־געבאַקענער רוסישער צייטונג, וואָס ער פלעגט אַמאָל לייען ביי איינעם פון די שטאָטישע באַאַמטע. ער פלעגט אויך פירן פאַרן זיידן די קאַזיאָנע ביכער און אויסשרייבן מעטריקעס. מיט איין וואָרט, ער איז גע־ווען אַ יונגערמאַן אַ מושלם, וואָס קען אַלץ. אָבער ווי גרויס מושלם ער איז געווען, אַזוי גרויס שלים־מזלניק איז ער געווען. ער האָט זיך צו קיין שום פרנסה נישט געקענט דערשלאָגן. און ער איז דעריבער געזעסן מיט ווייב און קינדער און געגעסן אייביקע קעסט ביים זיידן. אַזוי ווי ער איז געווען דער יינגסטער צווישן די ברידער און שוועסטער זיינע און דער ליבלינג ביי דער באָבען האָט ער זיך געפעשטשעט ווי אַ יינגל אַ בן־יחיד, און ער האָט געטאָן דער באָבען אַ טובה, אַז ער האָט געגעסן. אין דער שטוב האָבן זיך אויך אויפגעהאַלטן צוויי דערוואַקסענע מיידלעך, טעכטער פון דער מומע שרה, וואָס איז געבליבן אַן אַלמנה נאָך איר ערשטן מאַן און חתונה געהאַט מיט אַן אַנדער מאַן פון שטעטל טאַרנאָגראָד. אירע דריי קינדער פון ערשטן מאַן זיינען דעריבער געווען ביים זיידן אין הויז. דער זיידע האָט עס געהאַלטן פאַר אַ מצווה צו דערציען די צוויי יתומות, סימעלע און טויבעלע, ווי אייגענע טעכטער און אויסגעבן זיי פאַר וואויל־לערנערס, וועמען מען דאַרף געבן נדן, מתנות און קעסט. צוזאַמען מיט זיי איז געווען אין שטוב זייער ברודער עליע, אַ בחור, וואָס איז געזעסן און געלערנט. אָפט פלעגט אויך קומען אויף אַ צייט אַ טאָכטער פון דער מומע טויבע, וואָס האָט גע־וואוינט אין שטעטל גאָרשקאָוו. אויף די זומערס פלעגט מיין מאַמע קומען מיט מיר און מיין שוועסטער. די אַלע האָט מען געדאַרפט שפייזן, קליידן און שוכן, און די באָבע, דאָס קליינע יידנקעלע מיטן גרויסן בונט שליסלען,

האָט געהאַט אַ סך אַרבעט און קאָפּדרייעניש צו באַזאָרגן אַלעמען און אַלץ. צו דעם איז איר קיך גלאַט אַזוי געווען תּמיד פֿול מיט געסט, אורחים, גבאיטעס, צדקה־קלײַבערינס, אָרעמע־לײַט און סתם מענטשן, וואָס זײַנען אַרײַנגעקומען צום רבֿ אין הויז, צי זיי האָבן עס יאָ געדאַרפֿט, צי נישט.

דעם זיידנס הויז האָט געהערט צו קהל און איז געשטאַנען אויף קהלישן באָדן, לעבן דעם שול־הויף, וואו עס האָבן זיך געפֿונען אויך די בתי־מדרשים, קלויזן, דאָס הקדש און אַלע איבעריקע גוטע זאַכן. יידן האָבן דעריבער באַטראַכט דעם זיידנס הויז פֿאַר אַ מין קהלישע אינסטיטוציע, ווי אַ בית־המדרש, אַשטייגער, וואוהין מען קען אַרײַנגיין בײַ יעדער געלעגנהייט. איז אַ ייד געווען דורשטיק, איז ער אַרײַנגעגאַנגען צום רבֿ אין גרויסן פֿאָרהויז, וואו עס איז געשטאַנען אַ פֿאַס וואַסער, האָט אָנגעשעפּט אַביסל וואַסער אין דער גרויסער שווערער קופּערנער שעפּ, און אין איין וועגס שוין אַרײַנגעגאַנגען צו דער באָבען אין קיך זאָגן „גאָט־העלף, רביצין". האָט אַ ייד אַ בטלן פֿאַרחלשט דאָס האַרץ אין בית־המדרש בײַ דער תּורה, איז ער אַרײַנגעגאַנגען צו דער רביצין אין קיך און געבעטן אַ גלאָז טיי. צום יידן אין בית־דין שטוב האָט מען נישט געהאַט די העזה אַרײַנצוגיין. געוויינלעך, פֿלעגט אַזאַ ייד טענהן, אַז אַ שטיקל צוקער האָט ער מיט זיך, אָדער אַז ער טרינקט טיי אָן צוקער. אָבער די באָבע פֿלעגט נישט וועלן הערן פֿון אַזאַ זאַך, אַ ברום געבן „חס וחלילה" און צוטראָגן דעם יידן טיי מיט אַ קלעצל צוקער. תּמיד האָט עס זיך נישט געענדיקט מיט איין גלעזל, נאָר מיט עטלעכע גלעזער. פֿון אורחים איז אָפּגערעדט. בילגאַריי האָט געהאַט גרויס דערפֿאָלג בײַ אורחים, וואָס פֿלעגן זיך אָנקומען פֿון אַלע עקן פּוילן. און תּמיד פֿלעגט מען טרעפֿן אין דער באָבעס קיך זיצן אַ פֿאַרקאָלטנטן אָפּגעריסענעם הייזער־גייער בײַם קיך־טיש און עסן אַ גריץ אָדער אַ שיסעלע קאַרטאָפֿל מיט באָרשטש. אָט די מדינה־גייער האָבן געהאַט גוואַלדיקע אַפּעטיטן און זיי פֿלעגן תּמיד בעטן, מען זאָל זיי צוגיסן נאָך אַ פּאָר לעפֿל. איינעם אַזאַ בעטלער געדענק איך, ווי ער וואָלט מיר נאָך איצט געשטאַנען פֿאַר די אויגן. דאָס איז געווען אַ באַוואַקסענער שוואַרצבערדיקער ייד מיט אַ גרויסער טאָרבע איבערן אַקסל, און אַ גוואַלדיקער שטאַמלער. ער פֿלעגט אָפֿט קומען קיין בילגאַריי און יעדעס מאָל אָפּשטאָטן אַ וויזיט בײַ דער באָבען אין קיך. אים פֿלעגט תּמיד עפּעס פֿעלן צום עסן. געוויינלעך פֿלעגט אים די באָבע געבן צוויי היפּשע שיסלען, איינע מיט קאַרטאָפֿל, די אַנדערע מיט באָרשטש. דער בעטלער פֿלעגט עסן גיך, ראַשיק. איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, פֿלעגט ער זאָגן:

— ררררביצין, ס׳פעלט מיר צו אַ בבבביסל באָרשטש צו די קאַר־טאָפליעס . . .

די באָבע האָט אים צוגעגאָסן אַ נייע שיסל באָרשטש. אין אַ מינוט אַרום האָט מען ווידער געהערט זיין שטאַמלען:

— ררררביצין, ס׳פעלט מיר צו אַביסל קאַרטאָפליעס צום באָרשטש . . .

אַזוי איז עס געגאַנגען אַ מעשה אָן אַ סוף.

פון נישט־ווייטן הקדש פלעגן קומען קראַנקע אָרעמע ווייבער נאָך אַ דערקוויקעניש. תמיד האָט זיי פאַרחלשט דאָס האַרץ, „געקלעמט ביים לע־פעלע״, „געגנאָגט ביים גריבל״, און די באָבע האָט זיי געדאַרפט מחיה זיין מיט אַביסל קאַרשן־זאַפט אָדער איינגעמאַכטס. אַנדערע האָבן געדאַרפט יאַיכלעך, אָדער גלאָט אַ לעפל געקעכטס. די ווייבער פלעגן רעדן און ווינטשן און וויינען און זיפצן און יאָכצן, אַז מען פלעגט האָבן וואַסער אין די אוי־ערן פון זיי. גבאיטעס מיט זיידענע טיכלעך אויף די קעפּ, וואָס תמיד זאָמ־לען זיי פאַר אַ דבר־טוב, פאַר קימפעטאָרינס, פאַר פאַרזעסענע כלות, פאַר מתים אָן תכריכים און פאַר נאָך אַזעלכע זאַכן, זיינען אויך געווען אָפטע געסט ביי דער באָבען אין קיך. מיט אָט די בכבודיקע באַלעבאָסטעס האָט מען געדאַרפט זיך אַוועקזעצן שמועסן, שטעלן פאַר זיי אַ כיבוד, וואָס זיי האָבן געשריגן געוואַלד, אַז זיי ווילן אים נישט, אָבער די באָבע האָט ענד־לעך געפּועלט ביי זיי, זיי זאָלן זיך דערקוויקן מיט עפּעס, און עס איז ווידער אַוועק אַ סדרה פון ברכות און ווינטשעונישן און זיפצערייען און קרעכצעונישן. עס פלעגן אויך אָפט זיצן אין קיך ווייבער, וואָס זיינען געקומען האָבן דין־תורות מיט זייערע מאַנען; ווייבלעך עגונות און גרושות, וואָס האָבן זיך אויסגערעדט זייערע ביטערע הערצער, געטרונקען טיי און געוואונטשן און געזיפצט און געקרעכצט.

ווייבער, וואָס פלעגן קומען פרעגן אַ שאלה ביים זיידן אויף טעפּל־לעפל; ווייבלעך, וואָס זיינען געקומען מיט ווייבערישע שאלות, — אַלע פלעגן געפינען פאַר נייטיק אַריינצוגיין אין קיך, כדי צו זאָגן בלויז „גאָט־העלף, רביצין״, אָבער דערביי האָבן זיי זיך שוין פאַרהאַלטן און אָנגערעדט אַ וועלט. די טוקערין, וואָס איז אויך געווען אַ שמשטע, פלעגט אָפט קומען בעטן די באָבען אויף אַ שמחה אין שטאָט, זי פלעגט אַריינקומען זייער פייערלעך, אָט די יידענע, און אַ זאָג טאָן הויך:

— רביצין, קרוין, ביילע שרה טשיפּע לאהס האָט זייער שיין געלאָזט בעטן אויף דער חתונה פון איר טאָכטער . . .

די באָבע איז זעלטן געגאַנגען אויף אַ חתונה, אָבער זי האָט תמיד גע־געבן דער טוקערין אַ פאַר גראָשן פאַרן וועג און זי מכבד געווען מיט אייג־

געמאַכטס. די יידענע האָט ראַשיק געפּאַטשט מיט דער צונג דאָס איינגעמאַכטס און דערציילט וועגן אַלע אירע שמשישע און טוקערישע פּאַסירונגען אין שטאָט. אָט די יידענע פלעגט אויך קומען אַלע פּאָר וואָכן צו מיין באָבען אָפּגאָלן איר דעם קאָפּ, פּאַר וואָס די באָבע פלעגט שטעלן פּאַר איר כיבוד.

פון לוויות פלעגן טייל יידן און ווייבער אויך זיך פּאַרהאַלטן ביי דעם רבס הויז, אָפּוואַשן די הענט אין פּאָדערהויז, ווי דער מנהג איז, און אַריינ־קומען זאָגן דער באָבען, אַז גאָט זאָל אויסהיטן די שטאָט פון צער. דערביי האָבן די ווייבער אָנגעזיפּצט אַ וועלט, כסדר געזאָגט „נישט דאָ געדאַכט, נישט פּאַר קיין שום יידיש הויז געדאַכט, עס זאָל פּאַלן אויף אַלע וויסטע פעלדער און וועלדער", אָפּגעשפּיגן אַ שלעכט אויג, און דערקוויקט זיך מיט אַ גלעזל טיי. אָבער דאָס אַלץ איז געווען גאָרנישט מיט נישט קעגן דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דער באָבעס קיך ווען מען פלעגט שטעלן חופּות אויפן שול־הויף און ווען כלות פלעגן קומען צום זיידן אין הויז מיט „לאַשטשינעס".

די חופות פלעגן געפּראַוועט ווערן געוויינלעך אין אָוונט, און מיט גרויס שמחה. גימפּל קלעזמער מיט זיין קאַפּעליע פלעגט שפּילן פריילעכע מאַרשן. מחותנתטעס, מיט פלאַקערנדיקע „הבדלות" אין די הענט, האָבן געטאַנצט איבער דעם גאַנצן וועג. אין אַלע פענצטער פון הייזער, פּאַר וועלכע חתן־כלה זיינען פּאַרבייגעגאַנגען, האָט מען אַרויסגעשטעלט אָנגע־צונדענע ליכט. די באָבע האָט נישט נאָר אַרויסגעשטעלט ליכט אין די פענצ־טער, נאָר זי האָט זיך אויך אָנגעטאָן דאָס שבתדיקע זיידענע טיכל אויפן קאָפּ און געוואונטשן מזל־טוב די מחותנים און מחותנתטעס, וואָס פלעגן קומען רופן דעם זיידן מסדר־קידושין זיין. צו דער ווינטשעניש און קושעניש און וויינעריי האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען. אָבער פריילעכער דערפון זיינען געווען די „לאַשטשינעס". עס איז געווען אַ מנהג אין שטאָט, אַז צומאָרגנס נאָך דער חתונה איז גימפּל קלעזמערס קאַפּעליע געקומען צו דער כלה אין הויז און מיט מוזיק זי געפירט צו מחותנים און צום רב. די כלה פלעגט גיין אויסגעפּוצט אין אירע שענסטע קליידער. מחותנתטעס און משפּחה זיינען מיטגעגאַנגען. די באָבע פלעגט זיך אָנטאָן אין אירע שבתדיקע קליידער און אויפנעמען די כלה מיט גרויס כבוד און צערעמאָניעס. דערביי האָט זי געשטעלט לעקעך און וויין. אָט די צערעמאָניע האָט זיך גע־רופן „לאַשטשינעס", און איך האָב געקוואָלן אי פון די גוטע זאַכן, וואָס איך האָב דערביי געקראָגן, אי פון אויסהערן די אַלע ווייבערישע ברכות און ווינטשענישן און קושערייען און געוויינען, צוזאַמען מיט דער מוזיק פון גימפּל קלעזמערס קאַפּעליע.

קינד און קייט פלעגט זיך אָנקומען צו דער באָבען אין קיך. און אפילו פראַנצישעק דער באָד־גוי פלעגט זיך אוועקשטעלן ביי דער טיר, בעטן אַ מוציא חלה, אָדער אַ גלעזל בראַנפן, פאַרוואָס ער האָט אָפּגעצאָלט מיט אַ וועלט מיט ברכות, און דווקא אין יידיש.

אָט דער פראַנצישעק, וואָס האָט געדינט אין מרחץ אַלס געהילף ביים בעדער, איז געווען אַ פאַרביקער פאַרשוין.. אָנגעטאָן אין אַן אַלטן צערי־סענעם מונדיר, וואָס עס האָט אַרויסגעוואָרפן אין מיסט דער רוסישער פאָל־קאָווניק פון קאָזאַקישן פאָלק, איז ער דערביי געגאַנגען באָרוועס, און זיין שיכור פּנים איז געווען אויסגעשמירט מיט ריס און בלאָטע. פאַרוואָס דער מענטש, וואָס האָט געאַרבעט און געוואוינט אין באָד, האָט קיינמאָל נישט געפונען פאַר נייטיק זיך אָרומצוואואַשן, איז געווען שווער צו פאַרשטיין, אָבער אַזוי איז עס געווען. דער באָד־גוי אין מונדיר פון אַ פּאָלקאָווניק האָט אויך קיינמאָל נישט געקעמט זיינע קאָלטענעס פון קאָפּ און דער באָרד. אָבער צוזאַמען דערמיט האָט ער זייער גדולהדיק אַרומפּאַראַדירט אין זיין פאַר־ביקן מונדיר, איבערהויפּט ווען ער פלעגט פויקן אין מאַרק יעדן מיטוואָך, אַ סימן, אַז גויים און זעלנער קענען גיין זיך פאַרען אין יידישן מרחץ. דער פראַנצישעק פלעגט אויך רעדן יידיש מיט אַלע לשון־קודשדיקע רייד און ער פלעגט זיך האַלטן נאָר צווישן יידן. ער פלעגט אויסרעדן אַלדאָס ביז אויף די גויים, פאַרוואָס זיי נעמען אים נישט פאַר אַן אורח, ווי יידן נעמען פאַר אורחים יידישע אָרעמעלייט. „זיי האָבן גויאישע הערצער", פלעגט ער זאָגן אויף זיי. דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן צו זידלען יידן און דראָען זיי מיט דער נקמה פון די ברידער־קריסטן יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט כאַפּן אַ צו־גרויסע כוסה, און דאָס האָט זיך געטראָפן ביי אים יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. אָט דער פראַנצישעק פלעגט זיך רייבן אַרום אַלע יידישע שמחות און ביי יעדער חתונה און לאַשטשינעס איז ער אויך געקומען און געשטאַנען ביי דער טיר, גרייט צו כאַפּן עפּעס פון די רחמנים בני רחמנים.

די באָבע פלעגט פאַלן פון די פיס פון אָט די אַלע שמחות, אָבער זי האָט נישט געהאַט קיין צייט זיך אָפּצורוען. די גרויסע שטוב האָט תמיד געפאָדערט, און זי פלעגט אַרומלויפן מיט קליינע גיכע טריטלעך, קלינגען מיט די שליסלען און פאַרקען זיך ביי אַלמערס, שאַפעס, קעמערלעך און מער פון אַלץ ביים גרויסן אויוון, וואו תמיד האָט זיך עפּעס געבאַקן אָדער געקאָכט.

אָבער שווערער פון אַלץ איז געווען פאַר איר די אייביקע קנאה־שנאה, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין איר הויז צווישן די קינדער און אייניקלעך און קרובים.

קודם־כל האָט נישט געהערשט קיין שלום צווישן אירעביידע זין און זייערע משפחות. דער פעטער יוסף, דער בכור, וואָס איז געווען דיין אין שטאָט, האָט תמיד געהאַט פאַרדרוס דערפאַר, וואָס דאָס גאַנצע „דאָבערע־מזל" ליגט מען אַריין אין זיין יינגערן ברודער, איטשע, וואָס טוט גאָרנישט און עסט אייביקע קעסט, אין דער צייט, ווען ער, יוסף, דאַרף זיך אויס־דאַרן דעם קאָפּ פאַר שפּייזן ווייב און קינדער. ער האָט געהאַט סיבות צו זיין אייפערזיכטיק, דער פעטער יוסף. ערשטנס, איז ער געווען דער עלט־סטער; צווייטנס, איז ער געווען מער למדן און קאָפּ־מענטש פון זיין יינגערן ברודער. אמת, דער פעטער איטשע האָט אויך געהאַט סמיכה אויף רבנות, אָבער קיין גרויסער למדן איז ער דערביי נישט געווען. דער פעטער יוסף האָט געשמט פאַר אַן אייזערנעם קאָפּ. דערצו האָט מען אים אויך געהאַלטן פאַר אַ חכם און יידן פלעגן קומען צו אים פרעגן עצות. ער איז געווען אַ קענער און אַ געוואַלדיקער בעל־חשבון. אַליין, בלויז פון אַריינקוקן אין ביכלעך, האָט ער זיך אויסגעלערנט רוסיש און העכערע מאַטעמאַטיק, און ער פלעגט תמיד אַרומגיין מיט אַ שטיקל קרייד אין דער האַנט און מאַכן מאַטעמאַטישע אויפגאַבן אויף אַלע ווענט, טישן און בענק. די באָבע האָט געטענהט, אַז פאַר אַזאַ מענטש, אַ דיין אין שטאָט, פּאַסט נישט ער זאָל זיך אַרומרייסן מיט זיין יינגערן ברודער, מקנא זיין אים און אַריינקוקן צו אים אין די טעפּלעך. אַ ייד, אַ דיין, דאַרף זיך פירן בכבוד, עוסק זיין אין תורה און נישט האָבן אין זינען קיין קנאה און שנאה, וואָס פּאַסט פאַר אַ יידענע. אָבער דער פעטער יוסף האָט נישט געוואָלט עוסק זיין אין תורה און פירן זיך בכבוד, ווי פאַר אַ דיין פּאַסט, נאָר ער האָט גאָר ליב געהאַט אַריינצוקומען צו דער באָבען אין קיך, מישן זיך אין אַלץ, אַריינשטעקן אומעטום די געבויגענע נאָז און האָבן טענות, וואָס מען גיסט זיין יינגערן ברודער איטשע גאָלד אין האַלדז אַריין.

מער נאָך ווי די באָבע, האָט דער זיידע געקוקט קרום דערויף, וואָס זיין בכור, וועלכער וועט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר דאַרפן איבער־נעמען זיין רבנות, גייט נישט אין זיינע, דעם פאָטערס, וועגן, נאָר פאַר־ברענגט זיין צייט מיט זיצן אין קיך צווישן די ווייבער.

— יוסף, ביסט זיך מבזה, — האָט ער אים געמוסרט. — געדענק, דו ביסט אַ דיין ביי יידן, האַלט דיך בכבוד, ווי אַ מענטש...

דער פעטער יוסף האָט נישט געוואָלט זיך האַלטן בכבוד. אַנשטאָט

זיצן און לערנען אָדער קהלן זיך אין שטאָטישע ענינים, האָט ער גאָר ליב געהאַט צו זיצן אין קיך און חשבונען. אַלץ האָט ער געחשבונט, הויכע מאַטעמאַטישע חשבונות און קליינע חשבונות. וויפיל, אַ שטייגער, זיין ברוי־דער איטשע קאָסט אָפּ דעם זיידן אַ יאָר, וויפיל היגדעלעך די באָבע האָט געלאָזט אויסקוילען פאַר די יאָרן פון אייביקער קעסט פאַר אָט דעם איטשען און זיין הויזגעזינד, וויפיל אייער, אַשטייגער, זיינען אויסגענוצט געוואָרן פאַר די פיינקוכענס, וואָס מען האָט פאַר אַ צענדליק יאָר צייט געמאַכט פאַר אָט דעם איטשע און זיין ווייב, רחלע, און די קינדער, משה און יחזקאל.

אַ קליינער און אַ רירעוודיקער, ווי די באָבע, מיט אַ הויכן שטערן, האָט דער פעטער יוסף תמיד געוויכערט פּאַפּיראָסלעך, אַרומגעגאַנגען הין און צוריק, געקנייטשט דעם שטערן, געחשבונט און געחשבונט און גע־חשבונט. די חשבונות, די הויכע אַלגעברייאישע, ווי די קליינע שטוביקע, האָט ער געמאַכט גלייך שנעל און גלייך אויפן קול:

— אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז איטשע מיט ווייב און קינדער קאָסטן אָפּ דאָס ווייניקסטע אַ קערבל אַ טאָג פאַר עסן, דירה, מלבושים, שיך און אַנדערע הצטרכותן, קומט אויס, אַז אין משך פון אַזויפיל און אַזויפיל יאָר, מאַכט עס אויס אַ קיימאַ־לן פון . . . אַז מען זאָל צורעכענען דערצו פּראָ־צענט פון אַזויפיל און אַזויפיל אַ יאָר, מאַכט עס אויס אַ קיימאַ־לן פון . . . און אויב מען זאָל רעכענען פּראָצענט פון פּראָצענט, מאַכט עס אַ קיימאַ־לן פון . . .

דערביי פלעגט ער זיך אַריינלאָזן אין אַ געץ פון ציפערן, וועלכע ער האָט אָנגעוואָרפן מיט אַן אויסטערלישער געניטקייט און גיכקייט. די באָבע פלעגט ווערן גרין און געל פון אָט די חשבונות איבער איר ליבלינג איטשע.

— יוסף, גענוג געחשבונט, — האָט זי געבעטן זיך ביי דעם בכור אירן, וואָס איז סך־הכל געווען מיט בלויז פופצן יאָר יינגער פון איר. — יוסף ביסט אַ דייך און דאַרפסט זיצן אין דער היים פסקענען שאלות אָדער אָננעמען דין־תורות.

דער פעטער יוסף האָט נישט אויפגעהערט רויכערן און קנייטשן דעם שטערן און חשבונען. ער האָט נישט נאָר געחשבונט אייגענע זאַכן, נאָר אויך פרעמדע. עס איז רעכט געווען, אַז פאַר דעם הויז זאָלן פאַרבייפאָרן פורן מיט קלעצער פון באַנעבטן וואַלד, וואָס האָט געהערט צו אַ שטאָטישן וואַלד־הענדלער, אַז דער פעטער יוסף זאָל גלייך נעמען חשבונען:

— אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער וואַלד־הענדלער האַקט אויס הונ־דערטער קלעצער אַ טאָג, קומט אויס, אַז אין אַ וואַלד וואָס האָט צוויי וויאָרסט

די לענג און אַ האַלבן וויאַרסט די ברייט, דאַרף זיין אַ קימאַ־לן פון . „. פון ביי־מער, וואָס אין משך פון טאָג מאַכט עס אויס אַ קימאַ־לן... וואָס אין משך פון אַ יאָר איז עס אַ קימאַ־לן... און אַזוי ווייטער און ווייטער...

אַלץ האָט ער גערעכנט, אַלץ איז געווען אויף זיין קאָפּ. וועגן אַלץ האָט ער זיך אויסגעפרעגט ביי שמואל שמש, וואָס פלעגט תמיד זיצן אין קיך, וויקלען פּאַפּיראָסלעך און טרינקען אַ סך גלעזער טיי מיט אַ שטיקל צו־קער. אַ למדן און אַן אייזערנער קאָפּ, האָט אָבער דער ייד קיין ברעקל חשק נישט געהאַט צו לערנען און צו קהלן זיך און צו כבוד פון אַ כלי־קודש. ער האָט ביי קיין פאַל נישט געוואָלט אָנטאָן קיין רבנישע זשופּיצע, ווי אַ דיין דאַרף, אפילו נישט קיין סאַמעטן היטל, נאָר ער האָט געטראָגן אַ קאַפּאָ־טע ווי אַלע יידן און אַ צעקנייטשט יידן היטל. זיינע פּיאות זיינען אויך געווען קוים־קוים יוצא צו זיין. ביים דאַווענען אין בית המדרש פלעגט ער אויס־גיין שמונה־עשרה פריער פאַר אַלע יידן. שטאַרק פרומע ווייבער האָבן דע־ריבער נישט געהאַט קיין חשק צו גיין פרעגן אים שאלות. ווי זיינען בעסער געגאַנגען צום זיידן. אָבער דערפאַר איז מען געקומען צו אים מיט דין־תורות, איבערהויפּט מיט אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט פאַרוויקלטע חשבונות. יידן פלעגן אויך קומען צום פעטער יוסף פרעגן עצות. דער פעטער פלעגט זיצן מיט אַ שטאַרק פאַרקנייטשטן שטערן, אָנלאָזן געדיכטע וואָלקנס מיט רויך, אַזוי אַז מען האָט געמיינט, אַז ער איז פאַרטאָן פון קאָפּ ביז די פּיס אין דעם עצה־פרעגערס שווערן פּראָבלעם; אָבער אַז יענער פלעגט ענדלעך ענדיקן און וואַרטן אויף דעם דיינס עצה, פלעגט דער פעטער יוסף מיטאַמאָל אָנשטעלן אויף אים די אויגן און זאָגן גיך:

— איר וועט מיר מוחל זיין איבערדערציילן נאָכאַמאָל, ווייל דער קאָפּ איז מיר געווען פאַרטאָן אין אַ חשבון...

יידן האָבן אים מוחל געווען, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז דאָס טוט ער נישט צוליב גאווה אָדער שלעכטקייט, נאָר צוליב צעטראָגנקייט און אייביקער פאַרטועקייט אין חשבונות. פאַרקערט, מען האָט געוואוסט, אַז ביי זיין אייביקן חשבונען און אין טראָגן די גאַנצע שטאָט אויף זיין קאָפּ, איז ער בטבע אַ גוטמוטיקער מענטש, אַ בעל טובה און אַ מכניס־אורח.

— ר׳ יוסף, הערט זשע וואָס איך רעד צו אייך, — האָט מען אים גע־מוסרט. — צו ווען דען זאָל מען גיין אַן עצה פרעגן, אויב נישט צו אַזאַ קלוגן ייד, ווי איר, ר׳ יוסף?

דער פעטער יוסף האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט שוין הערן יעדעס וואָרט, פאַררויכערט אַ נייעם פּאַפּיראָס, פאַרקנייטשט דעם גרויסן שטערן און ווידער פאַרטראַכט זיך אין זיינע אייביקע חשבונות.



י. י. זינגער, זיין פרוי געניע און זייער זון יאסל

1936

# מײַנע צװײ פֿעטערס און מומעס

דער פֿעטער יוסף האָט אױך קײנמאָל נישט געהערט װאָס עס האָט גערעדט צו אים זײַן װײַב, אַ הױכע שװאַרצע ײדענע מיטן מאָדנעם נאָמען שרה טזשיזשע, אָדער די קינדער, אַ פֿולע שטוב מיט ײנגלעך און מײדלעך, װאָס אײנער איז געװען רױטער פֿון צװײטן. די שטוב האָט אַזש געבלענדט פֿון זײערע רױטע קעפּ. די מומע שרה טזשיזשע האָט תּמיד געקאָכט און געבאַקן פֿאַר איר היפּש הױזגעזינד. איך האָב זי שטענדיק געזען שטײן בײַם אױװן צוזאַמען מיט די קאָטשערעס און לאָפּעטעס. אַ הױכע, אַ דאַרע, אַ שװאַרצע, האָט זי שױן אַלײן שיער גיט אױסגעזען װי אַ קאָטשערע. פֿון איר האָט אױך תּמיד געשמעקט מיט געקעכטס און געבעקס. װי זי איז געװען פֿאַרנומען בײַם אױװן, זײַנען די קינדער געװען פֿאַרנומען בײַם אױסשטאָפּן פּאַפּיראָסן פֿאַרן פֿאָטער. װי גיך זײ האָבן די פּאַפּיראָסן געמאַכט, אַזױ גיך האָט זײ דער פֿעטער יוסף אױסגערױכערט. ער האָט נישט אױפֿגעהערט רױכערן און הוסטן און װײַטער רױכערן. װען אים פֿלעגט טרוקן װערן אין האַלדז, פֿלעגט ער אַ ברום טאָן צו דער מומען בײַם אױװן:

— בעימע, מאַך מיר אַ גלאָז טײ... דאָס האָט ער אין זײַן װאָלינער לשון אַרױסגערעדט דאָס װאָרט „בהמה".

די מומע שרה טזשיזשע האָט זיך נישט באַלײדיקט פֿון דעם נאָמען. זי האָט געװאוסט, אַז דאָס זאָגט ער נישט צוליב שׂנאה, אָדער צו באַלײדיקן זי, חלילה, נאָר אַז אַזױ רעדט ער שױן צו אַ ײדענע. דערצו איז זי געװען פֿון אַ קלענערן יחוס װי איר מאַן און דאָס צװײטע װײַב זײַנס. אמת, אַז דער פֿעטער יוסף איז סך־הכּל געװען אַ יונגערמאַנטשיק פֿון אַ יאָר צװאַנציק, װען ער האָט חתונה געהאַט מיט דער מומע שרה טזשיזשע, אַ מײדל, אָבער ער האָט שױן געהאַט פֿאַר איר אַ װײַב, װאָס איז געשטאָרבן און אים איבערגעלאָזט אַ טעכטערל, װאָס האָט זיך אױפֿגעהאַלטן בײַ אירע עלטערן אין דער שטאָט נאָװאָגראָד װאָלינסק, װאָס ײדן רופֿן זי זװיהיל. און כאָטש די מומע איז געװען אײן אײן עלטער מיט איר מאַן, װעמען זי האָט געבױרן אַ היפּש ביסל קינדער, האָט זי זיך תּמיד געפֿילט אַביסל געפֿאַלן דערמיט, װאָס זי איז זײַן צװײט װײַב און אַרױפֿגעקוקט צו אים, װי אַ קינד צו אַ דערװאַקסענעם. װי מערסטנס פֿאַרפֿאַלקן אין לומדישע הײזער, האָבן זיך מאַן און װײַב, בײַם בעסטן לעבן, װײניק אָנגעהערט. דער פֿעטער

יוסף איז געווען אַ למדן, אַ קאָפּ־מענטש; די מומע — אַ פּשוטע יידענע, וואָס האָט געוואוסט בלויז פון קאָכן, באַקן און קינדלען. און דער פעטער יוסף האָט קיין אַנדער נאָמען נישט געהאַט פאַר זיין ווייב ווי „בעימע״. זי איז שוין געווען צוגעוואוינט צו אָט דעם נאָמען, ווי ער וואָלט געווען אירער פון געבוירן אָן.

— בעימע, בעימע — פלעגט דער פעטער יוסף רופן גיך.

— וואָס איז, יוסף? — פלעגט די מומע שרה טזשיזשע ענטפערן גע־מיטלעך.

די מומע פלעגט אָפט וועלן דורכרעדן זיך מיטן פעטער וועגן פּרנסה־זאַכן, וועגן שפּייזן די שטוב מיט קינדער. דער פעטער יוסף איז געווען פאַרטאָן אין זיינע חשבונות.

— האַ, וואָס, וואָס? — פלעגט ער פרעגן גיך און נישט וויסן איין וואָרט, וואָס זי האָט גערעדט צו אים.

די קינדער פלעגן אויך האָבן וואָס צו רעדן. זיי האָבן געדאַרפט שיך, קליידער. דער פאָטער האָט זיי אַזוי געהערט, ווי זייער מוטער.

— גיי, גיי, בעימע, גיי, — האָט ער זיי אָפּגעענטפערט, נישט וועלנדיק מפסיק זיין אין זיינע אייביקע חשבונות.

אַן אויסנאַם איז געווען מיין מאַמע, מיט וועלכער דער פעטער יוסף פלעגט ליב האָבן אויסצוטענהן זיך. ער האָט אונדז אָפט געבעטן צו זיך אין שטוב און גערעדט וועגן אַלץ און וועגן אַלעמען. איך האָב ליב געהאַט דעם פעטערס שטוב, ליב געהאַט דעם פעטערס כאַליאַסטרע מיט קינדער, וואָס איינער איז געווען רויטער פון אַנדערן; ליב געהאַט דער מומע שרה טזשישעס מאָן־קיכלעך און קאָמיס־ברויטלעך, מיט וועלכע זי פלעגט מיך מכבד זיין, און מער פון אַלעמען האָב איך ליב געהאַט דעם פעטער יוסף, וואָס איז געווען אַן אויסנאַם צווישן אַלע יידן און קיינמאָל קיין מוסר נישט געזאָגט, קיינמאָל נישט געהייסן לערנען, ער האָט אַליין נישט געלערנט און נישט פאַרלאַנגט עס פון אַנדערע. אים האָט אויך נישט געאַרט, ווען איך האָב אָנגעשטאָפּט זיך אַ פּאַפּיראָס און פּרובירט פאַררויכערן, שטיקענדיק זיך פון רויך. איין זאַך, וואָס האָט מיך געאַרט, איז געווען דעם פעטערס חוזק־דיקער טאָן, ווען ער האָט גערעדט וועגן מיין פאָטער.

— אַזוי, אַזוי, אַזוי, שבע, ער וויל טאַקע נישט באַלייגן קיין עקזאַמען, דיין פּנחס מענדל? — האָט ער געפרעגט מיט חוזק אויף דער געבויגענער נאָז. — ער זיצט און שרייבט חידושים, הע, חידושים, חידושים?...

איך האָב דעם פעטערס חוזק איבער מיין פאָטער נישט געקענט רואיק הערן, אָבער איך האָב פונדעסטוועגן קיין איבעריקע תרעומות אויף אים

נישט געהאַט. איך האָב אים אַלץ מוחל געווען פאַר זיין גוטסקייט צו מיין מוטער, פאַר זיין לייכטקייט, פאַר זיין טאָלערירן אַלעמען און אַלץ. נישט אַזוי לייכט האָב איך געקענט פאַרגעבן דעם פעטער איטשע, ווען ער האָט געחוזקט איבער מיין פאָטער.

אויך דער פעטער איטשע האָט נישט געדרייט קיינעם קיין קאָפּ מיט מוסר, תורה און פרומקייט. ער איז אַליין נישט געווען קיין מתמיד און פרומער און ער האָט עס נישט פאַרלאַנגט פון אַנדערע. אָבער ער איז געווען אַ פאַרביטערטער און אַ שטעכיקער און ער פלעגט אַרויסווייזן אַ געוויסע אומצופרידנקייט אונדז און אַלע אַנדערע קינדער און אייניקלעך אין זיידנס הויז, גלייך אַלץ אין זיידנס הויז וואָלט געהערט צו אים און די אַנדערע נע־מען צו זיין אייגנס.

אַ הויכער, אַ דינער, מיט אַ שיטער העל בערדל און מיט דינע ליפּן, אויף וועלכע עס איז תמיד געלעגן אַ סאַרקאַסטישער שמייכל, האָט ער זיך תמיד אַרומגעטראָגן מיט דער אומצופרידנקייט פון איינעם, וואָס עס גייט אים נישט אין לעבן. צו קיין מסחר האָט ער זיך נישט אויסגעטויגט און אפילו נישט פּרובירט נעמען זיך דערצו. צו קיין רבנות האָט אים נישט געצויגן, כאָטש ער האָט געהאַט סמיכה, ווייל ער איז נישט געווען קיין איבעריקער פרומער, און ער האָט אויך נישט געקענט מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ פרומאַק. צו לערנען תורה האָט ער קיין חשק נישט געהאַט. ער האָט גאַרנישט אי־בערגענומען פון זיידנס התמדה, נאָך ווייניקער אפילו ווי דער פעטער יוסף. צוליב קנאַפּן חשק צו תורה און פרומקייט, האָט ער אפילו נישט געקענט אויסזיצן די עטלעכע יאָר קעסט ביי זיין שווער, ר׳ ישעיהלע ראַכעווער אַ רב אין שטעטעלע וויסאָקע. וואָרים אָט דער ר׳ ישעיהלע ראַכעווער איז געווען אַ ייד, וואָס האָט זיך געווייקט אין תורה און אין יראַת שמים. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ וועלט מיט ספרים, אין וועלכע ער האָט אויפגע־וויזן, אַז אַלץ אין דער וועלט איז פאַרבאָטן. עס איז גאַרנישט געווען די זאַך, וואָס אַ ייד האָט געמעגט טאָן, לויט ר׳ ישעיהלע ראַכעווערס ספרים. אי־בערהויפּט האָט זיך ר׳ ישעיהלע פאַרלייגט אויף דעם הייליקן טאָג שבת. קיין זאַך האָט מען נישט געטאָרט טאָן אום שבת, ווייל וואָס מען האָט נישט גע־טאָן, האָט מען געטאָן אַן עבירה. איינע פון זיינע פאַרבאָטן איז געווען אָפּ־צו טאָן אַ מענטשלעכע זאַך אויפן שניי אום שבת, ווייל דאָס איז ווי מען וואָלט געאַקערט אין הייליקן טאָג... מיט איין וואָרט, לויט ר׳ ישעיהלען, האָבן אַלע יידן געדאַרפט שבת זיך בינדן הענט און פיס און נישט באַוועגן זיך, אַזוי אַז זיי זאָלן זיין זיכער, אַז זיי וועלן, חלילה, נישט מחלל שבת זיין;

אָבער אַפילו דעמאָלט וואָלטן זיי נאָך אויך נישט געווען אינגאַנצן זיכער קעגן אַן עבירה. פאַרשטייט זיך, אַז דער פעטער איטשע האָט נישט געקענט אויסהאַלטן לאַנג אין הויז ביי אָט דעם פרומען שווער זיינעם און ער איז אַהיים געלאָפן צו טאַטע־מאַמע קיין בילגאַריי. מיט אים איז מיטגעקומען זיין ווייב די מומע רחלע, וואָס איז געווען אַזוי פרום ווי דער פאָטער אירער. זיצנדיק אַזוי ביים זיידן, איז דער פעטער איטשע געוואָרן אַ טאַטע פון איין קינד, פון אַ צווייט קינד, און אַלץ געבליבן אַ קעסט־קינד. די באָבע האָט אים געקעכלט, געמאַכט פאַר אים די בעסטע יאַיכלעך, געבאַקן פאַר אים די געשמאַקסטע קיכעלעך. ער האָט זיך דעריבער צוגעוווינט צו אַ ליידיש־גייעריש גוט לעבן; אַ לעבן, וואָס איז באַשטאַנען פון עסן, טרינקען, רויכערן פאַפיראָסלעך, גיין אין טריסקער שטיבל דאַווענען און בטלענען מיט די חסידישע יונגעלייט, פון וועלכע ער האָט שטילערהייט חוזק געמאַכט, און ברוגזן זיך תמיד מיט זיין עלטערן ברודער און אַלע איבעריקע אין הויז, וואָס זיינען אים מקנא זיין גוט און לייכט לעבן. האָבנדיק אַ ווידערווילן צו אָט דעם לייכטן לעבן, פילנדיק זיך געפאַלן דערמיט, וואָס ער איז אַן אייביקער קעסט־עסער, האָט ער אָבער נישט געהאַט נישט קיין כוח און נישט קיין ווילן אַרויסצורייסן זיך פון אָט דעם ליידיק־גייערישן לעבן. ער האָט דעריבער אָפט געשפּילט אויף דער לאָטעריע, טאָג און נאַכט געזוכט די טאַבעלן, צי ער האָט נישט אַמאָל געפאַקט דאָס גרויסע געווינס, געקרעכצט פון אַנטוישונג, וואָס אָט דאָס גרויסע געווינס וויל נישט קומען צו אים, און ווידער געשפּילט, אין דער האָפענונג געהאָלפן צו ווערן.

די באָבע האָט צוליב דעם פעטער איטשע געהאַט אויסגעריסענע יאָרן. ווי פאַרזיכטיק זי האָט זיך נישט אויסגעהיטן פאַר דעם פעטער יוסף און פאַר אירע אייניקלעך מיט אירע יאַיכלעך און פוטער־קיכלעך, וואָס זי האָט ספּעציעל געמאַכט פאַר איר ליבלינג, איטשעלע ; ווי געשיקט זי האָט נישט אונטערגערוקט אים אַלערליי גוטע מאכלים, וואָס אַזעלכע האָט דער זיידע קיינמאָל פאַר די אויגן נישט געזען, האָבן עס די מענטשן אין שטוב אויסגעפּונען און גערעדט וועגן דעם גאָלד, וואָס די באָבע גיסט איר ליבלינג אין האַלדז אַריין. פאַר די אַלע צרות אירע, האָט זי אַפילו ניט געקראָגן קיין באַלוינונג פון איר בן־זקונימל. דער פעטער איטשע, ווי יעדער צעפּיעשטשעטער ליבלינג, האָט זיך געוואָרפן תמיד, געטאָן אַ טובה מיטן עסן. מער ווי פון זון, האָט די באָבע געהאַט אויסצושטיין קאָלט און וואַרעמס פון איר שנור רחלע, דעם פעטער איטשעס ווייב. די מומע רחלע איז געווען אַ שוואַרץ ווייבל, מיט אַ זיידן טיכל פרום אַראָפּגערוקט איבער די אויגן,

אַ געוואַלדיק צעקראַכענע, אַ געוואַלדיק פרומע און אַ געוואַלדיקע יחסנטע ביי זיך דערמיט, וואָס זי איז אַ טאָכטער פון ר׳ ישעיהלע ראַכעווער, דעם וויסאָקער רב און מחבר פון אָן אַ שיעור ספרים, אין וועלכע אַלץ אין דער וועלט איז פאַרבאָטן, זי פלעגט גיין לאַנגזאַם; אין קעגנזאַץ צו דער פלינקער, רירעוו־דיקער באָבע, וואָס איז געווען אַ שטיק קוועקזילבער. זי האָט אויך אַלץ פאַרצויגן. אַ יויך איז ביי איר געווען אַ יאַיכעלע, אַ פלעצל — אַ פלעצעלע, אַ גלאָז טיי — אַ טראָפן וואַסער, אַ טעלער גריץ — אַ לעפל וואַרעמס. זי איז קיינמאָל נישט געווען הונגעריק, נאָר ס׳הערצעלע האָט איר פאַרחלשט; זי האָט קיינמאָל נישט געגעסן, נאָר טועם געווען; קיינמאָל נישט געשלאָפן נאָר געכאַפּט אַ דרימל. וואָס זי האָט נישט גערעדט, האָט זי צוגעגעבן דער־ביי תמיד אַ „נעבעך" און פרום געזיפצט. אַז דער מאַן האָט אויפגעגעסן אַ יאַיכל מיט אַ פערטל הון, האָט זי געזיפצט, אַז איטשעלע האָט נעבעך, צו גאָרנישט זיך צוגעריירט. אַז די קינדער האָבן געריבן אויף אַלע ציין, האָט זי געיאָמערט, אַז זיי נעמען, נעבעך, קיין לעפל נישט אין מויל אַריין. זי האָט אויך געהאַט אַ טבע צו באַהאַלטן זיך מיט יעדער זאַך. זי האָט קיינמאָל נישט געגעסן עפּעס אין קעגנוואַרט פון די מענטשן אין שטוב, נאָר אויסבאַ־האַלטנדיק זיך אין ווינקעלעך. אַפילו אַ גלאָז טיי פלעגט זי פאַרשטעקן הינ־טערן טיכל. זי איז געווען פול מיט סודות און אירע פרומע שוואַרצע אויגן. מיט אַזאַ פרומקייט אין די אויגן האָט זי אויך נאָכגעקוקט איר מאַן, ביי וועמען זי האָט געזוכט אייביקע ליבשאַפט און קיינמאָל זי נישט געפונען. דער פעטער איטשע האָט נישט געקענט פאַרטראָגן איר פרומקייט און זיפצעניש און היי־ליקע ריידעלעך און איר שאָקלען מיטן געגאָלטן קעפל, וואָס איז געווען פרום פאַרהילט אין אַ גרויי טיכל ביז צו די אויגן און איבער די אויערן. וואָס מער ער האָט איר אַרויסגעוויזן זיין ווידערווילן און חוזק, אַלץ פרימער האָט זי אים געקוקט אין די אויגן אַריין, נאָכגעגאַנגען ווי אַ שאָטן זיינע טריט, אונטערגעשטופּט אים דערקוויקענישן פון באַהעלטענישן אַרויס און אים באַקרעכצט מיט פרומע לאַנגזאַמע רייד:

— איטשעלע, ווּעסט אפשר דערכאַפּן זיך ס׳האַרץ מיט אַ קיכעלע?...

מיר האָבן אַלע געלאַכט פון דער מומע רחלע, געהיטן זיך פאַר איר; ווייל יעדן האָט זי חושד געווען אין קנאה, אין נישט פאַרגינען איר, אין אָפּטאָן אַ בייז אויג. איך האָב געציטערט צו שפּילן זיך מיט איר משהלען, וואָס איז געווען אַ קאָפּיע פון דער מוטער. טאָמער האָט מען אים אָנגערירט, איז ער גלייך געלאָפן צו דער מאַמען זיינער מיט אַ יללה, ווי מען וואָלט אים דערהרגעט. איינמאָל האָב איך זיך צעשלאָגן

מיט אים איבער עטלעכע מאַלינעס און אַגרעסן. אין זיידנס הויף, וואָס איז געווען פאַרבויט מיט שטעלעכלעך, קעמערלעך, מיט אַ געבויטער סוכה מיט אַ פליגל־דאַך, וואָס האָט זיך געעפנט און פאַרמאַכט, און באַלייגט תמיד מיט אַ סך האָלץ, — אין אָט דעם געדיכטן הויף זיינען געוואַקסן מאַלינעס און אַגרעסן און וויינפּערלעך אויף קליינע פאַרלאָזענע בוימלעך און קוסטעס. די עטלעכע ביימלעך זיינען געווען אַרומגעריגלט מיט אַ סך דערנער און בריעכטס, אַזוי אַז מען האָט זיך אָפּגעבריט די פינגער, ווען מען האָט זיך צוגערירט צו זיי. אויך האָבן זיי זיך געפונען אויף נישט קיין איבעריק בכבודיק אָרט, טאַקע ממש לעבן אָפּטריט און אַרום די געלאַטעטע הויף־צוימען. אָבער דאָס האָט מיך נישט אָפּגעהאַלטן פון זוכן באַהאַלטענע מאַ־לינעס, אַגרעסן און וויינפּערלעך, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן צווישן די בלעט־לעך. משהלע דעם פּעטער איטשעס האָט אויך חשק געהאַט צו אָט די פּירות און עס פלעגט אָנגיין אַ געיעג צווישן אונדז ביים רייסן די פאַרבאָטענע פרוכט. מיר פלעגן נישט איינמאָל פאַרקריכן איינער דעם אַנדערן מיט די נעגל אין פּנים, אָדער מיט די פינגער אין די פּיאות. משהלע פלעגט גלייך זיך לאָזן לויפן מיט אַ געוואַלד צו דער מוטער. די מומע רחלע פלעגט מיר אָפּווייינען די יאָרן, אַז איך האָב מיט מיינע גויישע לאַפּעס איר משהלעס הענ־טעלעך, נעבעך, צעבראָכן.

מער ווי צו יעדן אין שטוב, האָט די מומע רחלע געהאַט טענות צו דער באָבען. וויפיל די באָבע האָט נישט געטאָן פאַר איר איטשעלען און זיין הויז־געזינד, איז עס פאַר דער מומע רחלען געווען ווייניק. די גרעסטע מחלוקות זיינען אָנגעגאַנגען צווישן שוויגער און שנור איבער דעם בעזעם, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל ביי דעם אויוון. די מעשה איז געווען, וואָס נישט די באָבע, נישט די מומע רחלע האָבן ביים קאָכן און באַקן געוואָלט שטיין אויף דער זייט פון אויוון, וואו דער בעזעם שטייט. די באָבע האָט געטענהט, אַז זי, די בילגאָרייער רביצן, אַ מענטש אין די יאָרן, קיין עין־הרע, דאַרף פאַר־נעמען דאָס בכבודיקע אָרט ביים אויוון, נישט ביי דעם ווינקל, וואו דער בעזעם שטייט. די מומע רחלע האָט געטענהט, אַז זי איז די טאָכטער פון ר׳ ישעיהלע ראַכעווער, דעם וויסאָקער רב און דעם מחבר פון אַן אַ שיעור ספרים, און עס איז דעריבער נישט פאַר איר כבוד צו שטיין אין דעם ווינקל, וואו דער בעזעם שטייט. אָט די מחלוקות איבערן בעזעם האָבן זיך געצויגן יאָרן און יאָרן.

איך געדענק, ווי איינמאָל ביי אַזאַ מחלוקת, האָב איך געפונען אַן עצה אַז מען זאָל אינגאַנצן אַוועקנעמען דעם בעזעם פון לעבן אויוון און עס וועט מער נישט זיין קיין סיבה צו קריגן זיך. די באָבע איז אַ ווײלע געבליבן

שטיין אַ פּאַרגליווערטע. אויף אַזאַ פּשוטער זאַך איז זי קיינמאָל נישט געפֿאַלן. אָבער באַלד האָט זי געגעבן אַ קוק מיט פאַרדרוס אויף מיר, דעם חדר־ייִנגל, וואָס האָט געוואָלט לייזן אַ פּראָבלעם פון יאָרן מחלוקות, און זי האָט מיך געהייסן גיין.

— גיי בעסער לערנען און מיש זיך נישט אין דער קיך, — האָט זי געזאָגט. — דער בעזעם איז אַלעמאָל געשטאַנען אין ווינקל ביים אויוון און ער וועט ווייטער אַזוי שטיין...

די אייביקע מחלוקה איבערן בעזעם האָט ווייטער אָנגעהאַלטן צווישן שוויגער און שנור...

## אַ פרומע קאַץ, וואָס האָט ליבער צו הערן תורה ווי כאַפּן מייז...

אויב די באָבע איז געווען אַ גאַנצע וואָך פאַרנומען אין קיך מיט איר היפּש הויזגעזינד און מיט גאַנץ קהל, איז זי נאָך מער באַשעפטיקט געווען ערב שבתים און ימים טובים.

ערב־שבת האָט זיך ביי דער באָבען נישט אָנגעהויבן פרייטיק, נאָר מיט אַ טאָג פריער, דאָנערשטיק נאָכמיטאָג. גלייך נאָך וואַרעמס, האָט עטל נעכע, די אייביקע דינסט, אַריינגעשלעפּט אין קיך די צוויי זעק מעל, וואָס זיינען תמיד געשטאַנען גרייט אין הויז, און איינגעשאָטן צוויי גרויסע מולטערס מיט מעל, איינע אויף באַקן חלות און קיכלעך און די צווייטע אויף באַקן ברויט אויף אַ גאַנצער וואָך. די באָבע האָט גענומען דאָס מעל אין דער האַנט, געריבן עס צווישן די פינגער, געשמעקט דערצו, פאַרזוכט עס, און געהאַט די שטענדיקע טענה, אַז דער מעל־הענדלער נאַרט זי, אַז דאָס מעל זיינס איז נישט אַזוי שיין און זיס און גוט, ווי מעל פלעגט אַמאָל זיין. אַז זי איז פאַרטיק געוואָרן דערמיט, האָט זי אָפּגעשאַצט דאָס מעל אין די מולטערס, געקומען צום באַשלוס, אַז מען נוצט צופיל מעל אַ וואָך און, כדי איינצושפּאָרן אין דער הוצאָה, האָט זי אָנגענומען אַ האַנט מעל און אַריינ־געשיט עס צוריק אין זאַק אַריין מיט אַזאַ ענערגיע, ווי זי וואָלט דערמיט איינגעשפּאָרט אַ פאַרמעגן. דערנאָך האָט זי צוריק אַרויסגענומען אַ האַלבע האַנט מעל פון זאַק, צוריקגעשאָטן עס אין דער מולטער אַריין און אַ זאָג געטאָן:

— נו, מילא, מוחל, נו, זאָל זיין לכבוד שבת...

עטל נעכע האָט פאַרקאַשערט די אַרבל און גענומען גיסן וואַסער אין מעל אַריין. די באָבע האָט איר געהאָלפן ראָשטשינען און תפילה זאָגן, אַז דאָס געבעקס זאָל געראָטן.

אַ גאַנצן דאָנערשטיק ביינאַכט איז די קיך געווען פול מיט טייג, ריחות פון הייוון. דער באַק־אויוון האָט געפלאַקערט. עטל נעכע האָט געאַרבעט מעשים מיט די קאָטשערעס און לאָפּעטעס. די באָבע האָט איר צוגעהאָלפן. עס איז גאָרנישט געווען קיין שיעור צו די פילע ברויטן, חלות, פלעצלעך, מאָן־קיכלעך, קאָמיס־ברויטלעך, אייער־קיכלעך און אַלערליי אַנדערע גע־בעקסן, וואָס מען האָט אָנגעבאַקן אין דער באָבעס שטוב. די באָבע פלעגט

גיין שלאָפן אין מיטן דער נאַכט. פאַרטאָג איז זי שוין פונדעסטוועגן אויפ־געשטאַנען, געגאַנגען אין ווייבער־שול דאַוונען, און צוריקקומענדיק, האָט זי גענומען צוגרייטן די פריייטיקדיקע סעודה פון געדישעכץ און הייסע ביל־קעס. אָט דאָס מאכל איז אָפּגעהיטן געוואָרן יעדן פריייטיק ווי אַ געזעץ. און עס איז געווען אַ קלוג געזעץ. ווארים סאַי דאָס איינגעדעמפּטע פלייש און סאַי די פרישע בילקעס זיינען געווען טעם גן־עדן. אַוודאי האָב איך אויך געוואָלט אַ שטיקל פון „וויסקראַבעק" — אַ בילקע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון לעצטן טייג, וואָס מען קראַצט אויס פון דער מולטער, און וואָס האָט אין מיינע אויגן געהאַט דעם זיבעטן חן. אָבער די באָבע האָט מיר דעם „וויסקראָבעק" נישט געוואָלט געבן, ווייל ער האָט געהערט צו חיים וואַסערטרעגער, וואָס פלעגט יעדן טאָג אין דער וואָך אָנפילן מיט וואַסער דאָס גרויסע פאַס אין פאָדער־הויז. אָט דער חיים וואַסערטרעגער איז געווען אַ ייד אַ תם, וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין אָוונט געטראָגן וואַסער פאַר באַלעבאַטעס, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געוואוסט וויפיל עמערס וואַסער ער האָט געטראָגן און וויפיל עס קומט אים פאַר דער וואָך.

— חיים, וויפיל פעסער וואַסער האָסטו אָנגעגאָסן די וואָך? — האָט די באָבע אים געפרעגט, געבנדיק אים אַ מתנה דעם וויסקראָבעק.

— כ'וויס ניט, רביצין, — האָט דער ייד געזאָגט, באַהאַלטנדיק די בילקע אין בוזעם.

די באָבע האָט געפרעגט ביי דעם וואַסערטרעגערס ווייב אָבער זי, אַ נישט־גרעסערע חכמה פון איר מאַן, האָט אויך נישט געוואוסט.

די באָבע האָט געמוסרט דער חיים'עכע:

— סטייטש, ווי גיט דאָס נישט אַ ווייב אַכטונג אויף איר מאַנס פאַר־דינסט? מען קען דאָך אים אָפּנאַרן!

— וואָסי, זיינע פּלייצעס קאָסטן מיך דען געלט, — האָט די יידענע געענטפערט מיט אַ נאַריש געלעכטער. — אַלצאיינס טראָגט ער, זאָל ער שוין אָנטראָגן נאָך אַ פאַר פעסער...

כאָטש איך האָב דעם תמעוואַטן ייד ליב געהאַט פאַר זיין אייביקן שמייכלען, האָב איך אים אָבער נישט געקענט מוחל זיין דאָס, וואָס ער האָט ביי מיר צוגערויבט דעם „ווישקראָבעק" יעדן פריייטיק. אַ באַלוינונג דערפאַר זיינען געווען די קאָמיס־ברויטלעך, וואָס די באָבע האָט מיר גע־געבן פאַר אַ צובייס נאָכן געדישעכץ. גלייך נאָכן געשמאַקן אָנבייסן, האָט די באָבע גענומען רוימען די שטוב לכבוד שבת. קודם־כל איז געווען אַ וועלט מיט זילבער אין דער באָבעס אַלמער, זילבערנע לייכטער און גאָפּל און לעפל

און זאַלצמעסטלעך און בשמים־ביקסלעך. דאָס אַלץ איז געשייערט און גע־פּוצט געוואָרן. עטל נעכבע האָט געוואַשן די טישן און בענק, געפּוצט, געריי־ניקט. יעדעס מאָל אויפסניי האָט מען געמוזט פירן מלחמה מיט דער קאַץ וואָס האָט געהאַט אַ טבע צו זיצן אויף אַ שטול לעבן זיידנס כסא־רבנות אין בית־דין שטוב. די קאַץ האָט ביי קיין שום אופן נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון זיידנס שטוב. די באָבע האָט געוואָלט האַלטן די קאַץ אין קיך. ווייל, ערשטנס, האָט זי זי געוואָלט האָבן פאַר אַ שומר פאַר די מייז; צווייטנס, דאַרף אַ קאַץ בכלל נישט זיין אין קיין בית־דין שטוב, נאָר אין אַ קיך. אָבער די קאַץ האָט ביי קיין פאַל נישט געוואָלט פאַרלאָזן די בית־דין שטוב. אַ מאָדנע קאַץ געווען. דאַכט זיך, אַז די קיך האָט איר געדאַרפט בעסער שמעקן, וואָרים דאָרט איז געווען אַן אייביקע מחיה פון היגערשע קישקעלעך, פון פלייש און מילך און פעטס און אַלערליי אַנדערע גוטע זאַכן. אין דער בית־דין שטוב איז געווען בלויז ספרים און תורה און דין־תורות, אַלץ זאַכן, אין וועלכע אַ קאַץ דאַרף, לויטן שכל הישר, קיין גרויס אינטערעס נישט האָבן. אָבער זי האָט ביי קיין פאַל נישט געוואָלט אַריינשמעקן אין דער קיך, נאָר געזעסן לעבן זיידן, געדרימלט אויף אַ שטול און צוגעהערט זיך צו תורה און יידישקייט.

— נישט אַנדערש, נאָר אין דער קאַץ איז אַ גלגול אַריין, — האָט די באָבע געטענהט און מיטן עלנבויגן געטריבן די איינגעשפּאַרטע קאַץ פון דער שטול, וועלכע מען האָט געדאַרפט אָפּוואַשן לכבוד שבת.

די באָבע האָט נאָך געהאַט אַ באַזונדערן ווידערגעפיל צו דער קאַץ, ווייל דער זיידע האָט מער צערטלעכקייט אַרויסגעוויזן דער קאַץ, ווי איר, זיין ווייב, להבדיל. דער זיידע האָט די קאַץ, אמת, נישט אָנגערירט, ווייל עס איז נישט אַ גלייכע זאַך פאַר אַ ייד אָנצורירן אַ באַשעפעניש, אָבער ער האָט זי געלאָזט זיצן לעבן זיין שטול און נישט געלאָזט קיינעם אָװעקטרייבן זי. דאַקעגן האָט די באָבע קיינמאָל נישט געהאַט די זכיה צו זיצן לעבן זיידנס טיש, אַ חוץ איין מאָל אַ יאָר, ביים סדר. אין די איבעריקע טעג פון יאָר, נישט אין דער וואָכן, נישט אפילו אום שבת און יום־טוב, פלעגט די באָבע זיצן ביי דער סעודה צוזאַמען מיטן זיידן. בלויז צו קידוש פלעגט זי אַריינקומען אין זיידנס שטוב, צוזאַמען מיט די טעכטער און אייניקלעך.

איך האָב די שבתים און ערב־שבתים אין בילגאריי זייער ליב געהאַט. אין אַט דער פרומער אַלט־יידישער שטאָט האָט זיך דער הייליקער טאָג גע־פילט פון פרייטיק פרי אָן. אויפן מאַרק האָבן מאַרק־זיצערקעס פרייליך אויסגערופן זייערע פיש, גרינסן און פרוכט. דער בעדער האָט געפּויקט, אַ סימן, אַז יידן זאָלן זיך צוויילן מיט גיין אין מרחץ אַריין. די באַלעבאַטים

פלעגן פאַרבייגיין דעם זיידנס הויז, יעדער מיט זיין פעקל וועש. אָרעמע יידן פלעגן גלייך פון שוויץ־באָד פאַרהאַלטן זיך לעבן יחיאל לערערס קרעמל און אויסשמירן זיך די שטיוול מיט טראָן לכבוד שבת. פון אָט דעם טראָן פלעגן די כאַליעוועס ווערן בלוי. וויבער און מיידלעך האָבן זיך געאיילט, געיאָגט מיטן אַריינפירן דעם שבת אין הויז. אַ שטיק פאַר ליכט־צינדן האָט שוין דער שמש זיך באַוויזן מיט זיין הילצערנעם האַמער, מיט וועלכן ער האָט אָנגעקלאַפּט אין יידישע הייזער, רופנדיק מיט אַ ניגון:

—יידן, וויבער, צייט באַלד ליכט צו צינדן...

אָט דער האַמער פלעגט אָנוואַרפן אַ מורא אויף באַלעבאָסטעס.

פריער ווי אין אַלע אַנדערע הייזער איז דער שבת אַריינגעפירט געוואָרן אין זיידנס הויז. די באָבע האָט זיך אָנגעטאָן אין אַ זיידן קלייד, וואָס האָט שימערירט מיט אַלע קאָלירן. אָט איז עס געווען געל, באַלד גרין, באַלד בלוי, באַלד ווידער געל און אַזוי ווייטער און ווייטער. זי האָט אויך אויסגע־טאָן דאָס וואָכעדיקע טיכל און אָנגעטאָן אַן אַטלאַסענע קאָפּקע, וואָס איז גע־ווען באַדעקט מיט אַ גאַנצן גאָרטן פון קאַרשן, וויינפּערלעך, וויינטרויבן און אַלערליי אַנדערע פּירות, פאַרפּוצט מיט קאָלירטע סטענגעלעך און שליי־פעלעך. פון אירע אויערן האָבן זיך געבאָמבלט לאַנגע אויערינגלעך, אויס־געזעצטע מיט דימאַנטן. זי האָט אויך אָנגעטאָן אויפן האַלדז עטלעכע שניר־לעך פּערל, וואָס מען האָט געזאָגט, אַז זיי זיינען ווערט אַ פאַרמעגן, אַחוץ אַלערליי שפּילקעס און בראַסלעטן און אַנדערע צירונג, וואָס זי האָט געהאַט פון איר חתונה. זי האָט אָנגעשטעלט אַ סך זילבערנע לייכטער מיט ליכט, וועלכע זי האָט געבענטשט מיט אָן אַ שיעור ברכות און תחינות.

דער זיידע איז צוריקגעקומען פון מרחץ אַ פאַררויטלטער, אַן אויסגע־צוואָגענער, מיט פּיאות, וואָס זיינען געווען טאָפּלט לאַנג פון וואַסער. זיין ווייס העמד האָט געהאַט ברייטע אַרבל און דער ברייטער קאָלנער האָט זיך נישט פאַרקנעפּלט, נאָר געווען פאַרבונדן מיט בענדלעך. זיינע זאָקן ביז די קני זיינען געווען אַזוי ווייס, ווי דאָס העמד, באַזונדערס ווייס אַרום דער שוואַרצקייט פון דער שבתדיקער אַטלעסענער קאַפּאָטע און שטריימל.

— שבת, שבת! — האָט ער געהאַלטן אין איין צו־יאָגן אין שטוב און געאיילט זיך אין שול אַריין.

די אַלטע שול, אונטערגעהאַלטן מיט זיילן, באַהאַנגען מיט מעשענע הענג־לייכטער און העסעס, איז געווען העל פון די פיל ליכט. אַרום די אָפענע פענצטער אין דער הייך האָבן פייגעלעך געפלאַטערט און געזונגען. די צוועלף אויסגעמאָלטע מזלות, מיט אַ בלימל אָנשטאָט אַ מיידל אויף מזל־בתולה, האָבן פייערלעך אַראָפּגעקוקט פון די ווענט, ווי די לייבן פון איבער דעם ארון־

קודש. קאַפּל חזן, אַ צוואָקסענער ייד, וואָס אַ גאַנצע וואָך האָט ער געמאַכט שטריק, האָט, צוזאַמען מיט זיינע בחורים די משוררים, הויך מקבל שבת געווען. יעדער וואָרט זיינס האָט זיך אָפּגעשלאָגן מיט אַ סך ווידער־קולות אין די ווענט פון דער אַלטער שול. דער געפּאַקטער עולם האָט אונטערגעכאַפּט זיינע ווערטער מיט אַ ראַשיקייט פון ביימער אין וואַלד בעת אַ שטורעם. איך ווייס נישט ווי ווייט מנגן עס איז געווען דער צוואָקסענער ייד ר׳ קאַפּל, וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך געמאַכט שטריק אָבער איך געדענק נאָך ביז היינט דאָס זיסע ווידער־קול פון זיין „לכו־נרננה״.

„אַרבעים שנה אָקוט בדור ואומר עם תועי לבב הם והם לא ידעו דרכי״, האָט פייערלעך געדאַוונט ר׳ קאַפּל, און אַלע יידן, אויסגעוואַשענע, אויסגע־צוואָגענע, צעפלאַמטע פון שבת, האָבן אונטערגעכאַפּט דעם „שירו לאדני שיר חדש״ מיט אַזאַ ברען, אַז די ווענט און די זיילן און די מעשענע הענג־לייכטער און די אויסגעמאָלענע מזלות און די לייבן אויפן אָרון־קודש האָבן געציטערט פון גערויש. העכער פון אַלע האָט געדאַוונט מיין זיידע. כאָטש אַ מתנגד און אַ שווייגער, איז דער ייד אַריין אין אַ געוואַלדיקער התלהבות ביים דאַווענען, באַזונדערס פרייטיק־צו־נאַכטס. ער האָט געדאַוונט מיט ברען, מיט הנאה, ווי אַ שטיק געזונט וואָלט אים צוגעקומען פון די תפילות, פון דער שול, פון דער פרומער עדה דאַוונענדיקע יידן, וועמענס פּאַסטעך ער איז געווען. די שול־באַלעבאַטים, מערסטנס אָרעמע יידן, באַלמעלאָכעס, ווייל די נגידים און חסידים האָבן מערסטנס געדאַוונט אין זייערע חסידים־שטיבלעך, האָבן געקוקט מיט שטאָלץ אויף זייער רב, וואָס גייט קיינמאָל נישט דאַוונען ערגעץ אַנדערש, נאָר דאַוונט נוסח אַשכנז אין שול, אין זייער שול, און זיך נאָך פרימער צעלאָזט אין זייערע פרייטיק־צו־נאַכטיקע תפילות, לויבנדיק גאָט פאַר דעם הייליקן טאָג שבת, מיט וועלכן ער האָט מזכה געווען זיין פאָלק ישראל. נאָכן דאַוונען האָט קאַפּל חזן געמאַכט קידוש אויפן באַלעמער פאַר גאַנץ קהל און שמואל שמש האָט געגעבן די יינגלעך צו טרינקען ווייַן פון גרויסן זילבערנעם קידוש־בעכער. די יינגלעך האָבן זיך נישט צעריסן ביים כאַפּן אַ ביסל ווייַן פון קידוש. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געווען ביי דעם זיידנס שמש דער ערשטער צו פאַרזוכן פון בעכער. נאָכדעם איז דער זיידע דורכגעגאַנגען די שול און אַלע יידן האָבן אים מיט שמחה אַנטקעגנ־געטראָגן דעם גוט־שבת.

אין בית־דין שטוב איז שוין דער טיש געווען געגרייט. די פיל ליכט אין די זילבערנע לייכטער האָבן געפינקלט. דער בליך־לאָמפּ האָט העל באַלויכטן די גלעזלע בלעטער אויף די אויסטאָפּעצירטע ווענט. דער ווייַן

אין דעם גלעזערנעם קאַראַפין, די טישטעכלעך אויף די חלות, די זילבערנע לעפל און מעסערס, די בעכערס און בעכערלעך, אַלץ האָט געפינקלט אין די שבתדיקע ליכט. פינקלענדיקער פון אַלץ זיינען געווען דער באָבעס אויערינגלעך און שפּילקעס און פּערל און אַלע אַנדערע צירונג, וואָס האָבן געבליצט מיט אַלע פייערן און קאָלירן. דער זיידע האָט געמאַכט קידוש און געגעבן צו טרינקען פון בעכער דער באָבען און אַלע איבעריקע ווייבער פון שטוב, ביז עטל דער דינסט. דערנאָך האָב איך אים צוגעטראָגן די שווערע קופּערנע שעפּ צו וואַשן די הענט. פאַר דער צייט צווישן קידוש און מאַכן „המוציא", האָט די באָבע דורכגעפירט אַ שטילע פּאַנטאָמינע. קוקנדיק אויף די געפלאָכטענע קוילעטשן, האָט זי געוואונקען צו די ווייבער אַרום און מיט אַלע איברים אַרויסגעוויזן איר שמחה, ווען די חלות זיינען געראָטן, און איר צער, ווען די חלות זיינען נישט געראָטן. איך האָב קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען דער באָבעס עגמת־נפש איבער די נישט־געראָטענע חלות. פאַרקערט, איך האָב גאָר געפילט אַ באַזונדערן טעם אין שווערע נישט־געראָטענע חלות. אָבער די באָבע האָט זיך דערפון שטאַרק דאָס האַרץ אָפּגעגעסן. צום גליק, האָט דאָס געטראָפן זעלטן, און די באָבע האָט געקוואָלן פון די געראָטענע קוילעטשן. ווי נאָר דער זיידע האָט געמאַכט די ברכה איבער דעם גרויסן קוילעטש און איינגעטיילט „מוציאס" דער באָבען און די איבעריקע ווייבער ביז עטל נעבען דער דינסט, — אַזוי האָבן אַלע ווייבער געמוזט פאַרלאָזן דעם זיידנס שטוב און אַריינגיין עסן אין קיך. זיי האָבן בלויז אַריינגעטראָגן עסן פאַרן זיידן, מיר, מיין געשוועסטערקינד עליע און פאַר די איבעריקע אורחים, וואָס דער זיידע פלעגט כמעט תמיד האָבן ביי זיין טיש. אָט טאָקע צוליב די אורחים האָבן די ווייבער נישט געטאָרט זיצן ביים טיש. דער זיידע האָט שטאַרק אָפּגעהיט, אַז פרעמדע מאַנסבילן זאָלן זיך נישט געפינען ביי איין טיש צוזאַמען מיט פרעמדע ווייבער. די באָבע איז געווען אויסער זיך פון פאַרדרוס, וואָס צוליב בעטלער דאַרף זי און אירע טעכטער און אייניקלעך עסן אין קיך, ווי אַ דינסט. עס האָט איר שוין נישט אַזוי פאַרדראָסן ווען דער זיידע האָט געהאַט בכבודיקע אורחים, ווי אַ מחבר, אַ ישיבה־בחור, אַ מגיד אָדער אַ ירושלמי, ווייל זי האָט פאַרשטאַנען, אַז צוליב אַזעלכע לייט מעגן נקבות אַוועקגיין פון טיש. פול מיט פאַרדרוס איז זי געווען, ווען זי האָט געמוזט אַוועקגיין פון טיש צוליב פּראָסטע קבצנים, הייזער־גייער, וואָס דער זיידע פלעגט אָפּט מיטברענגען פון שול.

דער זיידע האָט געהאַט אַ טבע אויסצוזוכן די געמיינסטע צווישן די בעטלער, די ערגסטע פאַרזעענישן און קאַליקעס, וואָס קיין באַלעבאָס האָט נישט

געהאַט קיין חשק אַהיים צו נעמען, כדי נישט צו פאַרשטערן ווייב און קינדער דעם שבת. די באָבע האָט נישט געקענט קוקן ווי אָט די שמוציקע צעקאָלטנטע הייזער־גייער זעצן זיך אַוועק ביים קלאָרן טישטעך, נוצן די זילבערנע לעפל און מעסער, טרינקען פון די זילבערנע בעכערלעך.

— כ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, — האָט זי געמורמלט אין קיך, — דאָס גאַנצע הקדש האָב איך אין שטוב...

דער זיידע האָט נישט געלאָזט פאַלן קיין קרום וואָרט אויף די קבצנים זייערע.

— עסט, יידן, — האָט ער זיי אונטערגעגעבן חשק, — לאָזט זיך נישט בעטן.

די קבצנים האָבן אפילו נישט אין זינען געהאַט זיך צו לאָזן בעטן. זיי האָבן געריבן מיט אַזאַ בהלה, ווי אויסגעהונגערטע פערד ביי אַ קאָרעטע מיט האָבער. זיי האָבן געפּאַטשט מיט די ליפּן ,געריבן מיט די ציין, גע־כליעפּטשעט ביים טרינקען. אין אַלץ האָבן זיי געטונקען די מוציאס חלה: אין דער פיש־יויך, אין דער הינער־יויך, אין וויין, אין כריין, אין דער פלוי־מען־יויך. זיי האָבן אָפּגערוימט אַלע קליינעכיך פון טיש, אויסגענייגט די טעלערס, אויפגעשאַרט די ברעקלעך פון טישטעך און פון די אייגענע בערד. מיר פלעגט שלאָגן צו דער גאַל פון זייערע שמוציקע הענט, מיט וועלכע זיי האָבן אָנגענומען די קוילעטשן, פון זייערע רויטע אויגן און שמאַטענע מלבושים און פאַרשימלטע ריחות. עס פלעגן מיר נישט באַקומען דער באָבעס געשמאַקע פיש, יויכן און הינער און צימעסן. איבערהויפּט פלעגט מיר פאַר־גיין דער אַפּעטיט, ווען טייל פון די אורחים פלעגן נישט נוצן די מעסערס פון טיש, נאָר זייערע אייגענע בעטלערישע קנייפּערלעך, שמוציקע און פאַר־ראָסטעטע, מיט וועלכע זיי האָבן געריסן שטיקער פון די קוילעטשן. אָבער דערפאַר איז מיר צוגעקומען אַ שטיק געזונט פון זייערע וויסטע העויות און ברומערייען און רייד און מעשות, וואָס זיי האָבן נישט אויפגעהערט צו דערציילן זיך איינער דעם אַנדערן. די פאַנטאַסטישע מעשות און פּאַסירונגען האָבן זיי געהאַט צו דערציילן, מעשות פון וועגן, שטעט, באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס. מערסטנס האָבן זיי גערעדט וועגן די גוטע און שלעכטע שבתים, וואָס זיי האָבן אין די שטעט, אין וועלכע זיי גייען דורך אין פאַר־לויף פון יאָר פון זייערע בעטלערישע מאַרשרוטן.

— תזריע־מצורע אין טורבין האָב איך אַ פעטן, — פלעגט איין בעט־לער באַרימען זיך פאַרן אַנדערן. — מ׳גיט מיר דאָרט פיש און פלייש און פעטשאַ און ציבעלעס מיט שמאַלץ און אפילו מלוה־מלכה גיט מען מיר,

באָרשט מיט קאַרטאָפליעס... כ׳על דיר מיין תזריע־מצורע פּאַר קיין צוויי גילדן נישט אַוועקגעבן.

— מיין בחוקותי אין איזשביצע זאָל אַ פייער נעמען, — פלעגט אַ צווייטער בעטלער זיך קלאָגן. — חלה גיט מען בלויז צו דער מוציא, דער־נאָך מוז מען עסן ברויט... קיין שלוש־סעודות גיט מען אינגאַנצן נישט, אַ בראָך זיי אין די גערעדעם...

דער זיידע האָט נישט געקענט הערן די וויסטע רייד און קללות ביים שבתדיקן טיש, אָבער נישט וועלנדיק פאַרשעמען די בעטלערס, האָט ער זיי געגעבן אָנצוהערענישן, אַז זיי זאָלן אויפהערן.

— עסט, יידן, עסט, — האָט ער זיי געמונטערט, אַזוי אַז זיי זאָלן זיך אָנשטויסן, אַז זיי דאַרפן בלויז עסן און נישט רעדן.

אָבער די בעטלערס האָבן זיך נישט וויסנדיק געמאַכט און געטאָן ביי־דע זאַכן מיטאַמאָל, געקייט און גערעדט.

די באָבע האָט יעדעס מאָל, וואָס זי האָט אַריינגעטראָגן נייע מאכלים, געכאַפּט אַ בליק אויף דעם זילבער אויפן טיש, נישט זיכער זייענדיק צי די הייזער־גייער וועלן נישט עפּעס אַראָפּלאָזן אין קעשענע אַריין.

איך האָב אָנגעקוואָלן פון אָט די בעטלערישע מעשיות און געשיכטן און די מסחרים, וואָס זיי האָבן געפירט אום שבת. אין הייליקן טאָג האָבן זיי גע־פירט אַן אויסטויש, געמסחרט מיט צוקער, וואָס זיי פלעגן קריגן פון קאַר־גע באַלעבאָסטעס, אָנשטאָט גראָשנס; פאַרקויפט זיך שמאַטעס, אַ פּאָר אַל־טע כאַליעוועס און נאָך אַזעלכע אַנטיקן. דער זיידע האָט זיי געשטראָפט:

— יידן, נו־אָ, שבת!

אָבער זיי האָבן נישט געהערט און אָנגעהאַלטן זייערע בעטלערישע מסחרים. זיי האָבן אויך נישט געוואָלט אָנטרויען דעם זיידן די פּעק מיט גראָשנס, וואָס זיי האָבן געטראָגן מיט זיך אום שבת. דעם זיידן איז עס געגאַנגען אין לעבן, אַז די קבצנים זאָלן אים געבן צו באַהאַלטן זייערע געלדער איבער שבת, כדי זיי זאָלן נישט טראָגן מיט זיך קיין געלט אין הייליקן טאָג.

— יידן, איך בין, ברוך־השם, אַ בטוח, — פלעגט ער זיי פאַרזיכערן.

— די גאַנצע שטאָט האַלט ביי מיר געלט, צירונג...

דאָס איז קיין באַרימעריי נישט געווען. די גאַנצע שטאָט האָט איינגע־לייגט ביים זיידן אין הויז שלוש־געלטער ביי דיך־תורות, צירונג פון כלות. דאָס אַלץ איז געלעגן אין אַ גרויסן שווערן קופערט, אַ געשמידטן מיט אייזן, אַ געדעקטן מיט פעל און אַ פאַרשלאָסענעם אויף זיבן שלעסער. דער קו־פערט איז געשטאַנען אין זיידנס שלאָף־שטוב, אַזוי אַז ער זאָל זיין זיכער

קעגן אַ גבבה. דער זיידע האָט מבטיח געווען די בעטלערס, אַז אויך זיי מעגן אים אַנטרויען זייערע טאָרבעלעך מיט גראָשנס און פרוטות ביז איבער שבת. אָבער די בעטלערס האָבן נישט געוואָלט הערן דערפון.

— מיר האָבן גאָרנישט, רבי, — האָבן זיי געזאָגט פינצטערע, פאַר־דעכטיקנדיקע, — מיר זאָלן אַזוי לעבן, רבי...

— נו, נו, נישט שווערן, — האָט דער זיידע זיי געבעטן. — יידן טאָרן נישט שווערן... עסט, עסט, יידן...

די יידן האָבן געפאָלגט. מער ווי פרייטיק־צו־נאַכטס האָבן זיי געאַרבעט מעשים ביים טיש שבת אין דער פרי, ווען מען האָט דערלאַנגט דעם הייסן פעטשאַ, באַלייגט מיט חלה און צעשלאָגענע געלעכלעך פון אייער, די ציבעלע מיט שמאַלץ, די פיש, די קאַשע מיט יויך, קוגל און קישקע און צימעס און אַלערליי אַנדערע מטעמים. די בעטלערישע בערד האָבן געגלאַנץ פון פעטס. די פרומע קאַץ, וואָס האָט זיך צוגעהערט צום זיידנס זמירות, האָט אַלעמאָל אויפגעעפנט אַן אויג, אַ וויסטן בליק געטאָן אויף די רוישיקע קבצנים, און ווידער איינגעטוליעט זיך אין איר געזעס לעבן זיידנס פאָטער־שטול.



י. י. זינגער כאַפּט אַ שמועס מיט ייִדן באַלעגאָלעס, פֿון זשיראַרדאָוו, פּוילן

פֿאָטאָגראַפֿירט פֿון מנחם קיפּניס, 1926

## פראַדל, דער „פלעק" אין דער משפחה

נאָכן בענטשן פלעגט דער זיידע גלייך גיין שלאָפֿן. איך פלעג זיך אַוועקלאָזן צום פֿעטער יוסף אין שטוב, וואו מען האָט נישט געפילט אַזוי שטאַרק די שטרענגקייט פון שבת ווי אין זיידנס הויז. און איך האָב געקענט זיך שפּילן מיט דער כאַליאַסטרע פון מיינע שוועסטער־קינדער, יינגלעך און מיידלעך, וואָס איינער איז געווען רויטער פון אַנדערן. וואָס מיר האָבן נישט צעאַרבעט אין הייליקן טאָג, האָט עס דעם פעטער יוסף נישט געאַרט. מיר האָבן געמעגט שפּילן אין ניס, אַרומיאָגן זיך אין באַהעלטעניש־שפּיל און טאָן אַלערליי אַנדערע נישט־שבתדיקע זאַכן. אַזוי ווי דער פעטער האָט נישט געקענט טאָן זיינע צוויי באַליבטע מלאכות פון שרייבן חשבונות און רויכערן פּאַפּיראָסלעך, האָט ער נישט אויפגעהערט טרינקען שבתדיקע טיי, וואָס די מומע שרה־טזשיזשע האָט אים געהאַלטן אין איין צוטראָגן. דערביי האָט ער גערעדט, אויסגעפּרעגט זיך אויף אַלעמען און אַלץ, וועגן אַלץ געדאַרפט וויסן. גערעדט האָט ער גיך, וויציק, פול מיט שאַרפע שפּאַסן און ליצנות. די אייביקע טעמע איז געווען — זיין עלטסטע טאָכטער פראַדל, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיין ערשט ווייב. אַט די טאָכטער זיינע, אַ מאַט־הויטיקע ברונעטקע, די איינציקע שוואַרץ־האָריקע צווישן אַלע אירע רויט־האָריקע שוועסטער און ברידער, האָט זיך געוויינטלעך אויפגעהאַלטן אין זוויהיל, וואו זי האָט געלערנט אין אַ פּרויען־גימנאַזיע און זי האָט ליב געהאַט צו רעדן רוסיש און גיין אָנגעטאָן ווי אַ פּריצהלע. אָבער זי פלעגט פון צייט צו צייט קומען קיין בילגאָריי צום פאָטער. אַזוי גיך ווי זי איז געקומען, האָט זי זיך גענומען קריגן מיטן פאָטער.

אָט די פראַדל איז געווען דער פלעק אין דער משפחה. יידן חסידים, קעגנער פון זיידן צוליב זיין מתנגדות, האָבן געטענהט, אַז טאַקע צוליב דעם מתנגדות זיינעם האָט ער זיך דערלעבט צו האָבן אַ אייניקל אַ גויע, אַ משומדת, אַ כל־בוניצע וואָס רעדט גויאיש, טראָגט אַ הוט אויפן קאָפּ און לאַקירטע שטיוועלעך אויף די פיס. פאַר מיר איז די פרעמד־שטאָטישע פראַדל געווען אַ פאַנטאַסטישע דערשיינונג פון אַ פרעמדער, צויבערנדיקער וועלט. דער גרעסטער צויבער איז געווען אין דעם וואָס זי פלעגט אָפט אַרויסנעמען אַ פּאַפּיראָס פון פאָטערס פודלע מיט אויסגעשטאָפּטע פּאַפּיראָסן, פאַררויכערן,

אַרויסלאָזן דעם רויך אי דורכן מויל, אי דורך די נאָז־לעכער, און דערביי קריגן זיך העפטיק מיטן פאָטער, אַלץ איבער ירושה־געלטער, וואָס זיינען געבליבן נאָך איר פאַרשטאָרבענער מוטער, און ער, דער פאָטער, האָט זיי פאַרטאַכלעוועט; וועגן דעם וואָס ער זאָרגט ניט פאַר איר און וועגן נאָך אַזעלכע זאַכן. דער פעטער פלעגט איר קיין מוסר פאַר איר רוסיש און לאַקירטע שטיוועלעך און אַנדערע גויאישע זאַכן ניט זאָגן. ער האָט בכלל קיינעם קיין מוסר ניט געזאָגט. אָבער ער האָט געטענהט, אַז איר זיצן דאָרטן אין די שקאָלעס אין זוויהיל איז קיין תכלית נישט און אַז זי זאָל בלייבן אין בילגאריי און טאָן אַ שידוך מיט אַ לייטישן בחור.

פראַדל האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט מיט אַ קליגענדיק געלעכטער, וואָס אַזעלכעס האָט מען קיינמאָל אין פרומען בילגאריי נישט געהערט פון אַ יידישער טאָכטער, און פאַרצויגן מיט אַ פאַפּיראָסל.

— חתונה האָבן מיט אַן איטשע־מייער און באַזעצן זיך אין בילגאריי?

— האָט זי געזאָגט מיט עקל. — כ'וואָלט בעסער אַראָפּשפּרינגען פון דער בריק.

—וואָס דען ווילסטו? — האָט דער פעטער זי געפרעגט, אָנלאָזנדיק איר אַ פול פנים מיט רויך.

— שטודירן און ווערן אַ צאָן־דאָקטאָר — האָט פראַדל געענטפערט, אָנלאָזנדיק דעם פאָטער אַ פול פנים מיט רויך.

דאָס וואָרט דאָקטאָר האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַזאַ מורא און שטאָלץ גלייכצייטיק, אַז איך האָב אַזש נישט געוואַגט צו אָטעמען. איך האָב בלויז געקוקט אויף אָט דעם פרעמדן רויכערנדיקן מיידל און נישט געקענט זיך צו גלייבן, אַז זי איז טאַקע מיינס אַ לייבלעך שוועסטער־קינד.

אין די שבתים פלעגן פאָטער און טאָכטער זיך קריגן העפטיקער ווי אַ גאַנצע וואָך, ווייל זיי האָבן ביידע נישט געטאָרט רויכערן. איך פלעג מיט הנאה אָפּזיצן אַ גאַנצן שבת־נאָכמיטאָג אין פעטערס טומלדיקער שטוב, וואו אַפילו דאָס קריגן זיך האָט נישט געהאַט אין זיך קיין ביטערניש, נאָר היימישקייט און לייכטקייט. די מומע שרה־טזשיזשע, די הויכע יידענע, וואָס תמיד האָט געשמעקט פון איר מיט אויוון און געבעקס, האָט מיר כסדר צוגעטראָגן קיכעלעך, ראָגעלעך און קאָמיסברויטלעך. צו שלש־סעודות פלעג איך צוריקגיין צום זיידן. די באָבע פלעגט זיצן אין דער גרויסער קיך, וואָס איז געווען איינגעהילט אין שבת־צו־נאַכטיקע שאָטנס און זאָגן אירע תחינות און תפילות. דערביי האָט זי געזאָגט נישט נאָר לשון־

קודשדיקע תּפילות, נאָר אויך יידישע, און אַריינגעלייגט אַ סך האַרץ אין „גאָט פון אברהם". איך געדענק נאָך ביז היינט איר אָונטיקן ניגון:

גאָט פון אברהם און יצחק און יעקב,
היט אָפּ דיין פאָלק ישראל פון יעדער שלעכטס . . .

נאָך דעם „גאָט פון אברהם" פלעגט זי איבערגיין צו אַ ליד אין גראַמען וועגן אליהו הנביא, וואָס דאַרף אָנזאָגן די בשורה פון משיחס קומען. טייל שורות געדענק איך נאָך:

אויף אַ באַרג ווייט ערגעץ, ווייטער
שטייט צווישן הימל און ערד אַ לייטער,
אליהו דער תשבי שטייט אויף דער לייטער
און זאָגט אָן פאָלק ישראל אַ בשורה מיט אַ טראָמייטער.
אליהו הגלעדי, טראָמייטער נאָך,
משיח בן דוד זאָל קומען די וואָך . . .

ווען די באָבע פלעגט פאַרטיק ווערן דערמיט, פלעגט זי איבערגיין צו אַזאַ ליד:

חנה האָט געהאַט זיבן טעכטער אין אירעס לייב,
האָט זי זיי נישט געהאַט צו געבן קיין פּיצעלע ברויט.
היט אונדז אָפּ, גאָט פון נויט,
און פון אַ פריצייטיקן טויט.
קומען זאָל אויף אונדז אַ מזלדיקע וואָך,
ברכה און הצלחה נאָך און נאָך,
קומען זאָל די גאולה נאָך די וואָך,
גיך, גיך, גיך,
אליהו, זיי מצליח! . . .

מיינע פעטערס פלעגן אָפט שמייכלען איבער דער באָבעס עברי־טייטש גראַמען, אָבער די באָבע איז נישט נתפּעל געוואָרן און געזאָגט זיי יעדן שבת־צו־נאַכטס פאַר הבדלה. מיינע צוויי שוועסטער־קינדער, די יתומות סימעלע און טויבעלע, פלעגן שטיל אונטערברומען אַ מיידלעריש לידל וועגן אַ ליבע צווישן אַ מלך און אַ בת־מלכה.

דער פויגל איז געפלויגן אַ טאָג מיט אַ נאַכט,
אַ טאָג מיט אַ נאַכט.
געקומען צו דער מלכה, געטראָפן די לאָדנס פאַרמאַכט.
אוי, שטיי שוין אויף, גילדענע צורה,
כ'האָב דיר געבראַכט פון מלך אַ בשורה . . .

כאָטש אין זיידנס הויז האָבן ווייבער נישט געטאָרט זינגען, איז אָבער דאָס דאָזיקע ליבע־ליד טאָלערירט געוואָרן. ווייל דאָס איז נישט געווען סתם אַ ליבע־ליד, נאָר אַ משל אויף גאָט מיט זיין פאָלק ישראל. מיט דעם מלך האָט מען געמיינט גאָט, און מיט דער בת־מלכה — די כנסת־ישראל. מיט דעם פויגל האָט מען געמיינט דעם שליח פון גאָט צו ישראל וועגן דער גוטער בשורה פון דער אויסלייזונג. צי די מיידלעך די יתומות האָבן טאַקע געמיינט די פרומע אויסטייטשונג אָדער די פשוטע ליבע צווישן אַ מלך און אַ בת־מלכה ווייס איך נישט. אַלנפאַלס האָבן זיי אין אָט דעם ליבע־ליד אַ סך האַרץ און געפיל אַריינגעלייגט. אין זיידנס בית־דין שטוב האָט מען געזונגען אַנדערע געזאַנגען: אין דער גרויסער בית־דין שטוב, וואָס איז געווען איינגעהילט אין שווערע, גערדיכטע שאָטנס, זיינען געזעסן אויסגעזעצט ביים טיש און געשטאַנען עטלעכע מנינים יידן, די אָרעמסטע פון שטאָט, די זיפּן־מאַכערס, און פרום געזונגען זמירות צו שלש־סעודות.

בילגאָריי האָט זיך באַשעפטיקט מיט אויסאַרבעטן זיפּן, וועלכע זיינען געגאַנגען איבער גאַנץ רוסלאַנד און אפילו געשיקט געוואָרן קיין אויסלאַנד. די פויערים אַרום פלעגן מאַכן זיפּן נאָר אין ווינטער, ווען זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעט אין די פעלדער. די בילגאָרייער יידן האָבן געאַרבעט ביי זיפּן אַ גאַנץ יאָר. עטלעכע הונדערט יידישע משפחות האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אָט דער מלאכה. די ווייבער האָבן געקליבן די פערדישע האָר, פון וועלכע מען האָט די זיפּן געוועבט, גערייניקט און געוואַשן זיי. אָט די ווייבערישע אַרבעט האָט זיך גערופן „מיעטן" און די אַרבעטאָרינס האָט מען גערופן „מיעטערקעס". די מאַנסבילן זיינען געזעסן אין וועבשטולן, איינגעפלאָכטן צווישן שטאַנגען און שטריק, ווי אַ פליג אין שפּינוועבס, און געוועבט די זיפּן. דאָס איז געווען אַ שעדלעכע אַרבעט, ביי וועלכער מען פלעגט געוויינלעך קריגן שווינדזוכט נאָך אַ פּאָר צענדליק יאָר, אָדער אפילו פריער. מערסטע זיפּערס האָבן געאַרבעט פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט. זיי זיינען געוואָרן אויסגעהויקערט און האַלב־בלינד און געהוסט און פאַרלוירן יעדן טראָפּן בלוט אין פּנים. אַזוי האָבן אויך אויסגעזען די „מיעטערקעס". אָבער פון דער שווערער אַרבעט האָבן די מענטשן אפילו נישט געקענט אויסאַרבעטן קיין ברויט און קאַרטאָפל צו עסן צו דער זאַט, קיין שטיקל מלבוש צו פאַרדעקן דאָס לייב. די עטלעכע גבירים, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן די אַרבעט, האָבן געצאָלט גראָשנס פאַר שווערער האָרעוואַניע. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז יידן, וואָס האָבן געאַרבעט אַ גאַנצע וואָך צוזאַמען מיט זייער הויזגעזינד, האָבן נישט געהאַט מיט וואָס שבת צו מאַכן, און אפילו

זיפערס און זיפערקעס פלעגן פריייטיק־צונאַכטס אַרומגיין איבער באַלעבאַטי־שע הייזער בעטן חלה אָדער ברויט. איך פלעג זיי זען ווען זיי פלעגן אַריינ־קומען פאַרשעמטע. די באָבע פלעגט זיי אָוועקגעבן גאַנצע חלות, האַלבע ברויטן. זיי פלעגן בענטשן און ווינטשן. די באָבע פלעגט דערנאָך שאָקלען מיט די חסידים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען זייערע בלוט־זויגנדיקע דערצו. די יינגערע און שטאַרקערע, וואָס האָבן נאָך געהאַט כחות, האָבן געקענט אַליין באַזאָרגן זיך מיט ברויט. אָבער אפילו זיי האָבן געלעבט אין דער גרעסטער נויט און דחקות. זייערע געסלעך זיינען געווען נעסטן פון דלות, שמוץ און קראַנקהייטן. זייערע באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיי אַרויסגעגעבן די אַרבעט, זיינען געוואָרן רייכער מיט יעדן טאָג.

אָט די אָרעמע, צעבראָכענע יידן פלעגן דאָס קומען אין זיידנס הויז יעדן שבת פאַרנאַכט, וואו זיי האָבן געגעסן שלוש־סעודות, חלה מיט הערינג, און געזונגען זמירות, אין זייער נויט און דערשלאָגנקייט האָבן זיי זיך געטוליעט צום רב זייערן, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאַר זיי, מכבד געווען זיי. דער זיידע האָט גערעדט מיט זיי, געטרייסט זיי, געשאָפן צדקה פאַר זיי. ער האָט אויך יעדן פון זיי, דעם סאַמע קלענסטן, גערופן מיט אַ „רב" און באַגעגנט מיט אַ „ברוך הבא" ווען ער איז אַריינגעקומען אין זיין בית־דין שטוב. און זיי זיינען געווען שטאָלץ מיט זייער רב, שטאָלץ דערמיט וואָס ער דאַוונט נישט מיט די חסידים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען זייערע בלוט־זויגנדיקע באַלעבאַטים, נאָר צווישן די פּראָסטע לייט אין שול; שטאָלץ דערמיט וואָס ער רופט זיי יעדן מיט אַ „רב", באַגעגנט זיי מיט אַ „ברוך־הבא". זיי פלעגן אויך קומען אויסוויינען זיך פאַר אים, רופן צו דין־תורהס זייערע באַלעבאַטים, מער פון אַלע אַנדערע — דעם גביר פון שטאָט, ר' יהושע מיימון, וואָס כמעט אַלע האָבן געאַרבעט פאַר אים.

די מערסטע דין־תורהס, אַזעלכע פלעגן פאָרקומען שבת־צו־נאַכטס. דער זיידע פלעגט אַריינרופן שמואל שמש און אים שיקן נאָך די צדדים.

— גיי נאָך ר' יהושען, — פלעגט דער זיידע זאָגן, — און זאָג, אַז איך רוף אים צו אַ דין־תורה.

שמואל שמש האָט שוין געוואוסט וועלכן ר' יהושע מען מיינט. ערגער איז געווען, ווען דער זיידע פלעגט אים שיקן נאָכן צווייטן צד, דעם זיפער. די מעשה איז געווען, וואָס קיינער האָט נישט געוואוסט די פאַמיליע־נעמען פון אָט די אָרעמע באַלמעלאָכעס. זיי האָבן געהאַט צו־נעמען, וואָס לצים אין שטאָט האָבן זיי געגעבן. דער זיידע האָט נישט געוואָלט אָנרופן אַ יידן מיט אַ צו־נאָמען, און ער פלעגט בלויז זאָגן.

— גיי, שמואל, און רוף ר׳ בערל זיפּער.

— ס׳זיינען דאָ אַוודאי אַ מנין בערל זיפּערס אין שטאָט, רב, — האָט דער שמש געזאָגט.

— ער וואוינט אין זיפּער געסל.

— זיי וואוינען אַלע אין זיפּער־געסל, רב.

— ער איז, נעבעך, אַ דאַרער ייד, אַ צעבראָכענער.

— זיי זיינען אַלע דאַרע און צעבראָכענע, רב...

— דער וואָס אַרבעט פאַר ר׳ יהושען...

זעענדיק, אַז עס וועט נישט קומען צו קיין טאָלק, האָט דער שמש פּרו־בירט טרעפן.

— בערל לאָקש? בערל הויקער? בערל צאָפּ? בערל די נקבה? בערל פאַרך?

נו, גיי שוין, גיי... — האָט דער זיידע געזאָגט מיט אַ זיפץ פון וואָס שמואל שמש האָט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף גיין רופן בערל פאַרך...

די דין־תורהס זיינען געווען טומלדיקע. די אָרעמע זיפּערס פלעגן טענהן, שרייען, רופן צו יושר, גערעכטיקייט, יהדות.

— וואו איז יהדות? — האָבן זיי געפרעגט. — מיר האָבן שוין נישט קיין כוח צו אַרבעטן מיט ווייב און קינדער און נישט האָבן אפילו צו עסן.

— איך צאָל גוים נאָך וויניקער, רב, — האָט ר׳ יהושע געטענהט געלאַסן.

דער זיידע האָט גערעדט וועגן יידישקייט.

— ר׳ יהושע, גוים האָבן פעלדער, גוים דאַרפן נישט עסן כשר, צאָלן מלמד־געלט, נישט רוען אום שבת... יידן קענען זיך נישט גלייכן צו גוים, להבדיל.

— עס איז מסחר, רב, און אין מסחר רעכנט מען זיך אויס עס זאָל קאָסטן וואָס ביליקער, — האָט ר׳ יהושע געטענהט רואיק און געלאַסן אויף אַלע באַלמעלאָכישע קולות און געוויינען.

לויטן אויסזען האָט דער ר׳ יהושע קיין סימן פון קיין נגיד נישט געהאַט אויף זיך. זיין קאַפּאָטע האָט געגלאַנצט פון אַלטקייט, זיין היטל האָט גע־האַט אַ פלעק אויפן דאַשעק. אויך פלעגן זיינע זאָקן זיין פאַרצירעוועט און די פּיאָטעס און אַרויסגעשיינט מיט זייערע לאַטעס פון צו־לויזע חסידישע שיך. אָבער ווי פרום און אָרעם געקליידט ער איז געווען, אַזוי איז ער געווען אָנגעשטאָפּט מיט געלד, האָט מען אין שטאָט געזאָגט. זיינע גלאַטע, פרומע רייד, לאָגישע און פול מיט תורה און פרומקייט, האָבן אַרויסגעבראַכט פון

די כּלים די צעריצטע אומגליקלעכע זיפערס, וואָס זיינען געווען שווער אויף דער צונג.

איינמאָל ביי אַזאַ דין־תורה איז אַ זיפער געוואָרן אַזוי אויפגעקאָכט, אַז ער האָט זיך צעשריען.

— איך הערט, רבי, ווען כ׳בין געווען אַ חדר־יינגל, האָב איך שוין מיט ווייב און קינדער געאַרבעט אויף ר׳ יהושען, און זיך אַלץ צו קיין שטיקל ברויט נישט דערשלאָגן . . .

ר׳ יהושע האָט געלאַכט.

— שוטה, אַז דו ביסט געווען אַ חדר־יינגל, האָסטו דאָך קיין ווייב און קינדער נישט געהאַט, — האָט ער געזאָגט געלאַסן, גלעטנדיק דערביי פרום זיין באָרד און פּיאות.

דער זיפער האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט איבער זיין אייגענער אָרעמער שטומער צונג.

דער זיידע האָט אים איינגענומען, ווי אַ קינד.

— גאָט איז אַ דערבאַרעמדיקער פאָטער, — האָט דער זיידע אים געטרייסט און געגלעט זיין אַרבל.

כּדי נישט מבייש צו זיין דעם אָרעמען צד, האָט דער זיידע קיינמאָל ביי אַזעלכע דין־תורהס קיין פּסק־געלט נישט גענומען, אפילו אויך נישט פון נגידישן צד.

נאָך איינער אַזאַ דין־תורה האָב איך פּרובירט בייזערן זיך אויף גאָט, וואָס לאָזט צו אָרעמע־לייט אַזוי ליידן.

— פאַרוואָס מאַכט נישט גאָט, אַז אַלע זאָלן זיין גוט, זיידע? — האָב איך געפרעגט.

דער זיידע האָט מיר פּרובירט דערקלערן מיט אַלערליי תירוצים, אָבער איך האָב זיך נישט געלאָזט פאַררעדן און זיך געהאַלטן פאַרעקשנט ביי מיין קשיה. דער זיידע האָט מיך באַטראַכט מיט זיינע דורכדרינגלעכע אויגן.

— ביסט צו יונג צו פאַרשטיין אַזעלכע זאַכן, — האָט ער מיר געזאָגט, — גיי לייען קריעת־שמע פאַרן שלאָפן, און גלייב אין גאָט, אַז אַלץ וואָס ער טוט דאַרף אַזוי זיין.

דערביי האָט ער אַליין פאַרהויבן די אויגן צום באַלקן, הויך געזיפצט און פלוצלונג אַ זאָג געטאָן מיט ברען:

— איך גלויב, רבונו של עולם . . . איך גלויב, גלויב . . .

פון זיין גיכן אַרויסכאַפּן אַ גמרא און זעצן זיך לערנען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער וויל זיך ראַטעווען פון שווערע מחשבות און קשיות, וואָס האָבן אים געפייניקט.

איך האָב מער נישט געפרעגט און בלויז געקוקט פון מיין שלאָף־בעטל אויף דעם זיידן ביי דער גמרא. עפּעס אַ גרויסער כוח האָט געווייעט פון אָט דעם הויכן ביינערדיקן שטרענגן יידן, וואָס איז ווי געבוירן געוואָרן צו זיין אַ פאַסטעך איבער אַן עדה. ער האָט געפירט די שטאָט מיט יושר און צדקות, קיין זאַך נישט פאַרגלעט, קיין זאַך נישט פאַרזען, פאַר קיינעם קיין מורא נישט געהאַט, קיינעם פאַר קיין זאַך נישט געשמייכלט.

איך געדענק, ווי איינמאָל, ווען מיר זיינען געווען ביים זיידן, איז אין בילגאָריי גראָד געשטאָרבן דער ראש־הקהל פון שטאָט, אַ רייכער ייד און אַ חשוב ביי נאַטשאַלסטווע. אויב איך מאַך קיין טעות נישט איז זיין נאָמען געווען דוד לובלינער. דעם פאַרשטאָרבענעמס זין זיינען געקומען בעטן דעם זיידן, ער זאָל מאַכן אַ הספד איבער זייער פאָטער. אָבער דער זיידע האָט זיך אָפּגע־זאָגט, ווייל הגם דער פאַרשטאָרבענער איז געווען אַ פרומער ייד, האָט ער זיך נישט געהאַט אויסגעצייכנט מיט קיין לומדות אָדער יראַת־שמים, אַזוי אַז מען זאָל אים אויסטיילן פון אַנדערע שטאָטישע יידן. די זין האָבן זיך געפּילט זייער געטראָפן דערפון און זיי האָבן פאַרגעלייגט דעם זיידן צוערשט הונדערט און דערנאָך צוויי הונדערט רובל, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ פאַרמעגן, באַזונדערס פאַר מיין זיידן, וואָס האָט געהאַט אויף זיך אַזאַ גרויסע משפחה צו באַזאָרגן. דער זיידע האָט נישט געוואָלט הערן דערפון, הגם פון אַלע זייטן האָט מען אים געוואָרנט, אַז ער רייסט זיך איין מיט די מעכטיקסטע פון שטאָט, וואָס קענען אים אויך קאַליע מאַכן ביי נאַטשאַלסטווע. טאָמער איז דאָס נאָך וויניק געווען, האָט ער אין דעם זעלבן טאָג געהאַלטן אַ הספד איבער אַ פאַרשטאָרבענעם ייד אַן אָרעמאַן, וואָס איז אָבער געווען אַ גרויסער למדן און אַ ירא־שמים. דאָס האָט נאָך מער צערייצט די גבירישע זין; אָבער זיי האָבן נישט געוואַגט צו זאָגן אַ קרום וואָרט דעם זיידן אין די אויגן. אַזוי האָבן אויך נישט געוואַגט אַנטקעגן צו רעדן אים די חסידים פון שטאָט, וואָס האָבן געהאַט אויף אים אַ בייז האַרץ פאַר זיין נישט גלויבן אין גוטע־יידן. איך געדענק ווי אין שטאָט איז געהאַט אויסגעבראָכן אַ גרוי־סע מלחמה צווישן ראַדזינער חסידים און די איבעריקע חסידים פון שטאָט — גערער, טריסקער, בעלזער, גאָרליצער, רידניקער, סאַנדזער און אַלע אַנדערע.

די מחלוקה איז אויסגעבראָכן צוליב אַ געשטאָרבענעם ראַדזינער חסיד, וואָס חברה־קדישא האָט אים נישט געוואָלט מקבר זיין אין אַ טלית מיט בלויע ציצית.

דער ראַדזינער רבי ר' גרשון העניך האָט זיך געהאַט שטאַרק געזאָרגט, פאַר וואָס יידן אין גלות נוצן נישט קיין תכלת, בלויע פאַרב, אין זייערע ציצית, ווי די תורה הייסט נוצן אַזאַ פאַרב און ווי יידן אין ארץ־ישראל האָבן עס אַמאָל גענוצט. ער האָט דעריבער געמאַכט גרויסע אויספאָרשונגען וועגן תכלת און ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז אין מיטללענדישן ים איז דאָ דאָס וואַסער־באַשעפעניש „חלזון", וואָס האָט אין זיך בלוי בלוט, מיט וועלכן די תורה האָט געהייסן פאַרבן יידישע ציצית. ער האָט די ים־באַשעפענישן געבראַכט אַהיים, זיי געקוילעט און מיט זייער בלוט אָפּגעפאַרבט ביי יעדן חסיד זיינעם איין ציצה, דעם „שמש", אין די טליתים און אין די ציצה־כנפותן. ער האָט אויך אַרויסגעלאָזט אַ קול־קורא צו אַלע רבנים און גוטע־יידן, אַז זיי זאָלן אָננעמען זיין אַנטדעקונג און באַפעלן אַלע יידן צו נוצן דעם תכלת, וואָס ער האָט אויסגעפונען. אין דער רבנישער וועלט האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. רבנים און גוטע־יידן האָבן געטענהט, אַז נאָר ווען משיח וועט קומען, וועט מען וויסן וואָס תכלת איז און אַז אַ היינטיקער מענטש האָט נישט דאָס רעכט צו באַשטימען אַזאַ זאַך. דער ראַדזינער, אַ שאַרפער פּאָלעמיסט, האָט באַשולדיקט די קעגנער זיינע, אַז זיי פאַרגינען אים נישט דעם כבוד און דערפאַר לאָזן זיי יידן דאַווענען אין ציצית אָן תכלת, וואָס דאָס איז, על־פּי תורה, אַזוי גוט ווי מען וואָלט איינגאַנצן קיין ציצית ניט געטראָגן. חסידים פון אַנדערע רביים האָבן געטענהט, אַז דאָס איז אַ חוצפּה פון ראַדזינער רבין צו באַשולדיקן יידן און צדיקים אין אַזאַ זינד. זיי האָבן אויך געטענהט, אַז דער ראַדזינער רבי איז אויסן געשעפט אין דעם גאַנצן עסק, ווייל ער האָט איבערגענומען דעם מאָנאָפּאָל פון די בלויע ציצית און ער האָט גערעכנט אַ טייערן פּרייז פאַר זיין תכלת.

אָט די מלחמה האָט יאָרן־לאַנג געפלאַקערט צווישן יידן אין פּוילן. קעגנער האָבן זיך געפּאַטשט, געשלאָגן, געמסרט. יידן האָבן, צוליב די בלויע ציצית, אויך אָפּגעלאָזט שידוכים, געצוואונגען פאַר־פּאָלקן זיך צו גטן. איינמאָל אין אַ זומער, ווען איך בין געווען ביים זיידן, איז געשטאָרבן אַ ראַדזינער חסיד. די זין זיינע, ווי זיינע חברים, די ראַדזינער חסידים, האָבן געוואָלט דעם ייד מקבר זיין אין זיין טלית, וואָס האָט געהאַט בלויע ציצית. די חברה־קדישא לייט, וואָס זיינען געווען חסידים פון אַנדערע רביים, האָבן נישט גע־וואָלט טאָן דעם געשטאָרבענעם זיין רעכט אין אַ טלית מיט בלויע ציצית. אין שטאָט האָט זיך געטאָן חושך. דער מת איז דערווייל געלעגן. דער זיידע האָט געשיקט רופן צו זיך די חברה־קדישא־לייט, די גרעסטע בעלי־מחלוקה צווישן זיי, און באַפוילן זיי, זיי זאָלן מקבר זיין דעם מת אין זיין טלית מיט

די בלויע ציצית. דאָס איז געווען פאַר די חסידים, איבערהויפּט פאַר די גערער, אַ געוואַלדיקער קלאַפּ. זיי האָבן פּרובירט טענהן:

— רב, ס'איז אַ זינד, אַ חילול־השם...

— די גרעסטע זינד און חילול־השם איז מחלוקות צווישן יידן, — האָט דער זיידע געזאָגט. — איך נעם די עבירה אויף זיך...

די שאַרפע חסידים האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם רב דעם מתנגד, ווענען זיי האָבן זיך נישט געוואָגט קעגנצושטעלן. און נישט נאָר די חסידים, נאָר אַפילו זינדיקע לייט, אויפגעקלערטע, האָבן נישט געהאַט די העזה אים זיך קעגנצושטעלן. אין שטאָט איז געווען אַ מסור. דער זיידע פלעגט ברענען זיינע טריט. ער האָט נישט געוואָגט צו זאָגן אַ וואָרט, נאָר אויסגעהערט דעם זיידנס מוסר און דראָאונגען.

איינמאָל איז מען געקומען זאָגן דעם זיידן, אַז אויף דער חתונה ביים רופאס טאָכטער מיטן קלעזמערס זון טאַנצט מען שעטנז־טענץ, דאָס הייסט, בחורים מיט מיידלעך טאַנצן צוזאַמען. אַט דער סאָרט מענטשן זיינען געווען אַמאָל פאַררעכנט ביי יידן פאַר די ערגסטע לייט. וואָרים וואָס קען נאָך זיין ערגער ווי אַ רופא און אַ קלעזמער? אָבער דער זיידע האָט נישט געוואָלט קיין הפקרות אין זיין שטאָט. ער האָט דעריבער גלייך אָנגעטאָן דעם אַטלע־סענעם כאַלאַט און דעם סאַמעטענעם קאַפּעליאַטש און, באַגלייט פון שמואל שמש, געלאָזט זיך גיין צום רופא אין הויז און אַליין איבערצייגן זיך, צי אַזאַ זינד ווערט טאַקע געטאָן אין ישראל. ווען די קלעזמער־יונגען און זייערע מיידלעך האָבן זיך דערוואוסט, אַז דער רב גייט, האָבן זיי פאַרלאָשן די לאָמפּן און דורך די פענצטער אַרויסגעשפרונגען פון הויז. אַזוי האָט מען געציטערט פאַרן בילגאָרייער רב אין שטאָט.

צווישן די פיל אַנדערע עפּיזאָדן אין מיין זיידנס הויז, וויל איך נאָך צום לעצט דערמאָנען אָט די צוויי:

איינמאָל, געדענק איך, איז צוגעפאָרן צום זיידנס הויז אַ גרויסע פור אָנגעפּאַקט מיט שטרוי. פון אָט דער פור האָט אַרויסגעקוקט אַ רבנישער קאַפּעליאַטש און אַ ברייטער שאַל אַרומגעהילט איבער אַן איינגעקאָרטשעטער פיגור. דער בעל־עגלה, אַ ייד אַן אַרענדאַר, האָט ממש אויף די הענט אַראָפּ־געטראָגן פון שטרוי אַרויס אַ רבל, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין עטלעכע זשופּיצעס, הגם עס איז געווען אַ וואַרעמער זומער־טאָג. פון דער קיך איז

אַרויסגעלאָפן די מומע רחלע און זיך געקנייפּט אין די באַקן פאַר איבעררא־שונג.

— טאַטע, טאַטע! — האָט זי געריפן. — איטשעלע, זע, ווער ס'איז גע־קומען, דער טאַטע!

דאָס איז געווען דעם זיידנס מחותן, ר' ישעיהלע ראַכעווער, דער רב פון וויסאָקע, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ וועלט מיט ספרים, אין וועלכע אַלץ איז פאַרבאָטן. אַזוי ווי ער האָט זיך אויסגעהילט פון אַלע קאַפּאָטעס און שאַלן און זיך געוואַשן אַ סך מאָל די הענט, אַזוי האָט ער גלייך גענומען דער־ציילן וועגן די נייע איסורים, וואָס ער האָט געמאַכט.

— איר ווייסט, מחותן, איך האָב אויסגעפונען, אַז אין קאַרטאָפל איז דאָ אַ חשש־חמץ, און דערפאַר דאַרפן יידן בעסער נישט עסן קיין קאַרטאָפל אום פּסח...

דערביי האָט ער גענומען זאָגן תורה, אויסצואווייזן פון וואַנען ער האָט גענומען דעם נייעם פאַרבאָט.

— וואָס־זשע וועלן יידן עסן אום פּסח, ר' ישעיהלע? — האָט דער זיי־דע געפרעגט מיט אַ לייכטן שמייכל אויף זיין באָרד.

ר' ישעיהלע האָט דערויף נישט געענטפערט און דערציילט וועגן נייע פאַרדאַכטן אויף אַלערליי עסנוואַרג, וואָס עס איז גלייכער, אַז יידן זאָלן זיי נישט נעמען אין מויל אַריין. דער זיידע האָט שווייגנדיק אויסגעהערט דעם מחותנס ראיות, פון וועלכע ער האָט ווייניק געהאַלטן, און געשמייכלט זיין לייכטיקן שמייכל.

—איי, ר' ישעיהלע, איר האַלט אין איין אויסגעפינען, וואָס יידן טאָרן נישט, — האָט ער געזאָגט — דאָס איז קיין קונץ נישט; מען דאַרף בעסער אויסגעפינען, וואָס יידן מעגן יאָ, אָרעמעלייט דאַרפן עסן, ר' ישעיהלע...

ווען ר' ישעיהלע האָט ווידער געהאַלטן אין איין זוכן ראיות, האָט דער זיידע אים געהייסן בעסער נעמען פון כיבוד, וואָס די באָבע האָט אַוועקגע־שטעלט אויפן טיש.

— עסט, מחותן, — האָט ער אים געמונטערט, — עסט אַליין און לאָזט אַנדערע יידן עסן...

דער תמעוואַטער פרומער רבל האָט נישט פאַרשטאַנען דעם לייכטן אָנצוהערעניש און פאַרגאַנגען זיך אין התלהבות אין זיינע תורות, פון וועל־כע ער האָט אויסגעדרונגען, אַז אַלץ אין דער וועלט איז פאַרבאָטן פאַר יידן...

דער פעטער איטשע, ר' ישעיהלעס איידעם, האָט אָפן חוזק געמאַכט פון זיין שווער, דעם בטלן. ער האָט דערציילט אין קיך, אַז איינמאָל איז ר'

ישעיהלע געפאָרן אין לובלין צוזאַמען מיט זיין טאָכטער, דער מומע רחלע. אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט, אַז יידן זאָלן אים ניט חושד זיין, אַז ער פאָרט חלילה, אויף איין פור מיט אַ פרעמדער אשה, האָט ער איבער אַלע לובלינער גאַסן אויסגערופן:

— יידן, זייט וויסן, אַז איך פאָר מיט מיין אייגענער טאָכטער...

מיך האָט די באַגעגעניש צווישן זיידן און ר׳ ישעיהלען שטאַרק געוויילט.

אַ צווייטע באַגעגעניש, וואָס האָט געלאָזט אויף מיר אַ טיפן רושם, האָב איך בייגעוואוינט צווישן מיין זיידן און אַ גוטן־יידן.

קיין בילגאריי איז אַראָפּגעקומען זאַמלען געלט ביי זיינע חסידים דער צדיק ר׳ מאָטעלע קאַזימירער, אַן אייניקל פון דער טשערנאָבילער דינאַסטיע. און ווי עס פירט זיך, האָט דער רבי אָפּגעשטאַט אַ וויזיט ביים רב פון שטאָט. כאָטש דער זיידע איז געווען אַ מתנגד, האָט ער דעם גוט־יידישן גאַסט אויפגענומען מיט גרויס כבוד און אים אָפּגעטראָטן זיין פאָטער־שטול. דער רבי האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן זיידן. אַרום טיש האָבן זיך געשטופּט די חסידים און מקורבים.

די באָבע האָט אַריינגעטראָגן כיבוד — עפּל, באַרן און פלוימען. דער זיידע, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט גלייך גענומען רעדן לומדות מיטן גאַסט. אָבער דער גוטער־ייד האָט נישט געהאַט קיין חשק צו רעדן לומדות, אין וואָס ער איז, אפשר, נישט געווען קיין גרויסער בריה, און ער האָט בעסער גענומען אונטערזינגען, מאַכן העוויות און פראַווען גוט־יידישע שטיק. אָנשטאָט רעדן לומדות, האָט ער גאָר אָנגעזאָגט אַ וועלט מיט גימטריאות, אַ תורה וואָס באַשטייט אין אויסגעפינען די צאָלן פון אותיות אין פסוקים. דער זיידע מיינער האָט נישט געהאַט קיין גרויס חשק צו דעם מין תורה. דעם רבינס גבאי האָט גלייך זיך גענומען צו משא־ומתן. ווי נאָר דער רבי האָט פאַרזוכט אַ פלוים, האָט דער גבאי גענומען מסחרן מיט דעם צדיקס שיריים.

— איין קערבל כסף טהור פאַר אַ פלוים! — האָט ער אויסגערופן מיט אַ ניגון, ווי ביים פאַרקויפן עליות. — איין קערבל מיט אַ האַלבן... צוויי קערבלעך...

חסידים האָבן איבערגעשטיגן איינער דעם אַנדערן אין פרייז. באַלד זיינען זיך אויך אָנגעלאָפן ווייבער מיט קינדער און געבעטן ביים רבין, ער זאָל זיי בענטשן. דער רבי האָט געבענטשט, אָבער דער גבאי האָט געהייסן באַצאָלן פאַר יעדער רבישער ברכה אין פאָראויס. איידער דער רבי האָט פאַרלאָזט דעם זיידנס שטוב, האָט דער גבאי זיינער פאַרקויפט דאָס אונטערפירעכטס.

דער קאַזימירער האָט געהונקען אויף אַ פוס און מען האָט אים דעריבער אונטערגעפירט. די זכיה צו פירן דעם רבין האָט געקאָסט געלט...

ווען דער רבי מיט די חסידים זיינען אַרויס, האָט דער זיידע אָפּגעווישט דעם טיש מיט דער קעשענע־פאַטשיילע, ווי ער וואָלט געוואָלט אָפּרייבן פון אים יעדן זכר פון דער געשעפּטלעכער רביסטווע, און ער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט צום תּלמיד זיינעם, טודרוס, דעם למדן און מתנגד, וואָס האָט געשמייכלט איבער דעם וואָס ער האָט געזען און געהערט.

— מ׳נע, לערנען, נישט ליידיק גיין! — האָט ער באַפוילן און גענומען לערנען שיעור מיט דעם בחור, פון וועלכן ער האָט שטאַרק געהאַלטן.

סוף זומער, אין אָנהייב חודש אלול, האָט מיין מוטער גענומען די שוועס־טער און מיך און זיך צוריקגעקערט אַהיים, קיין לענטשין.

די באָבע האָט אָנגעבאַקן פאַר אונדז אַ וועלט מיט קיכעלעך, מיט־געגעבן אין וועג אַריין אַ סך פלעשער זאַפט און איינגעמאַכטסן. אויפן וועג האָב איך זיך געריסן צו זיצן לעבן בעל־עגלה, בין אַראָפּגעקראָכן פון דער בויד ביים באַרגיקן וועג, געפּייפט צו די פערד. די מאַמע האָט מיך געמוסרט פאַר מיין אויפפירונג, וואָס פּאַסט נישט פאַרן בילגאַרייער רבס אייניקל. ווען מיר זיינען דורכגעפאָרן דורך דער שטאָט יאַנעוו, האָט די מאַמע מיר אָנגע־וויזן אויף אַ טורמע מיט פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך און מיר געזאָגט, אַז אויב איך וועל נישט ווערן קיין לייט און האָבן אין קאָפּ פערד און בעלי־עגלות, וועל איך נאָך אַמאָל זיצן אין קרימינאַל, וואו עס זיצט דער בילגאַ־רייער כל־בוניק איטשעלע שמואל פאַניעס, וואָס האָט זיך אויך געחברט מיט פערד און פערד־גנבים. פון דעמאָלט אָן, יעדעס מאָל וואָס איך האָב אָפּגעטאָן עפּעס אַ נישט־יידישע זאַך, פלעגט די מאַמע מיך רופן: איטשעלע שמואל פאַניעס.

דערווייל זיינען מיר געפאָרן דורך די שטעטלעך, דערפער און וועלדער פון לובלינער גובערניע, וואָס יידן פלעגן זיי רופן „דעם מלך אביונס גיטער". מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן אַלט־יידישע שטעט, וואָס מען געפינט זייערע נעמען אין יידישע ספרים פון די צייטן פון גזירת ת"ח; שטעט מיט אַזעלכע נעמען ווי זאַמאָשטש און שעברעשין און גאַריי און יוזעפאָוו און אַלערליי אַנדערע; שטעט מיט אַלטע יידישע שולן און בית־עולמס; שטעט מיט פאַרצייטיקדיקע קלויסטערס און טורעמס און ברייטע רונדע מערק, וועלכע זיינען אַרומגערינגלט מיט הילצערנע ווענט און דעכלעך, וואָס מען רופט זיי „פאַטשעגעס", אונטער וועלכע עס זיצן קרעמער און סעדעכעס; שטעט מיט אַלטע יידישע מנהגים, מיט שמשים, וואָס רופן יידן פאַרטאָג אין שול אַריין;

מיט באַהעלפערס, וואָס פירן דרדקי־קינדער אין די חדרים אַריין מיט גע־זאַנג; מיט פויקערס, וואָס פויקן אין מאַרק ביי יעדן נייעם געזעץ און נאָכ־ריכט; מיט חדר־יינגלעך, וואָס צירן אויס פענצטער פון יידישע שטובן מיט אַלערליי געשניצטע הערשעלעך און לייבן און פייגעלעך לכבוד ימים־טובים; שטעט, אין וועלכע די יידן זיינען יידישער ווי אין איבעריקן פוילן און די גויים זיינען גויאישער ווי אין איבעריקן פוילן. וואָרים אין קיין אַנדער געגנט אין פוילן פלעגן די פוילישע פויערים נישט טראָגן אַזעלכע לאַנגע האָר, אָפּט ביז די אַקסלען, אַזעלכע פאַרביקע היטעלעך מיט טראַלדן אויף יעדן ווינקל, אַזעלכע לאַנגע אויסגעהאָפטענע סוקמאַנעס (קאַפּאָטעס), אַזעלכע פאַרביקע גאַרטלען אויף די לענדן און אויסגעניייטע כאָדאַקעס (סאַנדאַלן) אויף די פיס. אין קיין אַנדער געגנט האָבן די פויערטעס נישט געטראָגן אַזעלכע אומגע־הויער הויכע שטייפע טורבאַנען אויף די קעפּ, הויכע צונויפגעדרייטע פאַר־ביקע שאַלן, וואָס מען האָט זיי גערופן „כאַמולקעס". אין קיין אַנדער געגנט אין קרוין־פוילן איז אויך די פוילישע באַפעלקערונג נישט געווען אויסגעמישט אַזוי געדיכט מיט רוטענישע פויערים, וואָס האָבן געטראָגן די העמדער איבער די הויזן, געגאַנגען אין לאַפּטיעס אָדער באָרוועס און גערעדט כאָכלאַצקע לשון, וואָס יידן האָבן עס גערופן יעוואָניש. אַלטמאָדיש און פאַרביק און פרום זיי־נען געווען די יידן ווי די גויים אין אָט די גיטער פון מלך אביון אין לובלינער געגנט. אָפּגערוקט פון אַ באַן, זיינען די שטעטלעך געווען פאַרשטעקט אין זייער פאַרצייטיקדיקייט, נישט אָנגערירט פון דער צייט. די טיפע וועלדער האָבן אָפּגעטיילט די געגנט פון דער איבעריקער וועלט.

נאָך צוויי טעג שלעפּן זיך מיט בוידן און באַנען און וואַגנס זיינען מיר אָנגעקומען צוריק אַהיים, קיין לענטשין. דאָס ערשטע האָט אונדז באַגעגנט אַ קול פון אַ שופר פון בית־המדרש אַרויס, וואו די בחורים האָבן געבלאָזן אויף וואָס די וועלט שטייט אין די פאַרכטיקע טעג פון חודש אלול.

## צוליב כיבוד־אָב ברעכט אַ ייד שויבן ביי אונדז און בעט דערנאָך מחילה אין די זאָקן...

מער ווי געוויינלעך פלעגט דריקן אויף אונדז די אומעטיקייט און אָרעמ־קייט פון דעם העק לענטשין נאָכדעם ווי מיר פלעגן צוריקקומען פון אונדזערע באַזוכן אין בילגאָריי. דאָס פּאַרוואָרפענע שטעטעלע האָט אויסגע־זען נאָך קלענער ווי עס איז געווען. די מאַמע, וואָס האָט אין איר פּאָטערס הויז אויפגעלעבט, איז ווידער אַריין אין איר אייבי־קער שוויגעניש און אומעט. זי האָט נאָך אַלץ געהאָפט גובר צו זיין דעם טאַטנס עקשנות און פּועלן ביי אים, ער זאָל באַלייגן אַן עקזאַמען און קענען געפינען אַ רבנות אין אַ גרעסער שטעטל. צוליב דעם האָט זי, דורכ־פּאָרנדיק וואַרשע, איינגעהאַנדלט פאַר צוויי רובל אַ רוסיש־יידישע מעטאָדע, פון וועלכער מען קען אַליין זיך אויסלערנען די רוסישע שפּראַך און די גראַמאַטיק. דאָס איז געווען אַ זאַמלונג פון עטלעכע צענדליק העפטן מיט פּאַרביקע שער־בלעטלעך, אויף וועלכע עס איז געווען אָפּגעדרוקט דער פּאָרטרעט פון מחבר, אַ ייד מיט אַ שיינער געשוירענער באָרד און מיט אַ דייטשמערישער יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, ווי עס טראָגן אַזעלכע בדחנים. אונטער דעם פּאָרטרעט איז געווען אָפּגעדרוקט דער נאָמען: נפתלי הערץ ניימאַנאָוויץ — הנץ. סיי דער פּאָרטרעט פון דעם מחבר, סיי זיין נאָמען האָבן ביי מיר שטאַרק אויסגענומען, און איך האָב גלייך גענומען לערנען זיך די רוסישע ווערטער, וועלכע זיינען געווען וואָרט אין וואָרט איבערגעזעצט אין יידיש. די מעשהלעך, מערסטנס מיט אַ מוסר־השכל דערצו, האָבן שטאַרק נושא חן געווען אין מיינע אויגן, און נאָך מער אין די אויגן פון מיין שוועס־טער. אָבער זיי האָבן גאָרנישט נושא־חן געווען ביים טאַטן. אויף אַ צייט האָט די מאַמע, מיט אירע לאָגישע רייד און איבערצייגונג, יאָ געפּועלט ביים טאַטן, ער זאָל כאָטש איין שעה אין טאָג אָוועקלייגן די ספרים און אַריינ־

קוקן אין דער מעטאָדע. כדי אים צו מאַכן לייכטער, פלעגט די מאַמע אַליין פריער דורכגיין די לעקציע און דערנאָך זי איבערגיין מיטן טאַטן. איך געדענק נאָך ביז איצט ווי דער טאַטע פלעגט זיך מאַטערן ביים אַרויסזאָגן אַזעלכע פּאַנ־טאַסטישע ווערטער ווי „פּאָדיעזש", „סושטשעסוויטעלנאָיע", „סקאַזאָיעמאָיע", „גלאַגאָל" און אַנדערע. אָבער אין גיכן איז אים מיאוס געוואָרן דער עסק. ער האָט ביי קיין אופן נישט געוואָלט לערנען פון אויסנווייניק אַ רוסיש לידל מיט אַזעלכע גראַמען ווי „קאָט מאָכנאַטי, קאָזיאָל באָראָדאַטי"...

— ס'איז אומזיסט, איך וועל שוין מיטן גובערנאַטאָר נישט רעדן, — האָט דער טאַטע געזאָגט און גענומען זיך צו זיינע ספרים, וואָס ער האָט זייערע ברעגן באַשריבן מיט חידושים פון אויבן ביז אַראָפּ מיט קליינע געטאָקטע האַלב־רונדע שורהלעך.

די מאַמע איז דורכגעגאַנגען די מעטאָדע אין אַ קורצער צייט. ווען זי וואָלט געדאַרפט האַלטן דעם עקזאַמען און אָננעמען אַ רבנות, וואָלט זי עס געמאַכט איינס און צוויי. אָבער זי איז בלויז געווען אַ יידענע און אירע קענטענישן זיינען נישט געווען קיין מעלה, נאָר אַ חיסרון פאַר איר. צו־זאַמען מיט דער מאַמען, האָבן מיר, די שוועסטער און איך, געזשוברעוועט אין די העפטן און געקנאַקט רוסיש אויף וואָס די וועלט שטייט. ווי אַזוי מיר האָבן די רוסישע ווערטער אַרויסגערעדט, איז אַן אַנדערע מעשה; אָבער מיר האָבן געקענט אַלע מעשהלעך און קלוגע שפּרוכן פון אויסנווייניק.

— לערן, לערן! — האָט די מאַמע מיר אונטערגעגעבן חשק. — ס'וועט דיר זיין לייכטער צו באַלייגן עקזאַמען אויף רב, ווען דו וועסט עלטער ווערן.

ביי דער מאַמען איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז איך וועל זיין אַ רב; אָבער זי האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיין אַ רב, וואָס וועט נישט מורא האָבן צו רעדן מיטן גובערנאַטאָר.

מיין שוועסטער האָט געפרעגט דער מאַמען, וואָס זי וועט זיין, אַז זי וועט גרעסער ווערן.

— וואָס קען אַ מיידל זיין? — האָט די מאַמע געענטפערט.

די שוועסטער, אַן אייפערזיכטיקע פון קינדוויז אָן, האָט נישט גע־קענט מוחל זיין דאָס, וואָס אירע ווייבערשע פעאיקייטן ווערן גאָרנישט אָפּ־געשאַצט. דאָס איז געווען אַ קוואַל פון שטענדיקער רייסעניש צווישן איר און מיר.

דער טאַטע איז געווען פאַרקאָכט אין זיינע חידושים, וואָס ער האָט גע־שריבן גאַנצע טעג. יעדעס מאָל, וואָס ער האָט מחדש געווען עפּעס אין דער

תורה, אָדער אין דער גמרא, האָט ער געשיינט פון גליק. זיינע באַקן האָבן געפלאַמט, זיינע בלויע אויגן האָבן געלויכטן. נישט האָבנדיק פאַר וועמען צו דערציילן זיינע חידושים, פלעגט ער זיי דערציילן פאַר דער מאַמען, דער טאַטע, דער אייביקער ענטוזיאַסט און זוכער פון וואַרעמקייט און אָנערקענונג, איז געבליבן אָפּהענטיק, ווי אַ קינד, פון דער מאַמעס טענה.

— וואָס־זשע, מיט די חידושים רעכנסטו צו שפייזן וייב און קינדער? — האָט זי געפרעגט.

די מאַמע איז, אגב, געווען דעמאָלט אין די העכערע חדשים און גע־גרייט זיך ברענגען אַ ניי באַשעפעניש אויף דער וועלט.

גאָר אין גיכן האָבן ווייבער גענומען אָנפילן די שטוב, רעדן, סודען זיך, און מיך אַרויסשיקן פון שטוב, ווייל אַ ייִנגל דאַרף נישט הערן וואָס ווייבער רעדן צווישן זיך. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט די מאַמע גענומען קרעכצן. די שטעטלשע ווייבער האָבן גלייך פאַרהאַנגען מיט אַ ליילעך דער מאַמעס בעט און מען האָט מיך געשיקט לויפן ברענגען די הייבאַם, אַ גויע מיטן נאָמען פּאַקאַצאָווא.

— לויף שנעל און ברענג זי גלייך צופירן! — האָט די טרייטעלעכע מיר אָנגעזאָגט.

זי האָט מיר נישט געדאַרפט אָנזאָגן, ווייל דאָס לויפן איז ביי מיר געווען אַ נאַטירלעכע זאַך ייִנגלוויז. איך בין תמיד געלאָפן. דאָס מאָל בין איך געפלויגן ווי אַ רוח. די הייבאַם איז נישט געווען אין דער היים, נאָר אויף די פעלדער, וואו זי האָט אויסגעגראָבן די לעצטע קאַרטאָפל איידער דער ווינטער קומט אָן. די קורצע גראָבע גויע האָט אַוועקגעלייגט דעם גראָב־אייזן, אַרומגעבונדן דאָס פאַרטעך און אַזוי ווי זי איז געגאַנגען און געשטאַ־נען מיט אויסגעשמירטע הענט פון ערד און באָרוועס, כאָטש עס איז שוין געווען קאַלטלעך, איז זי אַוועק צו דער מאַמען הינטערן ליילעך.

נאָך עטלעכע שעה איז געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע, מיט אַ רויט קעפל, געראָטן אין דער מאַמען, וואָס איז אויך געווען אַ רויט־האָריקע.

די חסידים אין בית־המדרש האָבן געשמייכלט מיט חוזק שבת ביים ליי־ענען, ווען מיין פאָטער האָט אַ נאָמען געגעבן דעם קינד שרה. דאָס ברענגען אַ טאָכטער אויף דער וועלט איז ביי חסידים פאַררעכנט געווען פאַר אַ בושה. נישט איינמאָל פלעגט מען אפילו אַ חסידישן יונגמאַנטשיק אָפּשמייסן מיט גאַרטלען פאַר אַזאַ זאַך, פאַרשטייט זיך, אַ קיין סעודה האָט מען ביי אונדז אין שטוב נישט געמאַכט. מען האָט בלויז מכבד געווען די באַלעבאַטים מיט

קידוש, וואָס איז באַשטאַנען פון בראָנפן און אייער־קיכלעך. פּאָר אַ מיידל איז דאָס אויך געווען גענוג.

די מאַמע האָט נישט געהאַט גענוג מילך צו זויגן דאָס קינד און עס פלעגט דעריבער אָפט וויינען. איך פלעג זיך אויפהייבן פאַרטאָג און צו־וויגן דאָס קינד אין וויגל, וואָס איז געשטאַנען ביי דער מאַמעס בעט. דערביי האָב איך געכאַפּט פולע הויפנס מיט פליגן גלייך פון קינדס פּנימל...

דאָס לעבן אין אונדזער שטוב איז געוואָרן נאָך שווערער. אַ חוץ דעם אָפטן וויינען פון קינד, האָט געהערשט די אַלטע לאַנגוויילעקייט. מיטאַמאָל איז די לאַנגווייליקייט איבערגעריסן געוואָרן און אַ פייער פון מחלוקת האָט אויפגעפלאַקערט אין שטעטעלע. ווי געוויינלעך אין אַ יידיש שטעטעלע, איז דאָס פייער אויסגעבראָכן צוליב אַ געטלעכן ענין; דאָס מאָל איז עס געווען צוליב ר׳ איטשע שוחט און זיין שחיטה.

ר׳ איטשע שוחט איז געווען אַן עלטערער שיינער ייד, אַ למדן און אַ בעל־שכל, וועמען עס איז אָנגעשטאַנען צו זיין שוחט אין אַ גרעסערער שטאָט. ער איז אויך געווען מיין פאָטערס אַ נאָענטער פריינד און ער פלעגט אָפט קומען צו אונדז אין שטוב, נישט נאָר ווייזן דעם חלף, נאָר אויך צו גאַסט. אין שבתים און אין ימים־טובים פלעגט ער אויך אָנטאָן אַ שטריימל אויפן קאָפּ, צוגלייך מיט מיין פאָטער. אגב, פלעגט ער אויך פסקענען אַ שאלה, ווען מיין פאָטער פלעגט נישט זיין אין דער היים. איך פלעג אויך אָפט קומען צו אים דעם ר׳ איטשע שוחט אין הויז. די מעשה איז געווען, וואָס ר׳ איטשע שוחט איז אַחוץ שוחט און מוהל, געווען אויך אַ געוואַלדיקער מומחה אין אָפּשפּרעכן עין־הרעס. קיינער האָט נישט געקענט אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע מיט אַזעלכע אויסטערלישע שפּרוכן און פסוקים, ווי ר׳ איטשע. די ווייבער אין שטעטל פלעגן זאָגן, אַז ער נעמט אַראָפּ אַ שלעכט אויג ווי מיט דער האַנט. פונקט ווי ער איז געווען אַ בריה אויף אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע, אַזוי איז זיין ווייב, שרה די שוחטקע, געווען אַ בריה אויף אָפּטאָן אַן עין־הרע. זי איז געווען אַן עלטערע צעקנייטשטע יידענע, מיט אַ פּנים ברוין ווי ביי אַ ציגיינערין, מיט קויל־שוואַרצע בייזע אייגעלעך, מיט אַ קין פון וואָרצלען און בערדלעך און מיט אַ מויל, וואָס האָט תמיד עפּעס געברומט, געמורמלט. איינגעהילט אין אַ שאַל איבער איר פאַרפעטסטער אַטלעסענער קאַפּקע, האָט די אַלטע נישט אויפגעהערט רעדן צו זיך אַליין. זי איז אויך געווען אַ שילטערקע, אַ וואָרטשנדיקע. צי דאָס איז געווען צוליב איר אויסזען, צי צוליב איר שטענדיקן רעדן צו זיך אַליין, ווייס איך נישט; אָבער איך געדענק, אַז מען האָט די יידענע געהאַלטן פאַר אַ גרויסער עין־הרעניצע.

ווייבלעך פלעגן אַנטלויפן מיט זייערע קינדער ווען זי האָט זיך באַוויזן. ווי נאָר אַ קינד איז קראַנק געוואָרן, האָט מען גלייך געזאָגט, אַז דאָס איז דער שוחטקעס שלעכט־אויג. צום ערשטן פלעגט מען פּרובירן היילן דאָס קינד דערמיט, וואָס מען פלעגט בגנבה צוכאַפּן זיך צו דער שוחטקע, אָפּרייסן אַ פרענזל פון איר אייביקן שאַל און פאַרברענען אים אויף ברענענדיקע קוילן אין אַן ערדענעם טאָפּ. די שוחטקע פלעגט תמיד אַרומגיין מיט אָפּגעריסענע פראַנזן אין איר שאַל. זי פלעגט טרייבן פון זיך די ווייבער, וואָס האָבן געלאָקערט נאָך אירס אַ פרענזל.

— אַז רייסן זאָל מען קריעה נאָך דיר, גאַטעניו! — האָט זי געשאָלטן.

— אַן איינרייסעניש זאָל קומען אויף זיי...

אַז דאָס פאַרברענטע פרענזל האָט נישט געהאָלפן, פלעגט מען גיין צו ר׳ איטשען ער זאָל אָפּשפּרעכן די גרויסע עין־הרע. עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז ר׳ איטשע האָט געדאַרפט אָפּשפּרעכן די עין־הרעס, וואָס זיין אייגן ווייב האָט געגעבן. די אַלטע פלעגט ברענען ווי אַ פייער, ווען די ווייבער פלעגן קומען צו איר מאַן אָפּשפּרעכן עין־הרעס. עס איז געווען אָנגענומען, אַז אויב ר׳ איטשע געניצט נאָך אָפּשפּרעכן אַ בייז אויג, איז עס אַ סימן, אַז עס איז טאַקע געווען אַן עין־הרע, נישט קיין אַנדער קראַנקהייט. און ר׳ איטשע פלעגט שטענדיק געניצן אין אַזאַ פאַל. שרה די שוחטקע, וואָס האָט פון איר מאַן געהאַלטן אַ וועלט און געקראַכן אונטער זיינע פיס, האָט געטענהט, אַז ער צערייסט זיך, נעבעך, דאָס מויל פון געניצן.

גייטס צו אַנדערע, — האָט זי זיך געבייזערט, — ער איז נישט איינער אין שטעטל.

אָבער די ווייבער האָבן נישט געוואָלט גיין צו קיין אַנדערן. ר׳ איטשע פלעגט קיינעם נישט אָפּזאָגן. ער האָט זיך געוואַשן די הענט, אַנרופנדיק דערביי די פאַנטאַסטישסטע נעמען פון מלאָכים, גוטע און שלעכטע. געזאָגט האָט ער לאַנג און ערנסט, שפּייענדיק דערביי אָפּט. נאָכדעם האָט ער גענומען געניצן. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז ער האָט דעם שפּרוך נישט געזאָגט אומזיסט.

— ס׳איז אַן עין־הרע, — האָט ער געזאָגט מיט זיכערקייט.

כאָטש מיין מאַמע איז שוין געווען אַביסל אויפגעקלערט צוליב די חקירה־ספרים אירע, האָט זי פונדעסטוועגן אויך געגלויבט אין עין־הרעס און יעדעס מאָל, וואָס מיין ניי־צוגעקומען שוועסטערל איז זיך פאַרגאַנגען אין וויינען, האָט זי מיך געשיקט צו ר׳ איטשע שוחט.

— ר׳ איטשע, שפּרעכט אָפּ אַן עין־הרע שרה בת בת־שבע, — האָב איך געזאָגט אין איין אָטעם, פאַרטייעט פון גיכן לויפן.

איך האָב די שליחות צו ר׳ איטשע שוחט שטאַרק ליב געהאַט. איך האָב געהאַט הנאה צו זען ווי ר׳ איטשע שאַרפט זיינע חלפים. ער פלעגט אויך זיין אַ בריה אין פאַרשניצן געגדזענע פעדערס, וואָס ער האָט גענוצט צום שרייבן. ווי מיין פאָטער, האָט ער אויך געשריבן חידושים אויף דער תורה. מער נאָך דערפון האָב איך ליב געהאַט צו באַטראַכטן דער שוחטקעס אייזן־קראָם. שרה די שוחטקע האָט געהאַט אַ קראָם, פול מיט זעגן, קעסט־לעך טשוועקעס, האַמערס, שרויפן און אַלערליי אַנדערע אייזערנע מכשירים, פון וואָס זי האָט פאַרדינט אַ מטמון מיט געלט, ווי מען האָט געזאָגט אין שטעטל. איך האָב געהאַט אַ גרויסע שוואַכקייט צו אָט די אַלע אייזערנע זאַכן; מער ווי אַלץ צו טשוועקעס.

פאַרוואָס, אייגנטלעך, מען האָט גערדאַרפט אָפּטאָן אַ בייז אויג מיין שוועסטערל שרהלע, ווייס איך נישט. אין אונדזער משפחה האָט קיינער, חלילה, נישט געזינדיקט מיט קיין איבעריקער שיינקייט, אַזוי אַז עס זאָל לאָקן ווייבער אָפּצוטאָן אַ בייז אויג אין זייער באַוואונדערונג. אָבער די מאַ־מע מיינע פלעגט מיך פונדעסטוועגן שיקן צו ר׳ איטשען אָפּשפּרעכן עין־הרעס אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק. ר׳איטשע פלעגט מיר קנייפּן די באַקן און שענקען מיר אַ קונציק־פאַרשניצטע געגדזענע פעדער.

— האאַאַ, — פלעגט ער געניצן שטאַרק, — ס׳איז געווען די אמתע עין־הרע. גיי, יהושעלע, און ווינטש דער מאַמען אַ רפואה שלמה פאַרן קינד . . .

— האָרע באָרע, — פלעגט די שוחטקע ברומען מיט כעס אויף מיר הגם איך האָב קיינמאָל ביי איר קיין פרענזלעך פון דעם שאַל נישט געריסן.

און אָט צווישן דעם ר׳ איטשע שוחט און מיין פאָטער, וואָס זיינען גע־ווען די נאָענטסטע פריינד, איז פּלוצלונג אויסגעבראָכן אַ פייערדיקע מחלוקה.

עס איז געווען ביי אַ ברית, אויף וועלכן ר׳ איטשע האָט מל געווען אַ קינד, און מיין פאָטער, דער סנדק, האָט באַמערקט, אַז ר׳ איטשעס אַלטע האַנט ציטערט מיטן מעסער. אַ שוחט, לויטן דין, דאַרף האָבן אַ פעסטע האַנט, אויב דער חלף ציטערט ביי דער שחיטה, ווערט די געשאָכטענע בהמה אָדער דאָס עוף טריפה. מיין פאָטער האָט דעריבער גערופן ר׳ איטשען צו זיך און אויף זייער אַ איידעלן אופן אים געלאָזט וויסן, אַז זיין האַנט ציי־טערט שוין פון אַלטקייט און אַז ער דאַרף אויפהערן שעכטן.

— ר׳איטשע, איר טאָרט נישט שטעלן אין סכנה אַ עדה יידן און זיך אַליין — האָט דער טאַטע געזאָגט פאַרשעמט. — עס איז, חלילה, אַ חשש פון טריפה . . . דערצו האָט אייער ווייב, דאַנקען גאָט, אַ געוועלב, פון

וואָס זי ציט פּרנסה בכבוד. אייערע קינדער זיינען אויסגעגעבן . . . צו וואָס דאַרפט איר זיך איינשטעלן ס'לעבן ? . . .

ר' איטשע איז געוואָרן אָנגעצונדן.

— רב, מיין האַנט איז שטאַרק ווי ביי אַ יונגנמאַן און איך וועל נישט אָוועקלייגן די שחיטה — האָט ער געזאָגט צאָרנדיק. — ווען איך וואָלט נישט געווען זיכער, וואָלט איך נישט איינגעשטעלט מיין נשמה.

וויפל דער טאַטע האָט נישט פּרובירט איינטענהן מיט דעם שוחט, האָט ער ביי אים נישט געקענט פּועלן אָוועקצולייגן די שחיטה. אַזוי ווי דער טאַטע מיינער האָט געוואוסט, אַז דאָס גייט אין יידישקייט, האָט ער פאַרבויגן זיין פריינדשאַפט און שבת בייטאָג ביים לייענען אויסגערופן פאַר די באַלעבאַטים, אַז צוליב דעם, וואָס ר' איטשעס האַנט ציטערט, אסרט ער זיין שחיטה, און ווער עס וועט עסן פון דער שחיטה זיינער, וועט עס זיין ווי ער וואָלט געגעסן טריפה און נבילה . . .

גלייך דערויף איז ר' איטשע, אָנגעטאָן אין טלית און אין שטריימל. אַרויף אויפן בעלעמער און געזאָגט:

— יידן, דער רב מאַכט אויף מיר אַ שקר־בלבול. איך בין אַ למדן און אַ ירא־שמים, קען פּסקענען שאַלות ווי דער רב, און אַ יונגערמאַן וועט נישט אסרן די שחיטה מיר, אַ געניטן אַלטן שוחט.

אין בית־המדרש איז געוואָרן חושך. גלייך האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים. אַלע האָבן געשריגן. העכער פון אַלע האָט געשריגן פון דער ווייבער־שול שרה די שוחטקע.

— יידן, מען פאַרגיסט בלוט ר' איטשע שוחט ! — האָט זי געוואַלדעוועט.

— כ'על עס נישט דערלאָזן . . . כ'על וועלטן איינרייסן . . . כ'על די הימלען שפּאַלטן . .

מיין מוטער האָט מיט קיין איין וואָרט זיך נישט אָנגערופן און איז גלייך אַוועק אַהיים, כדי נישט צוצוזען די מחלוקה אין בית־המדרש

דאָס פייער האָט געברענט. אין אונדזער שטוב זיינען כסדר געווען פאַרזאַמלט באַלעבאַטים. מענטשן האָבן אָפּגעטראָגן רכילות, געבראַכט פּאַטשטן. די קצבים האָבן זיך אַרומגעדרייט אין זייערע פאַרפעטסטע קאַפּאָטעס און געשריגן, אַז זיי ווערן בדלות אָן דער שחיטה. מען האָט אָפּגעהאַלטן אסיפות, פאַרזאַמלונגען. שרה די שוחטקע פלעגט אַלעמאָל זיך באַווייזן פאַר דער טיר, פאַר די פענצטער און וואַרפן מיט די הענט, שרייען און שעלטן און דראָען. זי האָט באַשולדיקט מיין פאָטער, אַז ער וויל אַן אַנדער שוחט, ווייל אַ נייער שוחט וועט אים געבן געלט פאַר איבער־

געבן יענעם די שחיטה. מיין פאָטער איז געשטאַנען הילפלאָז ווי אַ קינד, הערנדיק די בלבולים.

— יידן, איך זאָג איך בהן־צדק, אַז כ׳האָב, חלילה, נישט דערביי קיין שלעכטע כוונה, נאָר איך וויל בלויז פאַרהיטן יידן פון טריפות — האָט ער געטענהט. — זאָלן דריי רבנים זען ר׳ איטשע שוחטס הענט און זאָלן זיי זאָגן צי זיין ר׳עכטע האַנט ציטערט נישט ביים שעכטן.

שרה די שוחטקע האָט געוואָרפן מיט אירע הענט, געדראָעט און גע־שאָלטן מיט וויסטע קללות.

— געלער רמאי! — האָט זי געריפן מיין פאָטער צוליב דער רויט־לעכער באָרד זיינער.

מיין מוטער האָט זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקעלע, נישט צוצוזען די חרפה.

שרה די שוחטקע איז אַוועק אין עטלעכע שכנהשע שטעטלעך, וואו עס האָבן געוואוינט אירע אויסגעגעבענע זין, און זי האָט זיי אַלע געבראַכט קיין לענטשין, זיי זאָלן זיך אָננעמען פאַר זייער פאָטער. די זין, יידן מיט פעך־שוואַרצע בערד, האָבן שבת פאַרן לייענען מעכב געווען די קריאה און געהאַלטן דרשות פאַר זייער פאָטער, באַשולדיקנדיק דעם רב אין מאַכן בלבולים. איינער פון די שוחטישע זין, אַ שוואַרצער ייד מיט אַ בעלמע אויפן אויג, וואָס צוליב דעם האָט מען אים גערופן יאַנקל „בלעם״, האָט זיך אַזוי צעקאָכט אויף מיין פאָטער, אַז ער האָט אים אָפן באַשולדיקט אין נעמען געלט פון אַ שוחט, ווען ער האָט צוגעזאָגט די שחיטה. מיין פאָטער האָט געזאָגט ביים שולחן, אויף וועלכן די תורה איז געלעגן, אַז דאָס איז אַ שקר. ווען יאַנקל „בלעם״ האָט געוואָרפן ווייטערדיקע בלבולים, האָט מיין פאָטער אים געזאָגט, אַז ער רעדט עזות, מעשה־שייגעץ. דער צעקאָכטער ייד מיט דער בעלמע אויפן אויג האָט אַ וואָרף געטאָן:

— ביזט אַליין אַ שייגעץ . . .

איך האָב אַ ציטער געטאָן, הערנדיק דאָס וואָרט אויף מיין טאַטן, דעם רב. צוזאַמען מיט מיר האָט אַ ציטער געטאָן די גאַנצע עדה. משה מענדל קצב, וואָס האָט זיך געריבן צווישן חסידים און געטראָגן אַן אַטלע־סענע קאַפּאָטע, האָט פאַרגעסן אָן זיין שיין־יידישקייט און ער האָט זיך געלאָזט מיט געביילטע פויסטן צו בעלעמער, גרייט צו דורסן דעם יאַנקל בלעם פאַר באַליידיקן דעם רב.

— ממיתן אים! רוק און לענד אים צעברעכן! — האָבן פּראָסטע יידן געשריגן.

משה מענדל וואָלט דעם יאַנקל בלעם געווען צעריסן מיט זיינע

געזונטע רויטע הענט, וואָס האָבן זיך ווי פּרעמדע אַרויסגעריסן פון די חסידישע אַטלעסענע אַרבל. אָבער מיין פאָטער האָט אים אָפּגעהאַלטן:

— ר׳ משה מענדל, ס׳איז שבת! — האָט ער גערופן — די תורה ליגט אויפן שולחן!

קוים מיט צרות האָט ער אָפּגעהאַלטן דעם צעיושעטן יידן, אין וועמען דער קצב האָט דערוואַכט דורך אַלע חסידישע מלבושים.

דעם זעלבן שבת־צו־נאַכטס, ווען דער טאַטע איז געזעסן ביים טיש און געזאָגט „ויתן־לך" נאָך הבדלה, זיינען די שויבן פּלוצלינג אויסגעבראָכן געוואָרן מיט אַ בראָזג און אַ שטיין איז אַריינגעפאַלן אין שטוב. דער טאַטע, אַ דערשראָקענער, האָט געמורמלט:

— קיין זאַך וועט מיך נישט אָפּהאַלטן פון פאַרהיטן יידן פון טריפות . . .

אין שטעטל האָט זיך געטאָן חושך. יידן האָבן נישט געהאַנדלט, נישט געאַרבעט, נאָר כסדר גערעדט וועגן רב און שוחט. די שנאה צו דער שוחטקע, וועלכע מען האָט אַלעמאָל געהאַלטן פאַר אַן עין־הרעניצע, אַ שילטערקע, האָט זיך נאָך מער צעפלאַמט צוליב דער וויסטער מחלוקה, וואָס זי האָט אָנגעהויבן. יידן האָבן געזאָגט, אַז דאָס האָט זי אָנגערעדט איר מאַן צו דער מחלוקה, אַז דאָס האָט זי אַריינגעוואָרפן שטיינער צו אונדז אין הויז. ווייבער האָבן גענומען דערציילן מעשיות, אַז שרה די שוחטקע איז אַ מכשפה און אַז זי טרייבט כישוף. באַלד האָבן זיך געפונען יאָר־עדותטעס, וואָס האָבן זיך געשוואוירן מיט אַלע שבועות, ווי זיי האָבן אַליין געזען ווי די אַלטע שרה פאַרקעט זיך אַרום מיט געפּגרטע קראָען און קעץ, וואָס ליגן ביי איר אויפן דאַך פון אַ חרובער קאַמער, און אַז זי זאָגט דערביי אַלערליי שפּרוכן און כישופט מיט די ביינער פון די פּגרים.

די ווייבער האָבן אינגאַנצן קיין ליגן נישט געזאָגט. די שוחטקע פלעגט אָפּרייניקן די קאַמער אירע פון פּגרים, וואָס מיר, יינגלעך, פלעגן אַרויפוואַרפן אויפן דאַך פון איר קאַמער. די קאַמער אירע איז געווען אַ חורבה, אין וועלכער עס זיינען געשטאַנען מאַשינען און געראָסטעס. די שוחט׳קע, וואָס האָט געפירט אַן אייזן־קראָם, האָט מיט אַ צייט צוריק געהאַט זיך דערטראַכט צום געדאַנק, אַז זי קען פאַרדינען געלט ביי אַוועקשטעלן אַ מאַשין, וואָס זאָל „מאַנגלען", אָדער אויסגלייכן וועש, פאַר באַלעבאָסטעס, אַזוי אַז די ווייבער זאָלן נישט דאַרפן דאָס טאָן מיט די הענט. זי האָט דעריבער אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע אַזאַ מאַנגעל, אַ מאַכינאַציע מיט רעדער און רעדלעך; זי האָט זיי אַריינגעשטעלט אין אַן אַלטער קאַמער און געוואַרט אויף פּרנסה. אָבער די לענטשיצער ווייבער האָבן קיין חשק נישט געהאַט אויסצוגעבן געלט אומזיסט און בעסער געמאַנגלט זייער וועש מיט

אַ געקאַרבטן וואַלעק, ווי מען האָט עס תמיד געטאָן. די מאַשינען האָבן געראַסטעט. די חדר־ייִנגלעך האָבן גענומען וואַרפן אויפן פּלאַכן דאַך פון דער אַלטער קאַמער וואו נאָר אַ שטיין, וואו נאָר אַ געפּגרטע קראָה אָדער אַ קאַץ. די שוחטקע פּלעגט שילטן מיט טויטע קללות די ייִנגלעך פאַר וואַרפן פּגירות אויף איר קאַמער. זי האָט אויך געדראָט מיט די דאַרע ברוינע הענט, געקרימט, גערעדט צו זיך אַליין. דערפון האָבן די ווייבער אויסגעטייטשט, אַז די אַלטע האָט צו טאָן מיט די שדים און רוחות, כישופט מיט ביינער פון פּגרים, מיט וועלכע זי וויל ברענגען אַ מגפה אויפן שטעטל. פון די ווייבער איז עס איבערגעגאַנגען צו די גויעס. באַלד האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז שרה די שוחטקע פאַרכישופט קי, וואָס הערן זיך אויף צו מעלקן; פאַרשעלט הינער, זיי זאָלן קיין אייער ניט לייגן, און נאָך אַזעלכע צרות. עטלעכע גויעס זיינען אפילו באַפאַלן די אַלטע און זי אָנגעשלאָגן דערפאַר. משה מענדל קצב האָט געשוואוירן ביי באָרד און פּיאות, אַז ער האָט אַליין געזען ווי די אַלטע שרה איז געריטן אויף אַ בעזעם. ווען ער איז שבת פאַרנאַכט פאַר הבדלה פאַרבייגעגאַנגען דאָס פעלד, האָט ער געזען ווי שרה די שוחטקע קלייבט קרייטעכצער פון דער ערד, מיטאַמאָל האָט זי זיך גאָר אויפגעזעצט רייטנדיק אויף אַ בעזעם און אַוועקגעפלויגן אין דער לופטן. וויפל מיין מוטער האָט נישט פּרובירט אויסלאַכן דעם יידן פאַר זיין מעשה מיט דער פליענדיקער שוחטקע, האָט עס נישט געהאָלפן. דער ייד האָט געטענהט, אַז ער זאָל אַזוי זוכה זיין זען מיט די אייגענע אויגן משיחן ווי ער האָט געזען די שוחטקע פליען אויפן בעזעם. אין שטעטל האָט מען גענומען ציטערן פאַרבייצוגיין די חורבה פאַרנאַכט. ווייבער האָבן אָנגעטאָן פאַרטעכער פאַר אַ סגולה, ייִנגלעך האָבן געהאַלטן די ציצית אין די הענט און גערופן דריי מאָל הין־און־צוריק: „מכשפה לא תחיה, לא תחיה מכשפה, מכשפה תחיה לא"...

שכנטעס האָבן מיר אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט איך זאָל, חלילה, נישט פאַרבייגיין דער שוחטקעס הויז, ווייל צוליב איר שנאה אויף מיין פאָטער קען זי מיר נאָך אַ כישוף אָנטאָן און פאַרציען מיר אַ בעלמע אויפן אויג, ווי עס האָט איר זון יאַנקל בלעם. נאָך עטלעכע טעג האָט זיך יאַנקל „בלעם" באַוויזן אויף דער שוועל פון אונדזער שטוב. אָן איין וואָרט האָט ער אַראָפּגענומען די שטיוול פון די פיס און געבליבן אין די זאָקן, ווי ער וואָלט געוועזן אַ כהן און געגרייט זיך דוכנען. מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, גייענדיק אויף די שפּיץ זאָקן, איז ער צוגעגאַנגען צו מיין פאָטער און געזאָגט:

— רבּ, איך בעט אייך מחילה פאַרן בזיון וואָס איך האָב אייך אָנגעטאָן פאַר אַן עדה יידן.

דער טאַטע איז רויט געוואָרן און אויסגעשטרעקט דעם ייד אַ האַנט.

איך געדענק נאָך ביז היינט דעם יידס זאָקן, וואָס זיינען געווען אויסגעריסן ביי די פינגער און ביי די פּיאַטעס.

נאָכדעם האָט זיך די מחלוקה אָפּגעשטעלט. ר׳ איטשע האָט אָוועק־געלייגט די חלפים אין זיין שיידל אויף אייביק. אַזוי האָט ער אויך אויפגעהערט מל זיין קינדער. מיין פאָטער איז געוואָרן צוריק פריינד מיט ר׳ איטשען, אָבער די פריערדיקע פריינדשאַפט איז שוין מער נישט צוריק־געקומען; עפּעס האָט געפעלט אין איר. בלויז די שוחטקע האָט נישט געקענט פאַרגעסן מיין פאָטער די עוולה. זי פלעגט דעם טאַטן נאָך אַלץ רופן הינטער די אויגן „געלער רמאי".

ווען מיין מוטער האָט מיט אַ יאָר שפּעטער געבוירן נאָך אַ מיידעלע, אויך אַ רויטס, און אָט דאָס קינד האָט ווידער גענומען וויינען, מסתמא צוליב דעם וואָס די מאַמע האָט נישט געהאַט גענוג מילך צו זייגן עס, האָב איך ווידער גענומען גיין צו ר׳ איטשען, ער זאָל אָפּשפּרעכן עין־הרעס מיין ייִנגסטע שוועסטערל. ר׳ איטשע האָט געזאָגט שפּרוכן, גע־געגעצט און געשיקט ברכות דער מאַמען, אַז איר קינד זאָל האָבן אַ רפואה שלימה. אָבער די שוחטקע האָט געבערנט מיינע טריט און נישט אויפ־געהערט וואָרטשען.

— צו שעכטן טויג ער נישט, אָבער אויסצורייסן זיך דאָס מויל ביי עין־הרעס טויג ער — האָט זי געברומט.

אין איינעם אַ שפּעטן זומער חודש איז אויסגעבראָכן אַן אונטערגאַנג אין שטעטל און מיינע ביידע שוועסטערלעך זיינען קראַנק געוואָרן אויף שקאַרלאַטינע. ר׳ איטשעס שפּרוכן האָבן נישט געהאָלפן. מען האָט געבראַכט פּאַוולאָווסקי דעם פעלדשער. דער גוי האָט לאַפּסירט די קינדער די העלדזער מיט יאָדינע, אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. נאָך עטלעכע טעג איז אַ פור אַוועקגעפאָרן קיין זאַקראָטשין, וואָס איז געלעגן איבער דער צווייטער זייט ווייסל, און מען האָט געבראַכט דעם דאָקטאָר פון דאָרט. דער דאָקטאָר, אַ גוי מיט אַ צילינדער, איז אַריינגעקומען אין אונדזער שטוב, וואָס איז געווען פול מיט ווייבער און יידן. אַלע יידן האָבן אויסגעטאָן די היטלען. מיין פאָטער איז געבליבן אין דער יאַרמעלקע. דער דאָקטאָר האָט באַטראַכט פּאַוולאָווסקין דעם פעלדשער — קלאָמפּערשט זיין קאָנקורענט אין דעם געגנט — און אים געפרעגט אין שפּאַס, צי ער

איז דאָס דער חכם פון לענטשין. דער פעלדשער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל פאַרן פריץ און געבויגן זיך אין הכנעה.

אין אונדזער שטוב האָט גענומען שמעקן מיט רפואות. די מאַמע האָט נישט אויפגעהערט זאָגן תהילים און וויינען. דער טאַטע האָט גערופן די יידן פון שטעטל זאָגן תהילים אין בית־המדרש. אָבער די קינדער זיינען געוואָרן אַלץ מער קראַנק און קראַנק. שבת אין דער פרי, ווען מיין טאַטע איז, ווי זיין שטייגער איז געווען, געבליבן שפּעטער נאָכן דאַווענען אין בית־המדרש, ווייל ער איז נישט פאַרטיק געוואָרן מיט די תפילות, איז אַ יידענע אַריינגעלאָפן אָנזאָגן די שלעכטע בשורה, אַז די קינדער זיינען פאַרביי. דער טאַטע איז גלייך אַהיימגעגאַנגען אינמיטן דאַוונען. איך בין אים נאָכגעגאַנגען. דער טאַטע האָט געהייסן אַ ייד שפּאַנען פערד־און־וואָגן אום שבת און ער, צוזאַמען מיט דער מאַמען, געבראַכענע און פאַרוויינטע זיינען אויפגעזעסן אויף דער פור און זיך געלאָזט קיין נאָווידוואָר, וואו עס איז געווען אַ דאָקטאָר אַ מומחה. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געוויינט, אַרויסבאַגלייטנדיק טאַטע־מאַמע אין זייער שבתדיקער נסיעה, צו ראַטעווען די קינדער פון מלאך־המותעס הענט.

אַ שכנטע האָט אָנגענומען מיך און מיין שוועסטער און אַריינגעפירט צו זיך אין שטוב, וואו זי האָט אונדז אַוועקגעזעצט ביים שבתדיקן טיש און געגעבן אונדז גוטע מאכלים.

— עס, יינגעלע, טאַטע־מאַמע וועלן צוריקקומען בשלום מיט די קינדער — האָט זי מיך געטרייסט.

אין די טרייסט־ווערטער און אין די גוטע מאכלים האָב איך פאַרגעסן אין אַלצדינג. גאָר פאַרגעסן האָב איך זיך, ווען אָן דער השגחה פון טאַטע־מאַמע האָב איך זיך שטאַרק פאַרשפּילט מיט די יינגלעך. נאָך אַכט טעג זיינען טאַטע־מאַמע צוריקגעקומען אַליין פון נאָווידוואָר..

מיין מוטער האָט מיר פּרובירט איינרעדן, אַז מיינע שוועסטערלעך זיינען געבליבן אויף אַ צייט אין נאָווידוואָר. אָבער איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי זיינען געבליבן דאָרט אויף אייביק, און איך האָב דערפילט דעם גאַנצן צער פון דער טאָפּלטער אבידה. די מאַמע האָט זיך צעיאָמערט אין איר גרויסן צער. איך געדענק נאָך ביז איצט איר שווערן יאָמער נאָך אירע קינדער, וואָס זיינען געשטאָרבןביידע אין איין טאָג.

— רבונו של עולם, פאַרוואָס קומט עס מיר! — האָט די מאַמע געפרעגט מיט אויפגעהויבענע הענט צום הימל — פאַר וועלכע זינד, פאָטער אין הימל?

דער פאָטער איז הימל האָט געשוויגן. אָנשטאָט אים, האָט מיין פאָטער גערעדט.

— מסתמא דאַרף אַזוי זיין — האָט ער געזאָגט אַ געבראָכענער — מען טאָר נישט מתרעם זיין אויף גאָט. גאָט איז אַ גערעכטער, אַ גוטער . . .

— ניין, גאָט איז אַ שלעכטער — האָב איך געזאָגט מיט צאָרן — אַ בייזער.

דער טאַטע איז געבליבן אַ פאַרשטיינערטער.

— אַ ייד טאָר אַזוי נישט רעדן — האָט ער געזאָגט, ציטערנדיק אינגאַנצן פון פחד — גאָט איז אַ צדיק.

— ניין, אַ שלעכטער איז גאָט, אַ שלעכטער! — האָב איך געזאָגט אין מיין קינדערשער ביטערניש.

איך האָב ביי קיין אופן נישט געלאָזט זיך איינרעדן, אַז דער, וואָס האָט איבערגעגעבן מיינע צוויי קליינע שוועסטערלעך צום מלאך־המות אין איין טאָג, איז אַ צדיק. דאָס איז געווען קעגן מיינע באַגריפן פון צדקות. צוליב דעם האָב איך אויך געהאַט אַ שאַרפן סכסוך מיט מיינעם אַ מלמד ביים לערנען איוב. איך האָב געהאַלטן מיט איובן, דעם געפייניקטן, דעם געשלאָגענעם מיט קרעץ, נישט מיט די פריינד זיינע, וואָס האָבן אים געטרייסט מיט דיבורים; נישט מיט גאָט, וואָס האָט באַרעכטיקט זיין שווערע שטראָף אויף איובן מיט אייגענער באַרימערייַ איבער זיינע געטלעכע וואונדער און כוחות. איך האָב מיינע טענות צו גאָט אַרויסגעזאָגט אָפן, אַזוי, אַז די פרומע לייט האָבן זיך פאַרשטאָפּט די אויערן און געמוסרט מיך, אַז איך וועל שלעכט אָפּשניידן פאַר מיין עזות.

אינגיכן האָב איך זיך געטרייסט דערמיט, וואָס מיר האָבן גענומען בויען אַן אייגן הויז. צו אונדז אין שטוב פלעגן אָפט אַריינקומען וואַלד־יידן פון די אַרומיקע געדיכטע וועלדער, יידן וואַלד־סוחרים, בראַקאַרעס, קאַסירערס, וואַלד־שרייבערס און אַנדערע. דאָס זיינען געווען געזונטע, אָפּגעברענטע יידן, וואָס האָבן געשמעקט מיט וואַלד, ערד, ווינט, וואַסער און זון, יידן קרעפטיקע און צעוואַקסענע און מוטיקע און פרייַלעכע. זיי פלעגן מאַכן ביי מיין טאַטן שטר־מכירות, „פאַרקויפן" זייערע וועלדער צו דעם שבת־גוי שמידט, אַזוי אַז גויים זאָלן מעגן אַרבעטן אין זייערע „פאַרקויפטע" וועלדער אום שבת. זיי פלעגן אויך אַמאָל קומען פרעגן אַ שאלה, דערוויסן זיך וועגן אַ יאָרצייט. זיי פלעגן ברייט באַצאָלן מיין פאָטער פאַר די שטר־מכירות. זיי פלעגן אויך אָנדערציילן אַלערליי מעשיות פון די וועלדער, וואָס איך האָב אויסגעהערט מיט מויל און אויערן. טייל פון זיי פלעגן

איבערלאָזן מיר לעצט־געלט, און אַמאָל אפילו אַ היפּשע זילבערנע מטבע, אַ פּערציקער אָדער אַפילו אַ האַלבן רובל. נישט איינמאָל פלעגט די מאַמע ביי מיר לייען שפּעטער די מטבע און נישט קענען מיר אָפּגעבן דערנאָך . . . מער ווי אין מיטן יאָר פלעגן אָט די וואַלד־יידן אָנקומען אין שטעטל אויף ימים־נוראים, צו דאַווענען מיט מנין אין די הייליקע טעג. זיי פלעגן קומען מיט פערד און וואָגן, מיט ווייב און קינדער און מיט אַ סך מתנות, מיט גרינס און פּרוכטן און לעבעדיקע עופות — מתנות, וואָס זיי האָבן געפירט פאַר די לענטשינער יידן, וועלכע האָבן זיי געהויזט ביי זיך איבער די ימים־נוראים, צו דאַווענען מיט מנין אין די הייליקע טעג. זיי פלעגן קומען דאָרפסלייט מיט שפּאַס־אויסרופן: „שלום־עליכם, פאַרפוילטע יענגאַלקעס" — אַן אָנצוהערעניש, אַז זיי, די דאָרפסלייט, באַווייזן זיך צוזאַמען מיט די צוגעפוילטע באַרלעך, וואָס קומען־אויף צו אָט דער צייט און מען רופט זיי „יענגאַלקעס" — האָבן מיר אָבער גערן געזען די פרעמדע אין שטעטל, און יינגלעך האָבן זיך געפילט שטאָלץ אויב ביי זיי זיינען איינגע־שטאַנען די דאָרפסלייט. איך האָב שטאַרק מקנא געווען די יינגלעך, וואָס האָבן געהאַט די „פאַרפוילטע יענגאַלקעס" ביי זיך און געווען אש־להבה אויף מיין טאַטן, וואָס ער בעמט נישט אַריין אַ דאָרפישע משפּחה צו זיך אין הויז איבער די ימים נוראים.

די פרעמדע פלעגן אויך מנדר זיין אין בית־המדרש היפּשע נדבות, אויסקויפן די בעסטע עליות. טייל פון די וואַלד־סוחרים זיינען אויך געווען רייכע יידן, ברייטע און לומדים, און זיי האָבן אַריינגעטראָגן אַ סך פרייד אין שטעטל אַריין. איך געדענק באַזונדערס איין וואַלד־סוחר, ר׳ יאיר, אַ ייד מיט אַ זילבער־ווייסער באָרד, מיט אַ שיין אָפּגעברענט פּנים און מיט אַ מלכותדיקן שטעל. דער ייד פלעגט טראָגן זילבערנע עטרות נישט נאָר אויפן טלית, נאָר אויך אויפן קיטל. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ ווייסע אַטלעסענע יאַרמעלקע אויסגעהאַפטן מיט זילבערנע בלעטער און אין יום־כיפּור האָט ער אָנגעשטעקט די פיס אין גרין־סאַמעטענע פאַנטאָפל, אויך אויסגעהאַפטן מיט זילבערנע בלעטער. צו דעם אַלעם האָט דער ייד גע־טראָגן ברילן אין גאָלדענע ראַמלעך און ער האָט געלייענט די תורה מיט אַזאַ זיסן און מחיהדיקן ניגון, אַז מען פלעגט דערפילן פון זיינע רייד דעם גוטן טעם פון מילך און האָניג, מיט וועלכע עס האָט געטריפט דאָס לאַנד פון כנען, וואָס גאָט האָט אָפּגעגעבן צו ישראל. באַזונדערס שיין פלעגט ר׳ יאיר זיך צעזינגען ביים לייענען ראש־השנה אין דער תורה די פּרשה וועגן גאָט, וואָס האָט זיך דערמאָנט אין שרה, דאָס ווייב פון אברהם, און

ער האָט איר באַשאָנקען מיט אַ זון, ווי ער האָט איר פאַרשפּראָכן. ביז היינט פיל איך נאָך דעם טעם פון ר׳ יאירס זיסע ווערטער:

„וה׳ פקד את שרה כאשר אמר ויעש ה׳ לשרה כאשר דבר״ . . .

אָט דער ר׳ יאיר פלעגט אויך אַריינקומען יעדעס מאָל צו מיין טאַטן אָפּשטאַטן אַ וויזיט. איינמאָל ביי אַזאַ נאָך־ימים־נוראימדיקן וויזיט, האָט זיך ר׳ יאיר אַרומגעקוקט אויף אונדזער קליינער וואוינונג און געזאָגט מיט זיין נגידיש סאַמעטן קול, אַז עס איז נישט קיין יושר, אַז אַ רב זאָל וואוינען אין אַ קליינער געדונגענער דירה, נאָר אַז ער דאַרף האָבן אַן אייגענע שטוב.

— איר זענט אַוודאי גערעכט, ר׳ יאיר — האָט מיין טאַטע געזאָגט — אָבער וואָס קומט דערויס, אַז דאָס שטעטעלע איז קליין און די עטלעכע מגיבים יידן קענען נישט אויסבויען אַ הויז פאַר אַ רב.

ר׳ יאיר האָט פאַרצויגן אַ ציגאַר, וואָס האָט פאַרשמעקט די שטוב, און געזאָגט:

— זאָרגט זיך נישט, רב. איך וועל שוין צושטעלן האָלץ אויף ווענט און אַ דאַך. פאַר דעם איבעריקן וועט איר שוין אַליין מוזן זאָרגן . . .

אין עטלעכע טעג נאָך ר׳ יאירס אַהיימפאָרן, זיינען פאַרפאָרן עטלעכע וואָגנס מיט בעלקעס, באַליעס און ברעטער — פון גאָר דיקע ביז גאָר דינע — מיט לייסטלעך און שינדלען, און די גויאישע בעלי־עגלות האָבן אַראָפּגעוואָרפן דאָס שיינע גלאַטיקע געהילץ לעבן דעם בית־המדרש.

— שרייבט אונטער, פאַניע ראַבין — האָבן די פויערים געזאָגט און מיט די שפּיץ־פינגער אַרויסגענומען פון די היטלען פּאַפּירלעך, געשריבן מיט ר׳ יאירס האַנט.

דער טאַטע האָט נאָך געדאַרפט רעדן מיטן פּריץ וועגן דער ערד, אויף וועלכער מען האָט געדאַרפט דאָס הויז שטעלן, און ער האָט געבעטן די יידן, וואָס זיינען איינגייער ביים שררה, זיי זאָלן רעדן מיט אים דעריבער. אין איינעם אַ טאָג איז דער פּריץ כריסטאָוווסקי פאַרפאָרן מיט זיין ברישקע צו אונדזער הויז און אַרויסגערופן דעם טאַטן. דער טאַטע איז געשטאַנען אין דער יאַרמעלקע און נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט פון גויס פּוילישן לשון. דער פּריץ האָט אַריינגעמישט יידישע ווערטער און געלאָזט וויסן, אַז ער דערלויבט מיין פאָטער אויסצובויען אַ הייזל אויף זיין ערד און דערביי פאַרלאַנגט ער נישט זיין יערלעכן אָפּצאָל פאַר דעם פּלאַץ, ווי ער נעמט אַזעלכן פון די איבעריקע יידן.

— אַ ריכטער ביי אַ ריכטער דאַרף קיין געלט נישט נעמען — האָט ער געזאָגט שמייכלענדיק.

דער טאַטע האָט געזאָגט פאַר דער מאַמען, אַז דער גוי איז אַוודאי איינער פון די חסידי אומות העולם, און מען האָט גענומען דינגען עטלעכע גויאישע בויער, זיי זאָלן זיך נעמען בויען פאַר אונדז אַ הויז.

איך בין געווען אין זיבעטן הימל. די ברעטער און בעלקעס האָבן געשמעקט מיט אַלע גוטע ריחות פון פריש־געשניטן האָלץ. די בויער האָבן געזעגט, אָנגעצייכנט מיט אַ שטריקל, אַנגעריבן אין קויל, די קלעצער און באַלקנס, געגראָבן גריבער, געלייגט פונדאַמענטן. איך בין געזעסן ווי אַ שומר, געהיט דאָס געהילץ און געקריגט זיך מיט די צוויי הפקר־יונגען, פּייוועשל און שלמה, וואָס זיינען געקומען אָוועקשלעפּן אַ לייסטל, אַ שינדל. דאָס הויז איז געוואַקסן ווי אויף הייוון. איידער מען האָט זיך אַרומגע־קוקט זיינען געשטאַנען ווענט, און קראָקוועס און אַ דאַך, און אויסגעשניטענע לעכער אויף טירן און פענצטער און אַ קוימען. צוזאַמען מיט דעם הויז איז געוואַקסן מיין גליק. פון לערנען איז געווען אָפּגערעדט. מיט אַלערליי תירוצים, האָב איך נישט אַריינגעשמעקט אין חדר.

ווי גיך די שמחה איז געקומען אין אונדזער שטוב צוליב דעם הויז וואָס מען בויט, אַזוי גיך איז אָנגעקומען די אַנטוישונג. מען האָט געדאַרפט איצט ציגל אויף צו מאַכן קיכן, אויוונס און אַ קוימען; מען האָט געדאַרפט קלאַמקעס און טשוועקעס און שויבן און אַן אַ שיעור אַנדערע זאַכן. מען האָט געדאַרפט דינגען מוליאַרעס, און אין שטוב איז קיין גראָשן נישט געווען. דער טאַטע האָט זיך שוין אַזוי אויך געהאַט פאַרשולדיקט ביי נעמען הלוואות אויף צו צאָלן די בויער, די שינדל־לייגער. דערצו האָבן זיך גענומען אונטערדרוקן די רעגנס און שנייען, און די בויער האָבן געזאָגט, אַז מען קען נישט אַזוי לאָזן שטיין דאָס הויז, ווייל עס וועט זיך אַריינכאַפּן פייכקייטן אין די ווענט. דער טאַטע, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט גע־האָט בטחון, און געטענהט:

— ס׳וועט שוין, מיט גאָטס הילף, זיין רעכט . . .

אָבער די מאַמע, די אייביקע זאָרגערין, איז אומגעגאַנגען חושך, פאַר־דאגהט. ווי תמיד אין אַזאַ פאַל, האָט די מאַמע אָוועקגעשריבן אַ בריוו צום זיידן וועגן הילף; דער טאַטע האָט געשיקט קאַרטלעך צו זיין מוטער, דער באָבע טעמעלע אין טאָמאַשאָוו. זיי האָבן צוגעשיקט אַביסל געלט. ר׳ יהושע, דער נגיד, האָט אויך צוגעלייגט אַ פּלייצע. נאָך גרויסע צרות און קאָפּ־דרייעניש און דאגות, האָט מען גענומען פאַרענדיקן דאָס הויז. ערשט פאַר די קומענדיקע ימים־נוראים האָבן מיר זיך אַריינגעצויגן אין דער אייגענער נחלה, וואָס האָט געבלאַנקט פון נייקייט. איך בין געווען

אויסער זיך פון נחת. נאָך סוכות האָב איך גענומען אַ רידל און אַרומגעגראָבן די ערד אַרום די גרונד־ציילן פון אונדזער הייזל, ווי עס טוען אַלע בעלי־בתים, וואָס ווילן באַשיצן זייערע שטובן קעגן רעגן און שניי. אָבער איך בין נישט געוואוינט געווען צו אַזאַ שווערער אַרבעט, און אַזוי ווי איך האָב מיר נישט געוואָלט נאָכגעבן און געאַרבעט איבער די כוחות, האָט זיך מיר פאַרדרייט דער קאָפּ און מיר איז נישט־גוט געוואָרן. אָבער איך האָב זיך געשעמט צו באַווייזן מיט מיין שוואַכקייט און האָב זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, קיינער זאָל מיך נישט זען. די מאַמע האָט מיך געפונען אַ פאַרחלשטן און אַריינגעטראָגן אין שטוב.

מיט דער צייט האָב איך זיך צוגעוואוינט און גיטאָ! אַלע אַרבעטן אַרום הויז. מיין פאָטער, אַ ווייכער און אויסגעצערטלטער, וואָס האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי אַ טשוואָק אַריינצושלאָגן אין אַ וואַנט, האָט נישט געקענט ליידן, וואָס איך פאַרנעם זיך מיט אַזעלכע גראָבע מלאכות.

— פע, ס'איז נישט פאַר דיר — האָט ער געזאָגט — מ'דאַרף בעטן עמעצן, ער זאָל עס טאָן פאַר אונדז.

מיין מוטער האָט מיר צוגעגעבן קוראַזש.

— גוט אַזוי. טו יעדער זאַך, נאָר פאַרגעס נישט אין דער תורה — האָט זי געזאָגט — זיי נישט קיין בטלן.

זי האָט געמיינט דערמיט צו געבן אַן אָנצוהערעניש דעם טאַטן פאַר זיין בטלנות. די מאַמע פלעגט אויך דעם טאַטן נישט לאָזן מיר פאַרבינדן דעם האַלדז מיט אַ קעשענע־פאַטשיילע אין אַ קאַלטן טאָג, אויף וואָס ער האָט שטאַרק מדקדק געווען.

— די שוויגער האָט דיך געקוילעט מיט איר קעשענע־פאַטשיילע, מיט וועלכער זי פלעגט תמיד אַרומבינדן דאָס העלדזעלע — האָט זי געזאָגט — צוליב דער קעשענע פאַטשיילע לייד איך און די קינדער אַ גאַנץ לעבן . . .

# איך פֿאַרליב זיך אין אַ ווייבל וואָס איז צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי איך

קרום, געדרייט און געשלענגלט, ווי אַ ריטשקע צווישן שטיינער, איז געלאָפֿן מיין ייִנגלעריש לעבן, קעגן אַלע דערוואַרטונגען פֿון מיינע עלטערן און שטעטלשע באַלעבאַטים, וואָס האָבן געוואָלט זען אין מיר דעם מוסטער פֿון אַ לייטיש קינד, וואָס דאַרף גיין אין דרך־הישר.

איך בין נישט געווען קיין אומפּעאיק ייִנגל. ביי צען יאָר האָב איך שוין געלערנט גמרא מיט תוספֿות, און נישט ביי מלמדים, נאָר ביי ייִדן לומדים, וואָס האָבן געלערנט מיט מיר אָן באַלוינונג. איך האָב געהאַט עטלעכע אַזעלכע מלמדים, וואָס האָבן אַ סך מי און צייט געפּטרט אויף מיר, אָבער איך בין זיי נישט געווען דאַנקבאַר פֿאַר זייער לערע. איך האָב נישט ליב געהאַט די גמרא, נישט געהאַט דעם קאָפּ צו תוספֿות און מהרש״א און מהר״ם שיף און צו אַלע אַנדערע פּירושים, מיט וועלכע עס זיינען געווען אָנגעפּיקעוועט די ש״סן פֿון מיינע לערער.

מיין ערשטער אומזיסטער רבי איז געווען ר׳ בערישל הינדעס.

שוין פֿון דעם, וואָס מען האָט דעם ייִד גערופֿן אויפֿן נאָמען פֿון זיין ווייב, הינדע, קען מען זיך משער זיין, אַז דאָס איז געווען דערפֿאַר, וואָס זיין ווייב איז געווען די פּרנסה־געבערין, נישט ער. בערישל האָט גאָרנישט געוואוסט אין דער שניט־קראָם, וואָס הינדע האָט געפֿירט. ער האָט נישט געקענט קיין וואָרט פּויליש אָדער שוואַביש, וואָס קרעמער האָבן געמוזט קענען ביי אונדז אין מסחר מיט די פּוילישע און דייטשע קונים. ער האָט מורא געהאַט צו שטיין נאָענט לעבן אַ קונהטע. דאָס מסחר האָט געפֿירט הינדע, אַ פּליישיק ווייבל מיט רונדע גלידער, מיט אַ בלענדנדיקער העלער הויט און מיט אַ בלאָנד שייטל אויפֿן קאָפּ. אָט די הינדע איז געווען איין שטיק געזונט. אירע רויטע באַקן האָבן תמיד געפֿלאַמט, אירע פֿולע ליפּן האָבן תמיד געשמייכלט. די קונים האָבן זי ליב געהאַט פֿאַר איר גוטמוטיקייט. זי איז אויך געווען אַ ווייבל אַ בריה. זי פֿלעגט אַלע עטלעכע וואָכן פֿאָרן מיט אַ פֿור קיין וואַרשע און ברענגען אַלערליי פֿאַרביקע סחורות, וואָס זי פֿלעגט קריגן אויף קרעדיט ביי די וואַרשעווער סוחרים.

ווי געזונט, ווי קערנדיק און בריהשדיק אָט די הינדע איז געווען, אַזוי

איז איר מאַן, בערישל, געווען אַ חלוש, דאַר און קוואַר, מיט אַ גרויסער גערגע, מיט אַ שלים־מזלדיק בערדל, וואָס איז נישט געוואַקסן גלייך, נאָר אין בינטלעך, אַזוי ווי מען וואָלט צוגעטשעפּעט בינטלעך האָר צו די באַקן און נישט אויפן ריכטיקן אָרט. זיין קול איז געווען דין און שוואַך, ווי ביי אַ קראַנקער יידענע. ער איז געווען אַזאַ שלימיאַל, אַז ער פלעגט גיין אויף די גלייכע ווענט, אָנשלאָגן זיך אין טירן און אין חפצים, פאַלן איבער אַ שטרוי. אפילו אין בית־המדרש ביים דאַוונען האָט ער זיך תמיד פאַר־שפּעטיקט און ווען דער חזן מיט אַלע דאַוונער האָבן שוין געהאַלטן ווייטער אין די תפילות, פלעגט בערישל ערשט זיך לאָזן הערן מיט אַ פּסוק פון אַ פריערדיקער תפילה. דערביי האָט ער אַרויסגעזאָגט די ווערטער אויף אַ ביי־קול און מיט אַ וויינענדיקן ווייבערישן ניגון, וואָס האָט די חדר־יינגלעך אַלעמאָל אויפסניי געמאַכט לאַכנדיק. געוויינלעך פלעגט ער שטיין אין אַ ווינקל און שאָקלען זיך שטאַרק. דערביי פלעגט ער אָפט אַריינוויינען אין ווינקל אַריין און אַפילו שלאָגן זיך קאָפּ אָן וואַנט, איבערהויפּט ביי טרוי־עריקע תפילות. ער איז געווען אַ גרויסער וויינער, אַ בעל־בכי, ווי מען האָט עס גערופן ביי יידן. דער טלית פלעגט זיך אים אָפט אַראָפּגליטשן פון די דאַרע געבויגענע אַקסלען, די יאַרמעלקע פלעגט זיך אים פאַררוקן אין אַ זייט, דער גאַרטל פלעגט זיך אים נישט האַלטן אויף זיינע פלאַכע דאַרע לענדן.

נאָר עלטערן פון יענעם דור האָבן געקענט צונויפּפּאָרן אָט די יאָדערדיקע הינדע, אַ טאָכטער פון דורות דאָרפס־יידן, מיט אָט דעם חלוש און שלימיאַל, בערישל, אַן אָרעמען ישיבה־בחור. איך בין נאָך געווען צו יונג צו וויסן, ווי אַזוי דאָס צוזאַמענלעבן צווישן אָט דעם מאָדנעם פּאָרפּאָלק האָט זיך געקלעפּט, אָבער איך האָב געקענט די צוויי קינדער, וואָס דאָס פּאָרפּאָלק האָט געהאַט, איינס פון אַנדערן מיט אַ יאָר גערוקט, און וואָס זיינען דער־צויגן געוואָרן מער פון פאָטער ווי פון דער מוטער.

די מוטער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו די קינדער, ווייל זי האָט געמוזט אַריינברענגען די פּרנסה אין שטוב אַריין. ווען זי פלעגט פאָרן קיין וואַרשע נאָך סחורה, ווען זי פלעגט זיין פאַרנומען אין דער שניט־קראָם מיט קונים, איז בערישל געזעסן און צוגעוויגט די קינדער אין די וויגעלעך. אָט די אַרבעט האָט ער געטאָן מיטן פוס. מיטן קאָפּ איז ער דערביי געווען אַריינגעטאָן אין דער גמרא, וואָס ער האָט נישט אויפגעהערט לערנען ביי טאָג און ביי נאַכט. דעם יונגנמאַן איז גאַרנישט מיאוס געוואָרן צו לערנען, און תמיד די זעלבע מסכתות פון קדשים, וואָס האָבן צו טאָן מיט שעכטן קרבנות, ברענען און בראָטן אָקסן און שאָף און ענלעכע זאַכן.

פאַרוואָס דעם שוואַכן יונגנמאַנטשיק, וואָס האָט ממש נישט געקענט אַנרירן קיין פליג אויף דער וואַנט, האָט אַזוי געצויגן צו לערנען וועגן שעכטן און ברענען און דעמפּן און רויכערן, ווייס איך נישט; אָבער אַזוי איז געווען, ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע שוואַכקייט צו אָט די מסכתות, ווי זבחים, מנחות, חולין, בכורות און אַנדערע. אָט דער בערישל האָט נישט יוצא געווען מיט בלויז אַליין לערנען, נאָר ער האָט געוואָלט טאָן די מצוה פון לערנען מיט אַנדערע תורה, און ער האָט פאַרגעלייגט מיין פאָטער, ער זאָל מיך שיקן צו אים אין שטוב לערנען. מיין פאָטער איז געווען צופרידן. וואָרעם כאָטש ער אַליין פלעגט מיט מיר אויך לערנען, האָט ער אָבער נישט גע־קענט אָפּגעבן מיר גענוג צייט דערויף, ווייל ער איז געווען פאַרנומען מיט שרייבן זיינע חידושים טאָג און נאַכט.

— ר׳ בערישל איז אַ ירא־שמים און אַ מתמיד — האָט מיין פאָטער מיר געזאָגט — וועסט האָבן ביי אים אַ גרויסע פעולה אין לערנען און דו דאַרפסט זיין צופרידן צו זיין זיין תלמיד.

איך בין נישט געווען צופרידן.

מיר איז זייער ווייניק אָנגעגאַנגען ווי אַזוי כוהנים אין ירושלים מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן געשפּריצט בלוט אויפן מזבח, געברענט גאַנץ־אָפּער און האַלב־אָפּער און געגעסן פלייש פון קרבנות. נאָך ווייני־קער האָבן מיך אינטערעסירט די אַלע קשיות און תירוצים און פשטלעך פון תוספות און מהרש״א און מהרש״ל און די אַלע אַנדערע מפרשים. דאָס לערנען איז אויך געווען שווער, ווייל די לערנער האָבן ס׳רוב נישט געהאַט קיין סיסטעם, קיין מעטאָדע. זיי האָבן נישט געקענט נישט די צייט, נישט דעם אופן און לאָגיק און הינטערגרונט פון דער אַלטער לערע. איך האָב צו יענער צייט דערפון נישט געוואוסט. דאָס האָב איך זיך ערשט דער־וואוסט שפּעטער, ווען איך האָב גענומען לערנען אַזעלכע ווערק ווי „דור דור ודורשיו״ פון תלמודיסט אייזיק הירש ווייס און אַנדערע. אָבער שוין ביי מיינע צען יאָר האָב איך געזען, אַז די מלמדים מיינע האָבן זיך גע־פּלאָנטערט אין דער גמרא, געדרייט זיך, געבלאָנדזשעט, געמאַטערט זיך אַליין שווער און נאָך שווערער זייערע תלמידים. ביי זיין גאַנצער התמדה, האָט ר׳ בערישל, אַפּנים, געהאַט אַ שווערן קאָפּ, ווייל ער פלעגט ממש וויינען ביי די שווערע ערטער אין חולין, רייבן זיך דעם פאַרשוויצטן שטערן אין גרויס האַרעוואַניע און בעטן זיך ביי מיר:

— אוי ווי מיר, כאַפּ נישט, כאַפּ נישט, כאַפּ נישט . . .

מיר איז אָפּילו נישט איינגעפאַלן צו כאַפּן די תורה, וואָס איז מיר אין דער אמתן אין דער לינקער פּיאה נישט געקראָכן. איך האָב זיך, אמת,

אויסגעלערנט די שווערע בלעטער גמרא, אָבער איך האָב זיי אָראָפּגעשלונגען ווי אַ ביטערע מעדיצין. מיט מיין גאַנצן וועזן בין איך געווען אין דרויסן, גיריג נאָך פרייהייט, ערד, וואַסער, בהמות, מענטשן, באַוועגונג און לעבן. ר' בערישל האָט האָסטיק געוויגט די וויינענדיקע קינדער און זיך געבעטן ביי זיי:

שלאָפט, שלאָפט, זייט מיך נישט מבטל פון תורה.

די קינדער אין די וויגלעך האָבן נישט געוואָלט שלאָפן צוליב דער תורה. זיי האָבן געוואָלט אַרויס פון דער וויג, פון בעטגעוואַנד, אין וועלכן זיי זיינען געווען איינגעפּעקלט. דער פאָטער האָט זיי פאַרשטופּט די וויי־נענדיקע מיילעכלעך מיט אַ פלעשל מילך, מיט אַ שמאַטקע מיט צוקער, מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט. ווען די עופהלעך פלעגן נאָס מאַכן אין וויגל, פלעגט ר' בערישל אַרויפגיסן אַ ביסל וואַסער אויף די נאַסע ווינדלען, ווייל אַנדערש האָט מען נישט געטאָרט לערנען לעבן אַן אומריין וויגל. דאָס איז געווען אַלץ, וואָס איז אים אָנגעגאַנגען. ווען די קינדער פלעגן זיך שוין גאָר צעוויינען, פלעגט ער זיי אומגעשיקט אַרויסנעמען פון די וויגלעך און וויגן זיי אין זיינע דאַרע אָרעמס, צוזינגענדיק מיט אַ ווייבעריש קולכל:

— אַן, אַן, אָ, אַאַ . . . איי ליו ליליו, ליוליו, ליו . . .

ווען הינדע איז געווען אין קראָם, פלעגט ער זי אריינרופן איינצושטילן די קינדער. הינדע פלעגט זייער בריהשדיק איבערבעטן די וויגלעך, פאַר־שפּרייטן פרישע ווינדלען און, אין מיין קעגנוואַרט, עפענען די בלוזקע, אויפדעקן איר גרויסע מילך־ווייסע ברוסט און באַשפּריצן פון רויטן אָנגע־שוואָלענעם ניפּל עטלעכע טראָפּנס מילך אויף די קינדערישע מיילעכלעך, איידער זי האָט זיי געגעבן זייגן. דאָס ווייבערישע מילך־ווייסע לייב האָט שטאַרק צערודערט מיינע ייִנגלערישע מחשבות, הגם איך האָב נאָך אַ זייער פאַרנעפּלטע אָנונג געהאַט פון געשלעכט־זאַכן. ליגנדיק איבערגעלייגט איבער אירע קינדער אין וויגל, ווי אַ חיה ביים זייגן אירע זייגלינגס, האָט הינדע געטענהט:

— בערישל, גיי אַריין צו די קונים אין געוועלב.

בערישל פלעגט אַריינגיין, אָבער ער האָט גאָרנישט געוואוסט וואָס צו רעדן מיט די קונים. ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט אַרויפלייגן קיין שאָל אויף אַ גויעס אַקסלען, נאָר אַ וואָרף געגעבן איר די שאָל פון דער־ווייטנס, צום פאַרדרוס פון די קונהטעס. אַזוי פלעגט ער נישט קענען אַריינרופן קיין קונה אין קראָם, ווי זיין הינדע האָט אים געלערנט. אנשטאַט

רופֿן קונהטעס מיטן מויל, האָט ער זיי גערופֿן מיטן ווייז־פֿינגער, ווי מען רופֿט אַ קינד צו זיך. די גויעס פֿלעגן לאַכן פֿון אים, די גויים האָבן חוזק געמאַכט פֿון אים איבערשרעקנדיק אים מיט אַ הינטיש בילעריי, פֿון וואָס בערישל פֿלעגט אַ שפּרונג טאָן פֿון שרעק, ווי ער וואָלט דערזען פֿאַר זיך אַן אמתן הונט.

— ווי איז מיר! — האָט ער געקלאָגט מיט זיין ווייבעריש קולכל.

הינדע פֿלעגט אים אַריינשיקן צוריק אין שטוב אַריין.

— גיי, גיי, וויג די קינדער — האָט זי אים געזאָגט, מיטלאַכנדיק מיט די קונים, וואָס האָבן זיך געדרייט אין דרייען פֿון שפּאָט איבער איר מאַן.

בערישל איז גיך אַרויס פֿון די ערלים און צוגעכאַפּט זיך מיט אַ פֿרישן ברען צו די קרבנות, אין וועלכע ער איז געווען קלאָר און אייגן, ווי ער וואָלט זיי געהאַט אין קעשענע.

— אוי ווי מיר, לייג צו דעם קאָפּ צו דער תורה — האָט ער זיך געבעטן ביי מיר — כאַפּ נישט . . . כאַפּ נישט . . .

ווי אַזוי ער האָט געקאָכט עסן פֿאַר זיך אין די טעג, ווען זיין הינדע איז געפֿאָרן קיין וואַרשע קויפֿן סחורות, ווייס איך נישט. איך האָב דעם יידן קיינמאָל נישט געזען עסן, נאָר לערנען. אַחוץ מיט לערנען, האָט ער זיך אויך באַשעפֿטיקט מיט אַריינכאַפּן ברכו און קדושה עטלעכע מאָל אַ טאָג. ווי נאָר ער האָט געהאַט אַ געלעגנהייט אַריינצוכאַפּן זיך אין בית־המדרש צו אַ מנין, אפֿילו נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט אָפּגעדאַוונט, האָט ער עס גערן געטאָן, כדי צו פֿאַרדינען נאָך אַ מאָל אַ מצוה. עס איז אויך געווען זיין מצוה אויסצוקערן דאָס בית־המדרש פֿון צייט צו צייט. עבער, דער בעדער און שמש, האָט פֿון די אַלע הייליקע מלאכות קיין שטיקל ברויט נישט געקענט עסן, און ער האָט געמוזט גיין איבער די דערפֿער, איינצוקויפֿן פֿון די פּויע־רים אַ ביסל גרינס אָדער תבואה. בערישל האָט דעריבער אויף זיך גענומען די מצוה פֿון אויסקערן דאָס בית־המדרש. ער האָט עס געטאָן אויף זיין שלים־מזלדיקן אופֿן, באַדעקנדיק אַלץ מיט שטויב. איינמאָל איז אין שטעטל אַראָפּגעקומען דער נאַטשאַלניק פֿון סאָכאַטשאָוו אומגעריכט. בערישל האָט מורא געהאַט, אַז דער עלטסטער קען נאָך אַ מאָל אָפּשטאָטן אַ וויזיט אין בית־המדרש און פֿאַרחתמענען עס צוליב דעם, וואָס עס איז נישט גענוג ריין. ער איז דעריבער גיך אָוועקגעלאָפֿן אין מקום־קדוש און אויסגעקערט די פּאָדלאָגע. אין זיין איילעניש האָט ער דאָס מיסט אַריינגעלייגט אין דער פּאָלע פֿון זיי כאַלאַטל, כדי וואָס גיכער עס אַרויסצוטראָגן. ווען ער איז געשטאַנען מיט דער פּאָלע מיסט אויף דער שוועל, איז אָנגעקומען דער

נאַטשאַלניק. בערישל האָט אין שרעק געכאַפּט זיך אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַרן פריץ. פון גרויס צעטראָגנקייט האָט ער אָפּגעלאָזט די פּאָלע און אויסגעשיט דאָס מיסט גלייך דעם באַאַמטן פאַר די לאַקירעטע שטיוול. פאַרשטייט זיך, אַז דער נגיד פון שטעטל, ר׳ יהושע וואַלדהענדלער, האָט שוין געמוזט אַריינרוקן דעם צאַרישן פאַרשטייער אַ שיינע מטבע, ער זאָל מוחל זיין דעם פאַרברעכער . . .

איך בין ביי אָט דעם בערישל דורכגעגאַנגען גאַנץ קדשים. ער פלעגט מיך אָפּהאַלטן האַלבע נעכט ביי דער גמרא, ווייל ער האָט שטאַרק ליב געהאַט צו לערנען אין די נעכט.

מיט דער צייט האָט ער אַלץ מער און מער מיך אַריינגעצויגן אין די נעכט אַריין, אַזוי אַז איך האָב שוין מער נישט געקענט איבערטראָגן און רעוואָלטירט. איך האָב ביי קיין פאַל נישט געוואָלט מער גיין לערנען צו אים. איך האָב געקראָגן אַ נייעם אומזיסטן מלמד, מאַטעס וואַרשעווער.

מיין פאָטער האָט צו יענער צייט גענומען פאָרן צום ראַדזימינער רבין. געפאָרן צו אים איז ער אויף פּראַבע. פאָרן קיין גאַליציע צו זיין שטענדיקן רבין האָט ער נישט געקענט, ווייל עס איז געווען צו ווייט און צו קאָסטבאַר. האָט ער גענומען אויספּרובירן נאָענטע פּוילישע גוטע־יידן. עטלעכע מאָל איז ער געפאָרן קיין גער, צו ר׳ לייבעלע אַלטער, וועלכער איז געווען דער אָנגעזעענסטער רבי אין פּוילן. איך ווייס נישט די סיבה פאַרוואָס ער האָט אויפגעהערט פאָרן קיין גער. מעגלעך, אַז דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס אין גער האָט מען זיך נישט שטאַרק אומגעקוקט אויף אַ רב פון אַ קליין שטעטעלע, ווייל די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט האָט מען געשאָנקען די באַרימטע רבנים און גבירים; מעגלעך, אַז גער איז געווען צו שאַרף און טרוקן פאַר מיין טאַטן, דעם סענטימענטאַלן און ענטוזיאַסטישן, וואָס איז געוואוינט געווען צו די ווייכע דרכים פון גאַליציאַנער גוטע־יידן. אַלנפאַלס, דער טאַטע האָט זיך אַמאָל צוגעכאַפּט קיין ראַדזימין צום רבין ר׳ מענדעלע, וועמענס שטערן האָט גענומען אויפגיין אין דער חסידישער וועלט. דער ראַדזימינער רבי האָט געהאַט אַן עולם, אָבער אַ פיל קלענערן ווי דער גערער. חוץ דעם זיינען קיין ראַדזימין געפאָרן מערסטנס פּראָסטערע יידן. דעם ראַדזימינער איז דאָס נישט אָנגעשטאַנען, און ער האָט דווקא געוואָלט האָבן צווישן זיינע חסידים לומדים און רבנים, ווי דער גערער האָט. ווען מיין פאָטער איז געקומען קיין ראַדזימין, האָט אים דער רבי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און אים אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פריינדשאַפט און ליבשאַפט, אַז ער האָט אים, דעם גלויבער אין מענטשן, דעם גרויסן מאמין, גלייך געוואונען. מער נאָך ווי דער רבי, האָבן די חסידים

זיך געזעגנט מיט אים, וועלכער איז, אַפּנים, געווען דער איינציקער רב אין ראַדזימינער הויף. דער ראַדזימינער רבי איז אויך נישט געווען אַזוי שאַרף ווי דער גערער. ער האָט געדאַוונט מיט קולות, געזונגען און געפּראַוועט רבישע העוויות, אויפן שטייגער פון די גאַליציאַנער צדיקים. ביים געזעגענען, האָט דער רבי אויך אָפּגעצאָלט מיין פאָטער אַלע זיינע הוצאות און געבעטן אים, ער זאָל קומען וואָס אָפטער. ער האָט אים אויך צוגעזאָגט צו שאַפן פאַר אים אַ בעסער רבנות אין איינע פון די שטעטלעך, וואו ער האָט אַ סך חסידים. דער טאַטע איז אַהיימגעקומען פון דער נסיעה פול מיט גלויבן און ענטוזיאַזם און בטחון. ער האָט אויך פון דער נסיעה מיטגעבראַכט דריי מתנות: איינע — א רבנישן קאַפּעליאַטש, וואָס דער רבי האָט אים געקויפט; די צווייטע — אַ גאָלדענעם פינפער רובל, וואָס איז אים געבליבן פון די ברייטע הוצאות, וואָס דער רבי האָט באַצאָלט פאַר אים, און די דריטע — אַ ישיבה־בחור מיטן נאָמען מאָטעס, וועמען ער האָט מיטגעבראַכט פון ראַדזימינער הויף.

מיט גרויס ברען האָט דער טאַטע דערציילט פאַר דער מאַמען די נסים ונפלאות פון ראַדזימינער רבין, זיין צדקות און פריינדשאַפט און פיינקייט און גרויסקייט. די מאַמע, די מתנגדישע טאָכטער, איז נישט נתפּעל געוואָרן אויף קיין האָר. מער ווי אַלץ האָט די מאַמע זיך אינטערעסירט מיטן טאַטנס סאַמעטענעם קאַפּעליאַטש. ווי איך האָב שוין איינמאָל דערמאָנט, האָט מיין פאָטער מורא געהאַט צו טראָגן רבנישע מלבושים, ווייל ער איז אָפיציעל נישט געווען קיין רב, און נישט־רבנים האָבן, לויט די רוסישע געזעצן, נישט געטאָרט טראָגן קיין רבנישע מלבושים. דער טאַטע פלעגט דעריבער טראָגן די רבנישע מלבושים נאָר ביי זיך אין שטוב, אָדער אין בית־המדרש. אויף דער גאַס, איבערהויפּט אין וועג, האָט ער געטראָגן אַ גרויס סאַמעטן היטל, די פּיאות אַרונטערגעמאַכט הינטער די אויערן, און אַ זשופּיצע, וואָס האָט געהאַט רבנישע קעשענעס פון הינטן, אָבער עס איז פאָרט נישט געווען קיין עכטער, אמתדיקער רבנישער כאַלאַט. די מאַמע האָט געוואָלט וויסן, פאַרוואָס דער ראַדזימינער רבי האָט עפּעס גראָד געדאַרפט געבן דעם טאַטן א מתנה אַ רבנישן קאַפּעליאַטש. דער טאַטע האָט דערציילט, אַז דער רבי האָט אים געזאָגט, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אַ רב אַרומצוגיין אָן אַ קאַפּעליאַטש, און ער האָט אים געגעבן אַ נייעם קאַפּעליאַטש, ער זאָל אים טראָגן אויפן קאָפּ פאַר דער צייט, וואָס ער פאַרברענגט אין הויף. די מאַמע האָט אַ לייכטן שמייכל געטאָן און גלייך פאַרשטאַנען די זאַך.

— דער רבי האָט דעם קאַפּעליאַטש נישט געקויפט פאַר דיר, נאָר פאַר זיך — האָט זי דעם טאַטן געזאָגט — עס איז בעסער פאַרן עסק, ווען אין אַ גוט־יידישן הויף דרייט זיך אַרום אַ „ספּאָדעק״, . .

דער טאַטע איז געווען אויסער זיך פאַר אַזאַ חשד.

די צייט האָט געוויזן מיין פאָטער, אַז די מאַמע איז געווען גערעכט, נישט ער. זי האָט מיט איר דורכדרינגלעכן בליק דערזען דעם תוך פון דער צדיקישער גוטסקייט. דער טאַטע האָט שפּעטער טייער באַצאָלט פאַר זיין גלויבן. אָבער דערווייל איז ער געווען פול מיט באַגייסטערונג פאַר דעם ראַדזימינער צדיק. אים צו הילף איז געקומען דער ישיבה־בחור מאָטעס, וואָס האָט זיך צוגעבונדן צו מיין פאָטער און מיטגעקומען מיט אים קיין לענטשין לערנען תורה.

דער ישיבה־בחור מאָטעס איז געווען אַ קליין מענטשל, אומגעוויינלעך נידריק, אָבער ברייט געבויט, קרעפּטיק ווי אַ קורץ דעמבן קלעצל. ער איז געווען ברייטער ווי לענגער. זיינע פולע בלאַסע באַקן זיינען געווען באַדעקט מיט אַ בלאָנד יונג בערדעלע און פּיאות. זיינע פינגער פון די הענט זיינען געווען קורץ און קרעמפּיק. אין זיינע בלויע אויגן האָט געפינקלט אַ פייערל פון גבורה און פאַנאַטיזם. ווען איך האָב אים געגעבן שלום, האָט ער מיר אַריינגענומען מיין יינגלערישע האַנט ווי מיט צוואַנגען, און ער האָט מיר געזאָגט:

— יהושע, האָב מורא פאַר גאָט, הערסט!

דערביי האָט ער מיך אויפגעהויבן צום באַלקן מיט אַזאַ גרינגקייט, ווי ער וואָלט אויפגעהויבן אַ פעדערל.

אויף דער מאַמען מיינער האָט ער אפילו קיין בליק נישט געטאָן. ער האָט בלויז געגעסן מיט אַ ריזיקן אַפּעטיט דעם אָנבייסן, וואָס די מאַמע האָט אַוועקגעשטעלט פאַר אים, טונקענדיק כסדר די מוציאס ברויט אין זאַלץ.

— דער ראַדזימינער רבי איז אַ מלאך — האָט ער געהאַלטן אין איין איבערחזרן די זעלבע רייד. — די גאַנצע וועלט וועט אינגיכן דערזען זיין גרויסקייט. איך זע עס, רב . . .

זיינע אויגן האָבן געקוקט ווייט פאַר זיך, ווי ער וואָלט שוין באַצייטנס געזען די גרויסקייט פון ראַדזימינער רבין, וואָס נעמט איין די וועלט.

גלייך נאָכן עסן, נישט אָפּרוענדיק זיך אפילו קיין רגע, האָט ער מיך געהייסן פירן אים אין בית־המדרש, און באַלד גענומען לערנען מיט מיר די מסכתא יבמות. אין אָוונט, ביי מנחה, האָט דער טאַטע געשאָפן אים

טעג ביי די באַלעבאַטים פון שטעטל. אַלס באַלוינונג פאַר זיין לערנען מיט מיר, האָב איך געדאַרפט אים באַגלייטן און זיצן מיט אים ביים טיש, ווען ער פלעגט עסן די טעג זיינע. ער האָט מורא געהאַט אַליין צו גיין, כדי ער זאָל נישט אַמאָל דאַרפן זיצן אַליין אין שטוב מיט אַ באַלעבאָסטע, וואָס איר מאַן איז נישטאָ אין דער היים. ער האָט געגעסן מיט אַ ריזיקן אַפּעטיט זיינע „טעג", טונקענדיק די מוציאס ברויט אין זאַלץ, און אפילו קיין אייז בליק נישט געגעבן אויף די ווייבער, וואָס האָבן אים צוגעטראָגן די מאכלים. זיי האָבן נישט עקזיסטירט פאַר אים.

פונקט ווי בערישל הינדעס, איז מאַטעס געווען פאַרליבט אין דער תורה. ער פלעגט שלאָפן בלויז אַ פיר שעה אין די נעכט. דאָס איבעריקע האָט ער עסק געווען אין לערנען און אין דאַווענען. אָבער אַנשטאָט ווייגען ביים דאַווענען, ווי בערישל, האָט ער געדאַוונט מיט שמחה, מיט שטורעם. אַזוי האָט ער אויך געלערנט.

— אוי, וויי, די תורה איז זיס! — האָט ער אָפט געשריגן צו מיר אין מיטן לערנען — הערסט, יהושע, ס'איז גאָר נישטאָ אַזאַ תענוג ווי לערנען תורה . . .

ווי ר' בערישל איז געווען פאַרקאָכט אין קדשים, איז מאַטעס געווען פאַרקאָכט אין נשים, אין די מסכתות וואָס האָבן צו טאָן מיט מאַן און ווייב, ווי קדושין, גטין, כתובות, יבמות און אַנדערע. דער עיקר טאַקע פלעגט ער הנאה האָבן פון יבמות, דינים וועגן חליצה. צי דער קורצגעוויקסיקער שטאַרקער בחור האָט אין אָט די גמרות אויסגעלעבט זיינע מאַנסבילשע פאַרשטיקטע באַגערן, צי ער האָט גלאַט אַזוי געהאַט אַ שוואַכקייט צי אָט די ווייבערישע מסכתות, ווייס איך נישט; אָבער איך ווייס, אַז ער האָט מיט מיר געהאלטן אין איין לערנען נשים. אין מיטן לערנען פלעגט ער אויך אַריינפאַלן אין זיינע התלהבותן צו גאָט און ער פלעגט רופן דעם רבונו של עולם מיט אַלערליי ליבע נעמען און צערטלעכקייטן, ווי אַ געליבטער צו זיין געליבטע.

— זיסער, גרויסער, גלוסטיקער, דערבאַרעמדיקער! — פלעגט ער ברומען ווילד און פּאַטשן מיט די קורצע קרעמפּע הענט, דערביי מיך אַ כאַפּ טאָן און אויפהייבן ביז איבערן קאָפּ. וועגן קיין אַנדער זאַך, אַ חוץ דער תורה, האָט ער גאָרנישט געוואוסט, גאָרנישט געזען. בלויז איין מאָל האָט ער באַמערקט אַ סך סטויגעס היי שטייען אויפן פעלד. ער האָט געקוקט אַ ווײַלע און מיך געפרעגט:

— זאָג מיר, צו וואָס דאַרף אַזאַ קליין שטעטל אַזוי פיל היי, פאַר וויגעלעך?

ער האָט געמיינט, אַז היי נוצט מען בלויז אויף אויסצובעטן וויגעלעך פאַר קינדער . . .

מיין טאַטע האָט זיך מחיה געווען מיט אָט דעם מאַטעסן, מיט וועמען ער האָט געקענט שמועסן אין לערנען און זאָגן פאַר אים זיינע חידושים און פשטלעך. ווייניקער האָב איך זיך מחיה געווען מיט אים. ער האָט מיך פאַרמאַטערט מיט זיינע מסכתות נשים. מיר זיינען אויף קיין האָר נישט אָנגעגאַנגען די אַלע דינים פון גטן זיך, חתונה האָבן, געבן חליצה, שרייבן כתובות, ווי די דין־תורות צווישן מאַן און ווייב, וואָס ער געפינט אויס נאָך דער חתונה אַז זי איז קיין בתולה נישט געווען און זי טענהט, אַז עס איז איר געקומען נישט פון זיינד נאָר פון אַ צופאַל. איך האָב געקענט פון אויסנווייניק די גאַנצע שקלא־וטריא איבער אָט דעם ענין, וואָס איז באַקאַנט אַלס די שיטה פון „מוכת־עץ", אָבער איך האָב נישט אָנגעהויבן צו וויסן דעם תוך פון דער זאַך. מאַטעס האָט עס מיר נישט דערקלערט.

איך בין עס געוואָר געוואָרן פון מיין חבר אברהם, הערשל דעם שוויי־גערס, ביי וועמען מאַטעס האָט געגעסן אַ טאָג.

הערשל שוויגער איז געווען יאָרן לאַנג אַ פאַכטער ביי אַ פריץ, וואָס אין אונדזער געגנט האָט עס געהייסן זיין אַ „שווייגער" ביי אַ „שררה". שפּעטער האָט ער אָפּגעלאָזט דאָס דאָרף און זיך באַזעצט אין לענטשין, וואו ער האָט געעפנט אַ בשמים־געוועלב. ער האָט אויך געהאַט פעלד און קי און פערד און עופות. ער איז געווען אַ רויט־באַקיקער קרעפּטיקער ייד. אַזוי קרעפּטיק איז געווען זיין זון אברהם, אַ יינגל וואָס איז געווען עלטער מיט אַ יאָר צוויי פון מיר און האָט אויסגעזען גרעסער און קרעפּטיקער פון זיינע יאָרן. דער פאָטער האָט דווקא געוואָלט מאַכן פון אָט דעם אברהמען אַ למדן, און ער האָט אים אָנגעדונגען צו מאַטעסן, ער זאָל לערנען מיט אים צוזאַמען מיט מיר. אָבער אברהם האָט נאָך ווייניקער געהאַט חשק צו דער גמרא ווי איך. ער האָט ליבער געהאַט צו פּאַשען דעם פאָטערס פערד אויף דער לאָנקע, אָנטרייבן אַ וואָגן, אָנהאַקן האָלץ, מאַכן דאָס שאַף עסן פאַר די בהמות און טאָן נאָך אַזעלכע זאַכן. איך האָב דעם אברהמען ליב געקראָגן אהבת־נפש. ער האָט פאַר מיר קלאָר געמאַכט אַלץ, וואָס מאַטעס האָט פאַר מיר אויסבאַהאַלטן. ער האָט מיך מיטגענומען מיט זיך, ווען ער האָט געפירט „אָפּיאָגן זייער קו" ביי אַ ביק אין אַ פויערישן הויף.

— זעסט, אַזוי אַרומעט ווערן אויך געבוירן מענטשן — האָט ער מיר געזאָגט.

איך בין געווען איבערראַשט. איך האָב עס מיר נישט געקענט צו־גלייבן. דער עיקר האָב איך מיר נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז מיינע נאָענטע, אַז די צדיקים און די אבות און אמהות פון דער תורה זאָלן האָבן געטאָן אַזעלכע זאַכן. אברהם האָט געלאַכט פון מיר.

— אפילו משה רבינו האָט אַזוי געטאָן — האָט ער מיר געזאָגט.

א וועלט מיט דערשיינונגען, וואָס זיינען פאַר מיר געווען ביז דעמאָלט אומבאַגרייפלעך, זיינען מיט אַ מאָל פאַר מיר קלאָר געוואָרן. עס זיינען מיר אויך קלאָר געוואָרן די אַלע דינים אין סדר נשים.

אברהם הערשל שווייגערס האָט מיך אויך אויסגעלערנט אַנדערע זאַכן. ער האָט מיך אויסגעלערנט ווי אַזוי צוצוגיין צו אַ פערד און אויסהיטן זיך פון אַ קלאַפּ, ווי אַזוי אָנצוטאָן אַ פערד אַ צוים, ווי אַזוי אָנצוטרייבן און אַפילו רייטן. ביי איינער אַזאַ לעקציע האָב איך שיר דעם קאָפּ נישט פאַרלוירן. ווען איך בין געזעסן רייטנדיק אויף אברהמס קליאַטשע, האָט דאָס פערד מיטאַמאָל פאַרבענקט זיך נאָך דער שטאַל און זיך אַ לאָז געטאָן האַסטיק דורך דער נידעריקער שטאַל־טיר. עס האָט געפעלט אַ האָר, איך זאָל צעשמעטערן מיין קאָפּ ביים האַסטיקן אָנשלאָגן זיך אָן דער שטאָל. אָן אַנדערס מאָל האָט ער מיך געלערנט אַראָפּשפּרינגען פון זייער בוידעם היי אויף דער ערד. איך בין שלעכט געפאַלן און עס האָט געדויערט אַ צייט ביז איך בין געקומען צו זיך. אָבער די אַלע זאַכן האָבן מיך נישט אָפּגעהאַלטן פון קלעפּן צו דעם אברהמען. מיר האָבן מיט אַלערליי קונצן זיך אַרויסגעדרייט פון מאַטעסן און זיין תורה און אָפּגעלעגן אין זייער שטאָל, מיט די פערד. דאָס פערדישע קייען, דאָס קלינגען פון אַ קייט אויף אַ פערדישן האַלדז, דער געשמאַקער ריח פון היי, אפילו די ריחות פון מיסט האָבן מיר געשמעקט ווי די טייערסטע בשמים. אברהמס מעשות וועגן גבורים, וואָס האָבן אַ רייף אַרום דער ברוסט; וועגן פערד־גנבים און ציגיינערס, און הויפּטזעכלעך וועגן די גבורות פון זיין טאַטן דעם שווייגער, האָבן געהאַט טויזנט טעמים. וואַלגערנדיק זיך אין היי אויפן בוידעם, האָבן מיר נאָכגעמאַכט מאַטעסעס ווילדע העוויות און קולות ביים דאַווענען.

מיט מער דרך־ארץ האָט מען זיך באַצויגן אין הערשל שווייגערס שטוב צו אָט דעם מאַטעסן, ווען ער פלעגט קומען עסן דאָרט אַ טאָג. הערשל שווייגער האָט מיט עם־הארצישער באַוואונדערונג געקוקט אויף

יעדער באַוועגונג פֿון דעם למדנישן ישיבה־בחור, מיט הכנעה אויפֿגעכאַפּט יעדעס וואָרט זיינס.

— לאהשע, טראָג צו מער סמעטענע פֿאַר ר׳ מאַטעסן — האָט ער געזאָגט צו זיין טאָכטער, דער כלה־מיידל, וואָס האָט אַ פֿאַרשעמטע צוגע־טראָגן עסן פֿאַר דעם אורח — און טו אים אַריין אַ סך פּוטער אין די קאַרטאָפֿליעס. ר׳ מאַטעס דאַרף האָבן כוחות צו דער הייליקער תורה...

לאה האָט מיט דאַרפֿישער תמימות צוגעטראָגן די מאכלים פֿאַר דעם גרויסשטאָטישן למדן און אָפּגעגאַנגען זיך מיט רויטקייט. איר לאַנגע שופֿר־נאָז איז נאָך לענגער געוואָרן פֿון דערשראָקנקייט און מיידלערישער צעטראָגנקייט אין קעגנוואַרט פֿון אָט דעם לומדישן בחור.

אין גיכן איז הערשל שוויגער געקומען צו מיין טאַטן און אים פֿאַר־געלייגט, אַז ער וויל נעמען מאַטעסן פֿאַר אַ חתן פֿאַר זיין טאָכטער לאה.

— רב, כ׳על אים אויסקליידן פֿון קאָפּ ביז פֿיס — האָט ער געזאָגט — כ׳על אים געבן קעסט ווי לאַנג נאָר ער וועט וועלן. כ׳על אים געבן נדן, מתנות, און לאָמיר האָבן ר׳ מאַטעסן זיצן אין מיין שטוב און לערנען די הייליקע תורה... מיין לאהשע וועט פֿירן דאָס געוועלב און איר מאַן לאָזן לערנען...

דער טאַטע האָט זיך איבערגערעדט מיט מאַטעסן און יענער איז גלייך איינגעגאַנגען. ער האָט וועגן נדן נישט גערעדט. דער עיקר האָט ער געוואָלט קעסט, אייביקע קעסט, און פֿון מתנות האָט ער געוואָלט: אַ ניי ווילנער ש״ס און אַ שטריימל. דער שוויגער האָט אַלץ געגעבן. ער האָט אַפֿילו באַצאָלט פֿאַר די הוצאות פֿון חתנס אָרעמע עלטערן אויף דער חתונה. מאַטעס האָט קיין וואָרט נישט גערעדט מיט לאהן נאָך דער חתונה. ער האָט זיך צוגעכאַפּט מיט אַזאַ ווילדער התמדה צום נייעם ווילנער ש״ס, וואָס דער שווער האָט אים געקויפֿט, אַז ער האָט אַפֿילו זיך נישט פֿאַרגונען צו שלאָפֿן די פּאָר שעה אין די נעכט. לאה, אין גרויסן שייטל, וואָס איז געווען פֿרעמד פֿאַר איר יונג מיידלעריש פּנימל, איז גע־גאַנגען אויף די שפּיץ פֿינגער אַרום איר מאַן דעם למדן. זי האָט, אין איר דאָרפֿישער הכנעה, נישט געוואָגט אַפֿילו דעם מאַן צו רופֿן ביים נאָמען. שוויגנדיקערהייט האָט זי צום יאָר געבוירן אַ קינד, באַלד ווידער געבומען אַרומגיין מיט אַ שפּיציקן בויך. הערשל שוויגער איז געווען גליקלעך. אָבער נישט גאָר לאַנג. זיין מאַטעס האָט פּלוצלונג איבערגעלאָזט ווייב און קינדער און אַנטלאָפֿן אין דער וועלט אַריין, כדי צו ווערן אַ פּרוש. דאָס איז געשען מיט עטלעכע יאָר שפּעטער און איך וועל דערציילן מער

באַריכות וועגן דעם אין ווייטערדיקע קאַפּיטלען. דערווייל וועל איך איבערגיין צו מיין דריטן אומגעצאַלטן רבין, יאָסעלע רויזקעס, אָדער ווי מען האָט אים גערופן ביי אונדז: יאָסעלע ליטוואַק.

יאָסעלע רויזקעס איז געווען פון זאַבלודאָווע, אַ שטאָט אַרום ביאַליס־טאָק, און ער איז געווען דער איינציקער ליטוואַק אין שטעטל.

פריער זיינען אויך אַנדערע ליטוואַקעס אַראָפּגעקומען אין שטעטל; אָבער זיי זיינען געווען געסט אויף אַ ווייל. איינער איז געווען אַ מלמד, וואָס האָט זיך נישט געהאַלטן צוליב זיין ליטווישקייט, און אַ צווייטער איז געווען אַן אַגענט פון אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט קעגן פייער. דאָס איז געווען אַ ייד מיט אַ ראָק און אַ קאַפּעליוש, וואָס אַ ייד מיט אַזעלכע מלבושים האָט מען ביי אונדז נישט געזען פריער. ווען דער „דייטש" האָט געזאָגט קדיש אין בית־המדרש, האָבן אַלע אויסגעדרייט די קעפּ, ווי מען וואָלט הערן אַ גוי זאָגן לשון־קודשדיקע תפילות. מיר, יינגלעך, זיינען אפילו נישט זיכער געווען, צי מען דאַרף נאָכזאָגן אָמן נאָך אַזאַ ליטווישן קדיש. עס איז ביי אונדז קיין ספק נישט געווען, אַז גאָט רעדט פּוילישן לשון־קודש. טאָמער איז נאָך דאָס ווייניק געווען, האָט דער ייד מיט די גויאישע מלבושים אַרויסגענומען נאָכן דאַוונען אַ גמרא פון דער פּאָליצע און אַוועקגעזעצט זיך לערנען, און דווקא אַ שווערע גמרא: מסכתא נזיר. דאָס איז געווען איבער אַלע דערוואַרטונגען. דער ליטוואַק האָט זיך צעלאָזט מיט אַ ניגון:

— הריני נזיר, הריני פזיר, הריני פזיח, הרי זה נזיר . . .

דערביי האָט ער דעם קלאַנג „זי" אַרויסגעבראַכט ווי „זשי", אַזוי אַז עס איז אויסגעקומען ווי ער וואָלט נישט געזאָגט נזיר, פזיר, פזיח, נאָר נאָזשיר, פּאָזשיר, פּאָזשיך. מער האָט דעם ייד נישט געפעלט. די חדר־יינגלעך האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער. וואו דער ייד איז נישט געגאַנגען וועגן זיינע פייער־אַסעקוראַציעס, זיינען מיר אים נאָכגעלאָפן, שרייענדיק: נאָזשיר, פּאָזשיר, פּאָזשיך. דער ליטוואַק האָט געמוזט אַוועק באַצייטנס. בלויז מגידים, וואָס פאָרן אַרום זאַמלען געלט פאַר ישיבות און האַלטן דרשות, זי האָט מען פאַרטראָגן, הגם זיי זיינען אַלע געווען ליטוואַקעס. פאַרקערט, טאָמער איז אַ פּוילישער מגיד געקומען, האָט ער נישט אויסגענומען. אַ מגיד האָט געמוזט זיין אַ ליטוואַק, ווי אַ בערן־טרייבער האָט געמוזט זיין אַ ציגיינער.

דער ערשטער ליטוואַק, וואָס האָט זיך באַזעצט אין שטעטל אויף ווי עס געהערט צו זיין, איז געווען יוסף רויזקעס.

דאָס האָט אַליין דער נגיד פֿון שטעטל, יהושע וואָלדהענדלער, גענומען אָט דעם יאָסעלע רויזקעס פֿאַר אַן אײדעם פֿאַר זיין טאָכטער, הענדל. און קעגן נגידס אײדעם האָט קיינער נישט געוואָגט צו רעדן.

פֿאַרוואָס דער לענטשינער נגיד האָט געדאַרפֿט זוכן אַ מאַן פֿאַר זיין טאָכטער אַזש פֿון אַ שטאָט לעבן ביאַליסטאָק, ווייס איך נישט. סך־הכּל איז אָט דער יאָסעלע רויזקעס געווען אַ בחורל אַ קליינס און אַ צערטלעכס, ווי אַ צעפּיעשטשעטע בת־יחידה, מיט אַ קליין פּנימל, מיט דריבנע פּיסעלעך און הענטעלעך, ווייסע, רונדע און גלאַטע, אין דער צייט ווען זיין כּלה, הענדל, איז געווען אַ שיין שלאַנק קרעפּטיק מיידל, מיט רויטע באַקן, מיט פּעך שוואַרצע האָר און אויגן, מיט פֿולע רויטע ליפּן, וואָס האָבן תּמיד געלאַכט. שטראָמען מיט פֿרייד האָבן געפֿלאָסן פֿון אָט דער נגידישער קרעפּטיקער יפֿת־תּואר. זי האָט געלאַכט צו יעדן, צו אַלט און יונג, צו חדר־ייִנגלעך און אַפֿילו צו די געזעלן־יונגען, די בעקערס, וואָס האָבן געאַרבעט ביי יחזקאל בעקער אין הויף, צו וועמען זי האָט לויטן דין נישט געדאַרפֿט לאַכן. אָט דער זיווג איז גאָרנישט געווען קיין צוגעפּאַסטער. אָבער ר׳ יהושע האָט זיך זייער געגריסט מיט זיין אײדעם, וועמען ער האָט אַראָפּגעבראַכט אַזש פֿון אַזוי וויַיט. די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן מיט גרויס פּאָמפּע. משה סטאָליאַר האָט אויסגעבויט אַ ריזיקע שאָפּע, אַזוי אַז עס זאָלן קענען אַריין די מאַסן געסט און מחותּנים, וואָס זיינען אָנגעקומען. ר׳ יהושע האָט אויך אַראָפּגעבראַכט פֿון זאַקראַטשין אַ קאַפּעליע קלעזמער און אַ בדחן מיט אַ געשוירענער באָרד, מיט סאַרווערס מיט קורצע רעקלעך. אָרעמעלייט זיינען זיך אָנגעקומען פֿון אַלע זייטן נאָך פּעטע בולקעס און נדבות. צום נגידס שבת דאַרף מען צוגעבן, אַז ער האָט אַלעמען געלאָזט בעטן צו דער חתונה — פֿון מיין טאַטן, וועמען ער האָט געגעבן אַ פּעטן רח״ש פֿאַר מסדר־קידושין זיין, ביז דעם אָרעמסטן בעל־מלאכה און ביז דעם נבֿזהדיקסטן מענטש. ער האָט אַפֿילו איינגעקויפֿט צו דער חתונה אַ נייעם מין בליץ־לאָמפּ, וואָס האָט געלויכטן מיט אַ ווייס העל ליכט. דער עולם האָט נישט געקענט אָפּרייסן די אויגן פֿון די ליטווישע מחותּנים, וואָס האָבן געטראָגן האַלב־קורצע סורדוטן און דערביי געשיט מיט לומדות. דער חתן האָט געזאָגט אַ וואַזשנע דרשה, אין אַ געבראָטענעם ליטוויש.

צוליב אָט דעם געבראָטענעם אײדעמס זיינעם, איז שוין ר׳ יהושע אויך אַריינגעקראָכן צווישן די לומדים און אָנגעטאָן זיך אַ זיידענע קאַפּאָטע, אַנשטאָט דער פֿריערדיקער טוכענער קאַפּאָטע, וואָס ער פֿלעגט טראָגן, ווי עס טראָגן, געוויינלעך, ייִדן, וואָס קענען נישט קיין תּורה. ער האָט

איך אָנגעהויבן אַריינוואַרפן לשון־קודש ווערטער אין זיינע רייד, מעשה למדן. די לשון־קודש ווערטער האָבן זיך, אמת, נישט געקלעפּט, אָבער קיינער האָט נישט געוואָגט צו לאַכן פון נגיד. ר׳ יהושע איז ביי זיך אַזוי גדולדיק געוואָרן, אַז יעדן ראש השנה אין דער פרי פאַרן דאַוונען, פלעגט ער זיך אָנטקשטעלן אין נגידישן טלית, באַדעקט מיט אַ זילבערנער עטרה, אין שניי־ווייסן קיטל, און זאָגן אויפן קול פאַרן עמוד די מאָרגן־ברכות, וואָס געוויינלעך זאָגט מען זיי נישט בציבור. ער האָט געזאָגט די ברכות מיט אַ שטאַרקער שטים, מיט אַ מחיהדיקן יום־טובדיקן ניגון, אָבער ער האָט געזעצט די ווערטער, ווי אַ בעקער. אנשטאָט זאָגן די ברכה „שלא עשני גוי״, האָט ער נאָך דעם „שלא״ זיך אָפּגערוט און דערנאָך געזאָגט „עשני גוי״, אַזוי אַז עס איז אויסגעקומען, אַז ער לויבט גאָט, וואָס ער האָט אים באַשאַפן אַ גוי. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן ביי דער ברכה „שלא עשני אשה״, וואָס איז אויסגעקומען, אַז ער איז יאָ אַן אשה. יידן לומדים האָבן בגנבה געשמייכלט איבער דעם נגידס עם־הארצות און געפּילט זיך אומ־באַקוועם, וואָס זיי דאַרפן נאָך נאָכזאָגן אָמן נאָך אָט די עם־האַרצישע ברכות. אָבער קיינער האָט אים נישט געוואָגט צו זאָגן, וואָרעם קיינער איז נישט געווען אַזאַ נגיד ווי ר׳ יהושע און קיינער האָט נישט מנדר געווען אַזויפיל האָלץ פאַר דעם בית־המדרש ווי ר׳ יהושע, און קיינער האָט נישט געגעבן אַזויפיל קאַרטאָפל אויף ווינטער פאַר אָרעמע לייט ווי ר׳ יהושע. יעדן יום־טוב, ווען מען פלעגט אים אויפרופן צו דער תורה, טאַקע צו דער גרויסער שיינער און אויסגעצירטער תורה, וואָס ער אַליין האָט געלאָזט שרייבן פאַרן בית־המדרש, האָט ער אַ סך מי־שברכס געמאַכט פאַר זיין ווייב, זין און טעכטער און מנדר געווען גרויסע נדבות: „בעבור שיתן עצים לבית־המדרש״, פלעגט דער מי־שברך מאַכער זאָגן מיט אַ געהויבענעם ניגון; „בעבור שיתן פרוכת לארון־הקודש״; „בעבור שיתן געבראָטענע קאַטשקעס לקידוש״; „בעבור שיתן מענטעלע של סאַמעט לספר־תורה״; „בעבור שיתן נרות לבית־המדרש, צדקה לעניים . . . ונאמר אָמן״ . . .

ר׳ יהושע איז געווען שטאָלץ מיט זיין איידעם, באַזונדערס דערפאַר, וואָס ער האָט אים אַראָפּגעבראַכט פון אַזוי ווייט אין רוסלאַנד, אַזש פון לעבן ביאַליסטאָק, וואָס אין לענטשין האָט מען געמיינט, אַז די געגנט איז לעבן סאַמע פּיטערבאַרג אַליין.

אָט ביי דעם ר׳ יהושעס ליטווישן קעסט־איידעמעל, וואָס האָט גע־טראָגן די הויזן איבער די שיך, קורצלעכע קאַפּאָטעס און אַ געפּרעסט קעלנערעל, האָב איך גענומען לערנען. מאַטעס האָט מיך שיר נישט משוגע

געמאַכט מיט זיין ווילדער התמדה. חוץ דעם האָט ער גענומען לערנען מיט מיר שאלות ותשובות פֿון רבי עקיבא אייגער. דאָס זיינען געווען שווערע קאָפּ־דרייערישע לימודים, צו־שווערע פֿאַר אַ יונג־ייִנגל. ער האָט מיך אַזוי פֿאַרמאַטערט מיט אָט די שאלות ותשובות, אַז איך האָב אָנגעהויבן פֿילן אַ שווינדל אין קאָפּ. מיין מאַמע האָט מורא געהאַט פֿאַר מיין געזונט, און זי האָט געפּועלט ביים טאַטן, איך זאָל אַוועקגיין פֿון מאַטעסן און לערנען ביי יאָסעלע רויזקעס.

דאָס זיינען געווען גליקלעכע צייטן פֿאַר מיר. יאָסעלע האָט גענומען זאַכן לייכט. ער האָט געלערנט אַ ביסל און באַלד זיך אָפּגערוט. צווישן איין דף גמרא און אַ צווייטן האָט מען אים אַריינגעטראָגן דערקוויקענישן פֿון דער נגידישער קיך, אַלערליי איינגעמאַכטסן און קיכעלעך, מיט וועלכע מיין רבי האָט מיך מכבד געווען. דערנאָך פֿלעגט ער זיך גאָר צולייגן אויף דער סאָפֿע און איך בין דערווייל געזעסן און באַטראַכט אַלע שיינקייטן פֿון דער נגידישער שטוב, די אויסגייעכטסן אויף די ווענט, דאָס זילבער אין די סערוואַנטקעס, די געשניצטע לייבן־קעפּ פֿון די דעמבענע שראַנקען און מער פֿון אַלץ דאָס יונגע ווייבל, הענדל, וואָס האָט געבליט אין איר שיינקייט.

— וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר, יהושעלע? — פֿלעגט הענדל מיך פֿרעגן מיט אַ געלעכטער.

איך האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגן אין בושה, וואָס מען האָט מיך געכאַפּט ביי דער האַנט.

הענדל איז זיך צעגאַנגען אין געלעכטער.

— האָסט ליבער צו קוקן אויף שיינע ווייבלעך ווי אויף דער גמרא, יהושעלע? — האָט זי מיך געפֿרעגט און מיר אַ קניפּ געטאָן אין דער באַק.

איך געדענק נאָך ביז היינט די באַרירונג פֿון אירע פֿינגער אויף מיין פֿאַרפֿלאַמטער באַק.

ביי אַלע אירע געלעכטערן איז זי, דאַכט זיך, נישט געווען גליקלעך. זי האָט אָפּגעהיטן איר יאָסעלען, צוגעטראָגן אים קלאָרע געפּרעסטע נאָזטיכלעך, מיט וועלכע ער האָט געהאַט אַ טבע צו רייביקן די לויטערע גלעזלעך פֿון זיינע ברילן, געראַמטע אין גאָלד; זי האָט אים צוגעטראָגן דערקוויקענישן און אונטערגעלייגט אים אויסגעבייטע קישעלעך אונטערן קאָפּ, ווען ער האָט זיך אָפּט צוגעלייגט אויף דער סאָפֿע. זי האָט אויך געגרויסט זיך מיט זיין געוואַלדיקער צירלעך־מאַנירלעכקייט, מיט זיין שטענדיקן פּוצן זיך און פֿעכלען זיך. אַלץ האָט געגלאַנצט ביי דעם יאָסעלען, זיינע ברילן און דאָס גאָלדענע קייטל פֿון זייגערל, זיינע שיך און געפּרעסט

קעלנערל און זיידן היטל און דאָס אַלפּאַגאַנע קירצלעכע קאַפּאָטקעלע און די צוגעשניטענע בעגל פון זיינע שניי־ווייסע ווייבערישע הענטלעך. אַזוי איידל און צאַרט ווי זיין אויסגעצערטלט גופל איז געווען, איז געווען זיין שטימעלע, אַ דינס, אַ לייטישס און אַן איידלס. ער פלעגט זיך אַפילו וואַשן מיט שמעקעדיקער זייף, פולסעס זייף, וואָס האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ רייצנדיקן גערוך. חסידים אין בית־המדרש האָבן שטאַרק געקרימט מיט די נעז איבער אָט דעם גויאישן ריח. יאָ, ער איז געווען אַן איידעם אַ צאַצקע, אָט דער יאָסעלע רויזקעס. אָבער איך האָב געמערקט, אַז הענדל, די קרעפּטיקע און בלוט־שפּראָצנדיקע און פריידיקע, האָט געקוקט אויף אים גיכער ווי אויף אַ קינד, איידער ווי אויף אַ מאַן. זי איז געוואוינט געווען ביי זיך אין הויז צו אַנדערע מענער. אירע ברידער, חיים און הערשל, וואָס ביידע האָבן זיי געלערנט ביי מיין פאָטער, זיינען געווען געוואַלדיק הויכע, שלאַנקע ברונעטן, בחורים גיבורים, איינס אין איינס. איר פאָטער, הגם פון מיטעלן וואוקס, איז אָבער געווען אַ קערענדיקער ייד, אַ קרעפּטיקער וואַלד־מענטש, וואָס האָט אָנגעהויבן פון זיין אַ וועכטער ביי געהילץ און דערגאַנגען ביז גרויסן וואַלד־האַנדל.

אָבער ווי אַזוי די באַציאונגען זאָלן ניט האָבן געווען צווישן דעם יונגען פּאָרפאָלק, איז געווען תמיד שטיל און לייטיש אין דעם נגידישן הויז, וואו איך בין אַריינגעקומען אָפּלערנען. יאָסעלע האָט אויך ליב געהאַט לייענען אַ צייטונג, די „הצפירה", און דורך דער צייט וואָס ער האָט געלייענט, בין איך געווען פריי אַרומצעלויפן און לאָזן זיך וואוילגיין מיט די ייִנגלעך... מיין מיטלערנער ביי יאָסעלען איז געווען דעם נגידס אייניקל, נתן־דוד, אַ ייִנגל אין מיין עלטער, וואָס איז געקומען פון פאַבריק־שטעטעלע לעשנע צו דער חתונה פון זיין מומע, הענדל, און איז שוין פאַרבליבן ביי זיין זיידן אין הויז, צו לערנען גמרא ביי איר ליטווישן מאַן.

נתן־דוד איז געווען אַ ייִנגל בלוט און מילך, מיט שוואַרצע גלאַנציקע האָר און אויגן, ווי אַלע קינדער און אייניקלעך פון נגיד ר' יהושע. זיין מוטער איז געווען ר' יהושעס טאָכטער, זיין פאָטער איז געווען אַ וואַלד־הענדלער אין שטעטל לעשנע, וואו עס האָט זיך געפונען די צוקער־פאַבריק פון מיליאָנער מאַטיאַס בערסאָן. אָט דאָס שטעטעלע לעשנע איז געווען אַ מאַדערנס, וואו די נגידים, די וואַלד־הענדלער און צוקער־אַגענטן, זיינען געווען אָנגעשטעקט פון די גויאישע וועגן פון מיליאָנער מאַטיאַס בערסאָן און זיינע לייט. נתן־דוד איז געגאַנגען זייער שיין אָנגעטאָן, מיט גלאַנציקע געמזענע שטיוועלעך, מיט אַ גלאַנציק זיידן היטעלע. ער האָט אויך געהאַט

טייערע פּערלמוטערנע מעסערלעך און בליישטיפטלעך און אַלע אַנדערע שיינע זאַכן אין די קעשענעס פון זיין גוט־געניים טוכן קאַפּאָטקעלע. ער פלעגט מיר דערציילן וועגן דעם לעבן אין זיין שטעטעלע לעשנע, וועגן די קאַרעטעס, אין וועלכע דער יידישער פּריץ מאַטיאַס בערסאָן פאָרט, וועגן די נגידישע וואַלד־הענדלער און וועגן זיין אייגענעם פאָטער, דעם נגיד און היינט־וועלטיקן מענטש. די פאַנטאַסטישסטע זאַכן האָט מיר נתן־דוד דערציילט. מער ווי פון אַלץ, האָט ער גערעדט וועגן ווייבער. דער עיקר וועגן די גויאישע דינסטן, וואָס האָבן געדינט ביי זיינע עלטערן אין הויז, און פון די שקצים, די וואַלד־העקער, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר זיין פאָטער.

שוין אויף דער חתונה פון זיין מומע הענדל, האָט ער מיר געוויזן זאַכן, פון וועלכע איך בין שטאַרק נתפּעל געוואָרן. נאָך דעם ווי מען האָט גע־פירט חתן־כלה „לייגן פירן" און די געסט זיינען זיך צעגאַנגען. האָבן די קרובים און געסט פון כלהס צד, וואָס זיינען זיך אָנגעקומען פון פרייען שטע־טעלע לעשנע, גענומען מאַכן, זיך פריילעך. פריער האָבן זיי זיך געהאַלטן אין דער מעלה, ווייל לענטשין איז געווען אַ פרום שטעטעלע; אָבער ווען זיי זיינען געבליבן אַליין, האָבן זיי אויסגעלאָשן די בליך־לאָמפּן און בחורים מיט מיידלעך האָבן גענומען טאַנצן פּאָלקעס און וואַלצן. נתן־דוד האָט זיך פאַרשטעקט מיט מיר אין אַ ווינקל און מיר האָבן אַלץ געזען. דערנאָך האָבן זיי זיך אַרומגענומען און געקושט און געטריבן אַלערליי ליצנות און שפּאַס און חוזק געמאַכט פון די געסט און גערעדט נישט־כשרע רייד וועגן חתן־כלה און זייער יחוד־שטיבל. איינער אַ הויכער בחור מיט פייער־דיקע שוואַרצע אויגן, אָפּגעבערענט ווי אַ ציגיינער, האָט אַפילו פאָרגעלייגט אַ פּלאַן, אַז מען זאָל זיך צוגנבענען צום יחוד־שטיבל און אויפרייסן די פאַר־מאַכטע לאָדן. דער עולם האָט געלאַכט, שיר נישט צו פּלאַצן, פון אַט דער המצאה. אין דער שאַפע פון אָפּגעהובלטע ברעטער, וואָס מען האָט אויפ־געבויט לכבוד דער שמחה, האָט געהערשט אַ פריילעכע צעלאָזנקייט, וואָס קומט אָן אויף מענטשן בעת חתונות. די לעשנער לייט, פרייע און קרעפּטיקע און זאַרגלאָזע, האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די צוימען פון דער לענטשינער פרומקייט און קליינשטעטלדיקייט. נתן־דוד האָט מיר דערציילט ווער מיט וועמען עס פירט ליבעס און אַלערליי אַנדערע סודות, וואָס ער האָט געוואוסט פון די אַלע מענטשן, וואָס מערסטנס זיינען זיי געווען זיינע קרובים פון פאָ־טערס אָדער מוטערס זייט. וואָס ווייטער איז די פריינדשאַפט צווישן מיר און נתן־דודן געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער. מיר האָבן נישט אויפגע־הערט רעדן און סודען זיך. יאָסעלע רויזקעס, הגם אַ פרומער, האָט זיך ווייניק אומגעקוקט אויף אונדזער אויפפירונג. ער האָט טאַקע געלערנט מיט

אונדז, אָבער ער האָט זיך חלילה, נישט ווי געטאָן. ער האָט גענומען לייכט די תורה, מער גערוט ווי געלערנט. איך האָב דעם יונגנמאַן ליב געהאַט. ליבער פון אים האָב איך געהאַט זיין הענדל. זי איז געווען מיין ערשטע הייסע ייִנגלערישע ליבע. איך האָב געפּלאָמט ווען איך האָב זי געזען, אײ־בערהויפּט אין איין האָריק קלייד, וואָס האָט נאָך בולטער אַרויסגעבראַכט איר קערנדיקע ווייבלעכקייט. זי פלעגט זיך בויגן אין דרייען פאַר געלעכטער.

— וואָס לאָזסטו אַראָפּ די אויגן, יהושעלע? — האָט זי מיך געפרעגט און געקוואָלן פון מיין ייִנגלערישער בושה און פּיין, וואָס זי האָט, אפשר, אַרויסגעפילט און געוויילט זיך דערמיט.

איך האָב געליטן, שווער, פּיינלעך, געשעמט זיך מיט מיינע ליידן און דערפאַר נאָך מער געליטן. איינמאָל, ווען קיינער איז נישט געווען אין הויז, בין איך צוגעגאַנגען צו הענדל'ס קלייד, דאָס האָריקע, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ שטול, און עס געקושט הייס, קלאַמערנדיק זיך אין דער האָריקער סחורה מיט קראַמפּהאַפטע פינגער. פּלוצלונג איז הענדל אַריינגעקומען און מיך געטראָפן האַלטן איר קלייד אין די הענט.

— וואָס טוסטו? — האָט זי געפרעגט.

— דאָס קלייד איז אַראָפּגעפאַלן... האָב איך... עס אויפגעהויבן...

— האָב איך געשטאַמלט, רויט ווי פייער.

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אירע ברענענדיקע שוואַרצע אויגן, געראַמט אין געדיכטע ברעמען און וויעס, און זיך הויך פאַנאַנדערגעלאַכט, בויגנדיק זיך שיִר נישט ביז דער ערד אין איר לוסטיקן אָנפאַל.

— ביסט דער ריכטיקער טאַנעבאַרע (תנא־ברא), יהושעלע דעם רבס, — האָט זי געזאָגט און פאַרריכט זיך דאָס שייטל, וואָס האָט זיך איר פאַר־רוקט איבערן קאָפּ.

דערנאָך האָט זי מיך באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און מיך געפרעגט:

— ביסט אַ חמור־אייזל, יהושעלע?

אַזוי האָט מען ביי אונדז גערופן איינעם, וואָס האָט ליב ווייבער.

מיינע באַקן זיינען געוואָרן איין שטיק פייער פון איר געלעכטער און חוזק.

ווען די דערוואַקסענע וואָלטן בלויז געוואוסט ווי ערנסט, טיף און פּיינלעך קינדער קענען ליבן און ליידן!

## יידן זאָגן תהילים פאַר אַ „קראַנקער" בתולה און זי ברענגט אַ ממזר אויף דער וועלט . . .

ממזרים אין אונדזער געגנט זיינען קיין נייעס נישט געווען. אַ סך שיקסעס, איבערהויפּט די, וואָס האָבן געדינט ביים שטעטלשן פּריץ, האָבן געהאַט ממזרים, און זייערע עלטערן, די פּויערים, האָבן זיך דערפון וויניק וואָס געמאַכט, איבערהויפּט ווען דער ממזר איז געווען אַ ייִנגל. ווען אַ מיידל האָט געבוירן אַ ממזרת, איז שוין איר שם געווען נישט קיין איבעריק גוטער. דאָך האָט מען זיך קיין גרויס ווען דערפון נישט געמאַכט. אָבער אַז ביי יידן זאָל אַ מיידל האָבן אַ קינד, דאָס האָט מען ביי אונדז אין שטעטל נישט געהערט.

אין איינעם אַ שבת פאַרנאַכט, האָט אַ מיידל מיטן נאָמען פעסע געהאַט אַ קינד, און אין לענטשין האָט זיך געטאָן חושך.

ערשטנס, האָט קיינער זיך נישט געריכט, אַז אָט די פעסע איז מעוברת. זי איז געווען אַ דינסט אין וואַרשע. ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט זי אַזוי קונציק אויסבאַהאַלטן יעדן סימן פון איר הויכן טראָגן, אַז נישט נאָר האָבן שכנים גאָרניט געמערקט, נאָר אַפילו נישט אירע אייגענע עלטערן. ווען זי האָט אין איינעם אַ שבת נאָכן טשאָלנט דערפילט זיך קראַנק און אָוועקגעלייגט זיך קרעכצן, האָבן די עלטערן גאָרנישט חושד געווען. זי האָט געזאָגט, אַז זי האָט קראַמפּן אין בויך. ווען די ווייטיקן האָבן נישט אויפגעהערט, האָט איר פאָטער, הערשל, וואָס מען האָט אים גערופן מיטן צונאָמען סטאָק, צונויפגערופן אַ מנין יידן און געגאַנגען מיט זיי אין בית־המדרש זאָגן תהילים פאַר זיין טאָכטער. די יידן האָבן געזאָגט תהילים און מזכיר געווען די קראַנקע פעסע בת עטע. ווען די תהלים־זאָגער האָבן געהאַלטן ביי מאַכן אַ „מי־שברך", האָט זיך אַ באַנדע ווייבער אַריינגעריסן אין מקום־קדוש און געשריען:

— יידן, הערט אויף זאָגן תהלים פאַר אַ זונה. פעסע האָט געהאַט אַ ממזר . . .

די יידן זיינען געבליבן שטיין מיט אַ נישט־דערזאָגטן פּסוק אין די מיילער. הערשל איז אַרויסגעלאָפן פון בית־המדרש מיט געביילטע פויסטן, גרייט צו דערהרגענען די טאָכטער זיינע, וואָס האָט געבערענגט אויף אים אַזאַ בזיון.

זיבן טעג צייט איז דאָס שטעטל געגאַנגען אויף רעדער. אין בית־המדרש און אין מקווה, אין די יאַטקעס און אין מאַרק, אפילו אין די חדרים האָט מען גערעדט וועגן פּעסען און איר ממזר, וואָס זי האָט אָפּגעשפּאָרט אין וואַרשע.

עס איז נישט געווען דערפּאַר, וואָס אַט דער פּעסעס עלטערן זיינען דאָס געווען אַזעלכע בכבודע לייט. סד־הכל איז דער הערשל סטאָק געווען פאַררעכנט פאַר דעם ערגסטן אין שטאָט. ער איז געווען אַ ייד אַ שלעגער, וואָס טאָמער האָט מען אים אָנגערירט, האָט ער געשלאָגן מכות־רצח. מען האָט אויף אים געמורמלט, אַז ער איז נישט שטאַרק אָפּגעהיטן ביי קויפן הינער פון ציגיינער, הגם ער האָט זיך משער געווען, אַז די עופות זיינען ביי די ציגיינער אויפן מיסט נישט געוואַקסן. מען האָט פאַרשידן גערעדט אויף דער סטאָק־משפחה. אָבער דאָך איז הערשל געווען אַ ייד, וואָס האָט אָפּגעהיט שבת, נישט דורכגעלאָזט קיין דאַוונען, און כאָטש ער איז געווען אַ ביטערער אָרעמאַן, דער גרעסטער אָרעמאַן אין שטעטל האָט ער אָפּגע־שפּאָרט פון עסן און געהאַלטן זיינע יינגלעך, פּייוועשל און שלמהלע, אין חדר. ער האָט אויך געדאַוונט אויפן קול אין בית־המדרש. און אין ימים־נוראים פלעגט ער זיך שלאָגן אין האַרצן אַריין ביי די על־חטאס מיט אַזאַ כוח, אַז מען פלעגט הערן די קלעפּ איבערן גאַנצן מקום־קדוש. ער האָט אויך אַכטונג געגעבן, אַז זיינע יינגלעך, די צעלאָזענע פּייוועשל און שלמהלע, זאָלן דאַוונען און נאָכזאָגן ברוך־הוא וברוך־שמו, אמן. ווען אַ מגיד פלעגט קו־מען אין שטעטל און צעלאָזן זיך וועגן גיהנום, אין וועלכן מען ברענט און מען בראָט די זינדיקע, פלעגט הערשל אַרויסלאָזן אַזעלכע שווערע זיפצן פון זיין ברייטער מעכטיקער ברוסט, אַז עס האָט אַ שטיין גערירט. וואָרעם וואָס, וואָס דער הערשל האָט נישט געטאָן ביים אויסאַרבעטן אַ שטיקל ברויט פאַר ווייב און קינדער, אָבער אַ ייד איז ער געווען; אַ ייד, וואָס ביי זיין גאַנצער עם־הארצות, האָט ער מורא געהאַט פאַר גאָט און אָפּגעהיט אַ סך מצוות, און ער איז געווען שטאַרק צעבראָכן איבער דער זינד פון זיין טאָכ־טער. די בושה זיינע איז געווען גרויס, וואָרעם אומעטום האָבן ווייבער גערעדט און געשאָלטן און געזידלט, און די מאַנסבילן האָבן געלאַכט, און די חדר־יינגלעך האָבן געשפּאָט און געשטעלט זיך הינטער פּעסעס פענצטער קריאַת־שמע לייענען. פאַרשטייט זיך, אַז די קריאַת־שמע איז געווען אין חוזק, מיט איבערגעדרייטע ווערטער.

— אל מלך, קאַטשקע דריילעך, מיר אַ ברויט, דיר דעם טויט, מיר אַ פרישע יויך, דיר אַ מכה אין בויך...

אין געוויינלעכע צייטן וואָלט הערשל און זיינע יינגלעך געממיתט יעדן, וואָס וואָלט געוואָגט אַפּצושפּעטן פון אים און זיין הויז־געזינד; אָבער צוליב דעם אומגליק, איז ער געלעגן הכנעהדיק ביי זיך אין שטוב און אַפילו די טיר נישט געעפנט.

נאָך עטלעכע טעג פאַרשליסן זיך אין הויז, איז ער אַ געבויגענער גע־קומען צו מיין טאַטן אין שטוב. זיין שטענדיק שטאַרקע באָרד און וואָנסן, וואָס האָבן אים צוגעגעבן די גבורה פון אַ לייב, זיינען געווען צעשויבערט, אַפּגעלאָזן. זיין מעכטיקער קערפּער איז געווען געבויגן, זיין פעסט קול געבראָכן.

— רב, — האָט ער געזיפצט, — דאָס... דאָס... קינד איז אַ יינגל. מעג מען עס יידישן, צי נישט?

— אוודאי דאַרף מען עס מל זיין און מאַכן אַ ברית, — האָט דער טאַטע געפּסקנט. — איך וועל קומען אויפן ברית און מיטברענגען אַ מוהל און אַ מנין יידן.

— רבי, לאָזט מיך קושן אייער האַנט, — האָט דער ייד געזאָגט. — רבי, איך בין נישט ווערט...

— חלילה, ר' הערש, — האָט דער טאַטע געזאָגט, — אַ ייד טאָר נישט קושן די האַנט פון אַ ייד. און וויינט נישט, ר' הערש. איך וועל שוין קומען מיט אַ מוהל און אַ מנין יידן אויפן ברית...

איך בין מיטגעגאַנגען מיטן טאַטן אויף אָט דעם אויסטערלישן ברית. די קימפּעטאָרין איז געלעגן הינטער אַ ליילעך אין דער אָרעמער שטוב, וואָס האָט בלויז געהאַט אַ נאַקעטן טיש און בענק, צוויי אומגעפּאַרבטע הילצערנע בעטן און אויף די ווענט אַ סך פאָטאָגראַפיעס פון הערשעלן אין זיין זעל־נערישן אוניפאָרם, פון דער צייט ווען ער האָט געדינט פאָניען. דער מנין יידן האָט זיך געאיילט. זיי זיינען נישט געווען גאַנץ זיכער, צי זיי דאַרפן נאָכזאָגן אמן נאָך די ברכות פון טריפהנעם ברית. הערשל האָט געשטאַמלט, ווען ער האָט געדאַרפט זאָגן וואָס פאַר אַ נאָמען צו געבן דעם ממזר. ענדלעך האָט מיין טאַטע אַליין אויסגעטראַכט אַ נאָמען: אברהם — ווי מען גיט אַזעלכן אַ גר.

— ויקרא שמו בישראל אברהם בן ע, ע, ע... — האָט דער מוהל גע־זאָגט און גרייט געווען נישט אָנצורופן דעם טאַטן, ווייל ער האָט נישט גע־וואוסט ווער דער טאַטע איז געווען.

אָבער מיטאַמאָל האָט הערשל זיך אויסגעגלייכט און אָנגערופן אַ טאַטן.

— אברהם בן זאַלע, — האָט ער געזאָגט הויך, — יאָ, יאָ, בן זאַלע...

זאָלע איז געווען דער חתן פון פעסע דער קימפּעטאָרין, אַ בחור אַ שניידער, אַ קורץ־געפּאַקטער ברוין־הויטיקער אויסגעדינטער זעלנער, וואָס די באַקן זיינע, וועלכע ער פלעגט גאָלן פון ערב־שבת צו ערב־שבת, זיינען שטענדיק געווען אַזש בלוי פון שוואַרצער באַוואַקסנקייט. ער איז געווען דער זון פון בנימין שניידער, וואָס צוליב זיין שוואַרצקייט האָט מען אים גערופן מיטן צונאָמען ציגיינער. און ווי זיין כלה פעסע האָט געטענהט, האָט זי געהאַט דאָס קינד פון איר חתן. זאָלע האָט געלייקנט שטיין און ביין און גלייך אַריינגעשיקט זאָגן די מחותנים, אַז ער לאָזט אָפּ דעם שידוך מיט דער כלה, וואָס האָט אַהיימגעבראַכט אַ „פּעקל אין פאַרטעך" פון וואַרשע, וואו זי האָט געדינט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביטערע מלחמה צווישן די צוויי משפּחות, די „סטאַקס" און די „ציגיינערס".

דאָס ערשטע איז מען געקומען צו אַ דין תורה צו מיין פאָטער... אין אַ נאָך סוכות אָוונט נאָך מנחה ומעריב זיינען געקומען ביידע צעוואַקסענע משפּחות. פון איין זייט איז געזעסן הערשל סטאַק, אָנגעטאָן אין אַ קורצער קאַפּאָטע, וואָס איז נישט געווען געמאַכט אויף זיין מאָס. אָט די קאַפּאָטע האָט דער אָרעמער הערשל געקראָגן אַ מתנה פון שטעטלשן נגיד ר' יהושע. אָבער אַזוי ווי דער אָרעמאַן הערשל איז געווען פיל העכער און ברייטער ווי דער נגיד ר' יהושע, האָט די נגידישע געהאַקטע קאַפּאָטע געפּלאַצט אין די נעט אויף הערשלס צעוואַקסענע פּלייצעס, די אַרבל זיינען געווען קורץ, אַזוי אַז הערשלס האָריקע הענט זיינען אומגעלומפּערט אַרויסגעקראָכן. דאָס קאַמישסטע איז געווען מיט דעם שפּאַלט פון הינטן. געוויינלעך דאַרף זיך דער שפּאַלט אָנגעהייבן פון רוקן, אָבער ביי דעם הויכן הערשל האָט זיך דער שפּאַלט אָנגעהויבן אין מיטן פּלייצע. די צוויי ביינערדיקע קנעפּלעך איבער דעם שפּאַלט האָבן נאָך באַזונדערס אונטערגעשטראָכן, אַז די קאַפּאָטע איז אַ געשענקטע. לעבן הערשלען איז געזעסן זיין ווייב, עטע, אַ דערשלאָגענע אָרעמע יידענע, צעקנייטשט פון פיל האָבן און טראָגן און פון אייביקער נויט. צווישן טאַטע־מאַמע איז געזעסן די טאָכטער, פעסע, וואָס האָט געבראַכט חרפּות און בושות אויף איר משפּחה. זי איז געווען קערנדיק און געזונט און ווייבלעך צעוואַקסן. זי האָט געטראָגן אַ גרויס שטאָטישן פּליושענעם זשאַקעט מיט ברייטע בופן־אַרבל, באַצירט מיט גלאַנציקע פּאַטשערקעס. אירע געדיכטע האָר, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון דער שאַל, וואָס זי האָט אָנגעטאָן צוליב צניעות אין רבס הויז, האָבן געבלישטשעט מיט זייער טיפער שוואַרצקייט. זי איז געווען בלאַס נאָך דער קימפּעט, אָבער די בלאַס־קייט האָט איר צוגעגעבן נאָך מער חן. אירע קרעפּטיקע ציין האָבן גע־לויכטן מיט זייער אומגעהויערער ווייסקייט. די אָרעם־געקליידעטע מוטער,

וואָס האָט נאָך געבעכדיקער אויסגעזען לעבן דער אויסגעצירטער טאָכטער, האָט געהאַלטן אין איין גלעטן די בופן־אַרבל פון איר פּעסען, ווי אונטער־צושטרייכן איר מוטערלעך געפיל פאַר דער טאָכטער, וואָס איז, נעבעך, פאַרפירט געוואָרן פון איר חתן, זאַלע.

פון צווייטן צד איז געזעסן בנימין שניידער, אַ ייד מיט אַ פּנים ברוין ווי שאָקאָלאַד, מיט אַ קויל־שוואַרצער באָרד און פייערדיקע אויגען, וואָס האָבן געשרפה'ט אַלץ אַרום זיך. אַזוי שוואַרץ ווי דער פאָטער, איז געווען זיין זון, זאַלע און די איבעריקע דערוואַקסענע זין, וואָס זיינען מיטגעקומען צו דער דין־תורה. די בנימינכע האָט געהאַלטן אין איין צוימען די הייסע מענער אירע, דעם מאַן און די זין, וואָס האָבן געזאָטן פון צאָרן און האַס.

פון אַלע זייטן האָבן ווייבער געשטראָמט און געכאַפּט בליקן דורך די פענצטער, כדי אויפצוכאַפּן אַ וואָרט פון אַט דער אויסטערלישער דין־תורה. די ייִנגלעך פון ביידע צדדים, אי הערשלס פּיוועשל און שלמהלע, אי בנימינס „ציגיינערלעך" האָבן זיך כסדר אַריינגעריסן צו אונדז אין שטוב, כאָטש מען האָט זיי אַרויסגעטריבן, ווייל ייִנגלעך דאַרפן אין אַזעלכע זאַכן זיך נישט מישן.

מיין פאָטער האָט גענומען אויסהערן די צדדים, אָבער עס איז געווען אוממעגלעך עפּעס צו דערגיין, ווייל איין צד האָט זיך אַריינגעריסן דעם צווייטן אין די רייד, געליאַרעמט, געוואַלדעוועט, געהויבן פויסטן. צופיל שנאה און כעס איז געווען אָנגעזאַמלט צווישן די מענטשן.

— יידן, נישט אין בית־דין שטוב, — האָט מיין פאָטער זיך געבעטן.
— איך וועל יעדן לאָזן גליייך אויסטענהן זיך, אָבער זאָל איינער נישט אי־בעררייסן דעם אַנדערן. אַז מען שטייט פאַרן בית־דין איז ווי מען שטייט פאַר גאָט, זאָגט די תורה. מען דאַרף האָבן דרך־ארץ.

בנימינס ווייב האָט מיט אַלע כוחות פּרובירט צוימען איר צעקאָכטן מאַן, אָבער קיין זאַך האָט נישט געקענט אָפּהאַלטן דאָס פייער, וואָס האָט געפלאַקערט אין אָט דעם ברוין־הויטיקן, שוואַרץ־אויגיקן יידן, וואָס האָט געהאַט אַ טעמפּעראַמענט פון אַ וואולקאַן. אַזוי זיינען געווען זיינע זין, וואָס אַלע האָבן זיי געאַרבעט ביים פאָטער אין זיין טאַנדעט־שניידעריי.

מ'עט מיין זאַלען נישט אַנהענגען קיין לונג און לעבער אויף דער נאָז! — האָט בנימין געשריגן. — זי האָט אָפּגעשפּאָרט דעם ממזר אין דער דייטשישער קיך, וואו זי האָט געדינט אין וואַרשע....

אַ „דייטשישע קיך" האָט מען גערופן אַ הויז פון טריפהנע יידן, וואָס היטן נישט אָפּ כשרות.

— ניין, ס'איז דיין קינד, זאַלעשי, — האָט פעסע געשריגן, — האָסט זיך צוגעאײַלט, האָסט מיך איבערגערעדט מיט דיינע טריפה'נע ריידעלעך... איצט ווילסטו זיך אַרויסדרייען... אָבער ס'וועט דיר נישט גיין... האָסט געשריבן תנאים מיט מיר...

— כ'על נישט לאָזן פאַרשעמען מיין אויג אין קאָפּ! — האָט הערשל געשריגן פון זיין צד; — האָסט פאַרקאָכט אַ קאַשע, עס אויף! כ'פּאָדער אַ חתונה... זיי אַ טאַטע צו דיין קינד, גזלן!...

אַלע איבעריקע פון די משפּחות האָבן געשריגן איינער אויף דעם אַנ־דערן, געדראָט זיך קעגנזייטיק, געכאַפּט זיך שלאָגן. נאָך שעהן געשרייען זיינען זיי אַוועק מיט גאָרנישט. עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט אויסצוגלייכן די מחלוקה צווישן די צוויי איינגעשפּאַרטע, הייס־בלוטיקע און אָרעמע משפּחות.

ענדלעך איז פעסע אַוועק קיין וואַרשע, ווערן אַן אַם אין אַ רייך הויז. איר נישט־כשר קינד איז געבליבן ביי אירע עלטערן, וועלכע האָבן עס אַלע מאָל אויפסניי געשיקט צו זאַלען און זאַלע האָט עס צוריקגעשיקט צו זיי.

דאָס ערשטע מאָל האָט הערשל געשיקט זיין איניקל אַ מתנה זיינע מחותנים לכבוד פּורים. ווען בנימין שניידער איז געזעסן מיט זיין צע־וואַקסענער משפּחה ביים גרויסן שניידער־טיש און געפּראַוועט די פּורים־דיקע סעודה, האָט זיך געעפנט די טיר און פייוועשל און שלמהלע האָבן אַריינגעטראָגן אַ פּעקל און עס אַוועקגעלייגט.

— דער טאַטע האָט געשיקט שלח־מנות, — האָבן זיי געזאָגט גיך און אַרויסגעלאָפן באַצייטנס, איידער זאַלע וועט זיי ברעכן די ביינער.

דאָס „שלח־מנות" האָט געוויינט מיט אַ ביטער קינדעריש געוויין. בנימין האָט גלייך גענומען דאָס פּעקל און עס צוריקגעשיקט צו הערשעלן. אַזוי ווי די טיר איז געווען פאַרשלאָסן, האָט מען דעם „שלח־מנות" אַוועק־געלייגט ביי דער שוועל. נאָך פּורים איז דער שלח־מנות נאָך אַלץ גע־פּראַוועט געוואָרן, אַזוי לאַנג און ברייט, ביז דער „שלח־מנות" האָט זיך פאַרקילט און אַוועקגעשטאָרבן. הערשל האָט איינגעפּאַקט דאָס קינדערשע גופל אין אַ קוישל און צופוס עס אַוועקגעטראָגן איבער דער וויסל קיין זאַקראָטשין צום בית־עולם, ווייל לענטשין האָט קיין בית־עולם נישט געהאַט.

זינט דעם אומגליק מיטן ממזר, האָט די משפּחה סטאָק זיך אָפּגעלאָזן און אָנגעהויבן פירן זיך הפקרדיק, גאָרנישט ווי פריער. עס זעט אויס, אַז די פאַרביטערונג און די בושה האָבן די מענטשן דערפירט צו אַזאַ מדרגה, אַז זיי האָבן שוין נישט געהאַט וואָס אָנצואווערן און זיי האָבן גענומען

שפּייען אויף אַלץ. הערשל האָט זיך נישט אומגעקוקט מער אויף זיינע ייִנגלעך און נישט געהאַלטן זיי מער אין חדר. אים האָט אויך נישט גע־אַרט, וואָס מען האָט גענומען מורמלען אויף דער צווייטער טאָכטער זיינער, וואָס האָט אויך געדינט אין וואַרשע. זיין ייִנגסטע טאָכטער, שאָשע, וואָס איז געבליבן אין שטוב, האָט אויך געטאָן וואָס זי האָט געוואָלט. איך גע־דענק איינמאָל, ווען מיר ייִנגלעך האָבן זיך געבאָדן אין טייכל ביים שטעטל, איז אָנגעקומען שאָשע און אַריבערגעגאַנגען דאָס טייכל. דערביי האָט זי פאַרקאָשערט איר קלייד איבערן קאָפּ, באַווייזנדיק איר נאַקעטן קערפּער פאַר אַלע ייִנגלעך אין די אויגן. מיר האָבן געלאַכט, געשריגן; זי האָט זיך אויסגעדרייט און געהייסן זיך קושן.

— חסידאַקעס, אַ בראָך ענק אין די ביינער! — האָט זי געשאָלטן און געקוקט אויף אונדז מיט האַס.

אירע ברידער, פּייוועשל און שלמהלע, האָבן אויך געשלאָגן יעדן, ווער עס איז זיי אונטער דער האַנט געקומען, געזידלט, באַליידיקט. זיי האָבן צוגענומען האַלץ פון קאַמערן, אַוועקגעלקחנט אַ הון, אָפּגערוימט אַלץ וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט. זיי פלעגן אויך מאַכן העוויות צו כלה־מיידלעך פון לייטישע שטובן. איינמאָל האָבן זיי אַפילו אַריינגעלאָזט צו זיך אין שטוב אַ ציגיינער־משפּחה, וואָס קיינער האָט צו זיך נישט אַריינגעלאָזט. הערשל איז זעלטן געווען אין הויז. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער די דער־פער, וואו ער האָט געזוכט צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט פאַר זיך און זיין הויז־געזינד. ער פלעגט נאָר אַהיימקומען אויף שבת און יום־טוב. אינגיכן האָט מען גענומען רעדן אין שטעטל, אַז ער איז געוואָרן אַ „יאַר־עדות".

ווען איין פויער פלעגט פאַרפירן אַ פּראָצעס קעגן אַ צווייטן און גע־דאַרפט אַן עדות פאַר זיך, האָט מען געדונגען הערשלען און ער האָט פאַר אַ קערבל עדות געזאָגט, ווי דער צד האָט געוואָלט.

דער ריכטער פון שטעטל, דער פּריץ כריסטאָווסקי, פלעגט מאַכן שפּאַס איבער הערשלס אָפּטן עדות זאָגן.

— הערשקאָ קען שוין אַזוי גוט די שבועה אויף אויסנווייניק, אַז איך דאַרף זי נישט זאָגן מיט אים מער, — פלעגט דער פּריץ זאָגן פאַר זיינע באַקאַנטע יידן.

פונדעסטוועגן האָט ער געדולדעט זיין עדות־זאָגן. אַ וויצלער, אַן אויסברעכער און אַן אַפּיקורס, האָט ער פון אַלץ געמאַכט שפּאַס.

— יעדער נעמט געלט, אַ חוץ דער יויזל, ווייל ער האָט צוגעשלאָגענע הענט, — פלעגט ער זאָגן פאַר די יידן, צוואווינקענדיק מיט די אויגן.

צוליב זיין אַפּיקורסות האָבן יידן אָט דעם פּריץ אינגאַנצן פאַר קיין גוי נישט באַטראַכט און אַפּילו געזאָגט אויף אים, אַז ער עסט נישט קיין חזיר...

גאַנץ אַנדערש ווי דער ריכטער, האָט זיך מיין פאָטער באַצויגן צו הערשלס עדות. ער האָט געשיקט נאָך דעם ייד און אים גענומען אויף אַ פאַרהער. הערשל האָט נישט געלייקנט.

— רבי, ס׳איז גאָרנישט, — האָט ער זיך פאַרענטפערט. — כ׳טו עס דאָך פאַר ס׳גאַיעם (גוים).

דער טאַטע האָט נישט אָנגענומען דעם תירוץ.

— פאַר יידן, צי פאַר גוים, אַ ייד טאָר נישט שווערן פאַלש. דאָס איז איינע פון די צען געבאָטן. די גאַנצע וועלט האָט געציטערט, ווען גאָט האָט געזאָגט אויפן באַרג סיני: זאָלסט נישט שווערן פאַלש.

הערשל האָט אַוועקגעמאַכט מיט די הענט.

— רבי, איך זאָג אַפּילו נישט די שבועה ריכטיק, — האָט ער גע־טענהט, — אַז דער „סענדזשע״ (ריכטער) זאָגט בודיע, זאָג איך הוידע...

ווען דער טאַטע האָט אים גענומען סטראַשען מיט גיהנום, האָט הערשל שווערע זיפצן אַרויסגעלאָזט פון זיין מעכטיקער ברוסט.

— רבי, כ׳על שוין נישט, — האָט ער צוגעזאָגט. — כ׳האָב עס געטאָן פאַר ווייב און קינדער...

אָבער אינגיכן האָט מען ווידער גענומען רעדן אין שטעטל וועגן הערשלס יאַר־עדות.

וואָס מער מען האָט הערשלען באַרעדט, אַלץ פאַרביטערטער איז ער געוואָרן אויף אַלעמען. זיין פאַרביטערונג איז געווען אַ באַרעכטיקטע. ער האָט געוואָלט האַקן האָלץ, צו פאַרדינען זיין ברויט, טוען אַנדערע שווערע אַרבעטן; אָבער יידן האָבן געדונגען פאַר אַזאַ אַרבעט דעם שוואָב שמידט, נישט הערשלען. דער תירוץ איז געווען, אַז דאָס איז אַן אַרבעט פאַר אַ גוי, נישט פאַר אַ ייד. איך געדענק איינמאָל, ווי הערשל איז אַוועק פריי־טיק פאַרטאָג צו דער ווייסל און געכאַפּט פיש. ער איז צוריקגעקומען אין שטעטל מיט נאַסע פאַרקאַשערטע הויזן ביז די קני, באָרוועס און אין בלויזן העמד און הויזן, ווי אַ פויער. אין זיין האַנט האָט ער געהאַלטן עטלעכע ריטלעך מיט זילבערנע צאַפּלדיקע העכט.

— רביצין, קויפט לעבעדיקע העכטלעך, — האָט ער פאַרגעלייגט.

די מאַמע האָט ביי אים געקויפט. ער האָט זיך געקלאָגט, אַז ער גייט אַרום איבער די שטובן, נאָר קיינער וויל ביי אים נישט קויפן.

— ביי אַ גוי קויפט מען, ביי מיר נישט, — האָט ער געזאָגט מיט ביטערניש.

זיין ווייב, עטע, האָט געוואָלט גיין וואַשן וועש, אָבער אויך זי האָט מען נישט גענומען, נאָר גויעס, ווייל מען האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז נישט קיין אַרבעט פאַר קיין יידענע.

די משפחה האָט געמוזט זוכן דאָס שטיקל ברויט אויף אַנדערע וועגן, האָט מען זי דערפאַר באַרעדט, אויסגעמידן, און זייער פאַרביטערונג איז געוואַקסן. זייערע רייסענישן מיט בנימין שניידער האָבן זיך גאָרנישט איינגעשטילט. אַזוי האָבן זיי אויך זיך אַרומגעריסן מיט אַנדערע משפחות, מיט מרדכי שניידער, מיט יוסף שניידער. מען האָט זיך געקריגט איבער אַ טאָפּ, איבער אַן עמער וואַסער, איבער אַ שפּאַן האָלץ, איבער לשון־הרע און רכילות. איבערהויפּט פלעגן אויסברעכן די קריגערייען אין יום־טוב טעג, ווען מען האָט געהאַט צייט. איינמאָל אין אַ שמחת־תורה איז אויסגעבראָכן אַזאַ געשלעג צווישן אָט די משפחות, אַז מען האָט נישט בלויז גענוצט די הענט, נאָר אויך שטיינער און אַפילו מעסערס. די ווייבער און די קינדער האָבן זיך געשלאָגן צווישן זיך, געממיתט זיך. דער טאַטע מיינער איז געזעסן בלאָס און פאַרשעמט, הערנדיק די מעשים פון זיין עדה. דערנאָך פלעגן אַוועקגיין קלאַגעס אין געריכט און עדות־זאָגענישן און באַשולדיקונגען אין פאַלש שווערן, און אַזוי אָן אַ סוף.

אַ חוץ הערשלען, זיינען אויך געווען נאָך עטלעכע יידן, וואָס האָבן דער עדה קיין כבוד נישט געבראַכט. איבערהויפּט איז געווען צרות מיטן בלינדן מאיר, אַ פערד־גנב, וואָס פלעגט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק אַרויספירן ביי אַן אַנדער באַלעבאָס אַ פערד פון שטאַל אַרויס. אָט דער מאיר, אַ הויכער יונג מיט איין אויג, ווייל דאָס צווייטע האָט ער פאַרלוירן אין אַ געשלעג מיט פּוערים, האָט, נעבעך, געהאַט זייער אַ ביטערן סוף: ווען די שוואָבן האָבן אים איינמאָל געפּאַקט גנבענען אַ פערד, האָבן זיי אַליין איבער אים אַ משפט געמאַכט און אים אַריינגעוואָרפן אַ לעבעדיקן אין אַ קעסל הייס וואַסער, אין וועלכן זיי האָבן אָפּגעבריט געקוילעטע חזירים. די פּאָליציי האָט געמאַכט אַן אויספאָרשונג, אָבער דאָס דאָרף האָט קיינעם נישט אַרויסגעגעבן. אויף דער לויה פון דעם בלינדן מאיר איז נאָכגעגאַנגען זיין שוועסטער, מרדכי שניידערס ווייב, און אים באַוויינט מיט די זעלבע קלאָג־רייד, וואָס פרומע ווייבער באַוויינען זייערע פרומע מאַנען.

— אוי, ר'איז דאָך געווען אַזאַ טייערער צדיק — האָט די יידענע געקלאָגט.

ביים גאַנצן אומגליק, האָבן מענטשן זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון ;עלעכטער איבער אָט די שבחים אויף דעם בלינדן מאיר.

דער בלינדער מאיר איז נישט געווען איינער אין דער משפחה. זיין שוועסטערס ייגגל, בערל, איז געגאַנגען אין פעטערס וועגן. אָט דער בערל, מיט וועמען איך האָב געלערנט אין איין חדר, איז געווען אַ יונג אַ מזיק פון קינדוויז אָן, אַ כעסן און אַ שלעגער, פאַר וועמען אַלע ייגגלעך האָבן געציטערט. ער האָט תמיד געטראָגן אין קעשענע אַ קנייפערל, אַ מעסערל אַזאַ, וואָס ער האָט געהאַט אַ טבע צו שאַרפן אויף יעדן שטיין, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן. איינמאָל אין אַ יום־טוב האָט ער צוליב כיבוד־אב אַרויסגענו־מען דאָס קנייפערל און אין בית־המדרש געשטאָכן דעם לוי אַברהם קאַצאַפּ.

די מעשה איז געווען, וואָס אין אונדזער שטעטל זיינען די שלעגערס געווען אַלע כוהנים. הערשל איז געווען אַ כהן, און מרדכי שניידער איז געווען אַ כהן, און אַפילו דער בלינדער מאיר איז געווען אַ כהן. יידן אין בית־המדרש פלעגן זיפצן יעדעס מאָל, ווען אָט די כוהנים האָבן אויסגעטאָן די שטיוול, געוואַשן זיך די הענט און געבענטשט קהל.

— די אמתע בענטשער... — האָט מען געזאָגט.

יידן לצים פלעגן נאָכן דוכנען באַגעגענען די בענטשער און אַנשטאָט זאָגן זיי „יישר כוח, כהן", ווי עס פּירט זיך, האָבן זיי געזאָגט גיך „שטאָך, כהן". ווען די כוהנים האָבן דאָס אויסגעפונען, פלעגן זיי אָפּדינען מיט דעם זעלבן און אַנשטאָט זאָגן „ברוך תהיה", האָבן זיי געענטפערט „אַ בראָך דיר"...

באַליידיקטער פון אַלע אַנדערע יידן איבער די שיינע כהנים זיינען געווען די לויים, מערסטנס בכבודע יידן, לומדים, וואָס האָבן געדאַרפט וואַשן די כוהנים די הענט. עס איז זיי דער עסק נישט אָנגעשטאַנען. דער־פאַר האָבן זיי מיט הנאה געוואַשן די הענט ביי מיין טאַטן, וואָס איז אויך געווען אַ כהן. איך פלעג זיך אַלע מאָל שעמען, ווען מיין טאַטע פלעגט זיך אָוועקשטעלן צוזאַמען מיט אָט די איבעריקע כוהנים בענטשן קהל.

איינמאָל אין אַ יום־טוב, האָט דער לוי אברהם, וואָס מען האָט אים גערופן מיטן צונאָמען „קאַצאַפּ", ווייל ער האָט געדינט פאָניען, אָפּגע־זאָגט זיך צו וואַשן די הענט דעם כהן מרדכי שניידער, דעם בלינרן מאירס שוואָגער, ווייל, ווי ער האָט געטענהט, האָט דער מרדכי שניידער פאַלש עדות געזאָגט אין געריכט קעגן אים, אברהם קאַצאַפּ.

— אַ פאַלשער עדות טאָר נישט דוכנען און איך וועל אים די הענט נישט וואַשן, — האָט געטענהט אברהם קאַצאַפּ, אַ פּראָסטער אָבער אַן ער־לעכער ייד.

מרדכיס יינגל, בערל, האָט זיך אַזוי איבערגענומען מיט דער בושה, וואָס מען האָט אָנגעטאָן זיין פאָטער פאַר אַן עולם, אַז ער איז ווי אַ טיגער אַרויפגעשפּרונגען אויף דעם הויכן געזונטן אברהם קאַצאָפּ און אים אַריינגעשטאָכן מיטן קנייפּערל אין נאַקן, מקיים זייענדיק די מצווה פון כיבוד־אָב...

אָבער אָט די עטלעכע משפּחות זיינען געווען אַן אויסנאַם אין שטעטל. די איבעריקע יידן, הגם געבוירן און דערצויגן אין דערפער צווישן פּויערים, זיינען מערסטנס געווען שטילע פרומע לייט, וואָס האָבן קיין פליג אויף דער וואַנט נישט אָנגערירט. זיי האָבן אויך געלעכצט נאָך אַ וואָרט תורה. טייל פון זיי האָבן געזוכט זייערע יינגלעך צו מאַכן פאַר לומדים, אַנדערע האָבן זיך אויסגעבערענגט און גענומען איידעמס לערנער פאַר זייערע טעכטער.

דער דאָרפס־גייער לייזער פלעגט אַ גאַנצע וואָך וואַלגערן זיך איבער די דערפער, אָבער ווען ער פלעגט אַהיימקומען אויף שבת, האָט ער גע־לערנט תורה אַ גאַנצן טאָג. דער ייד האָט זיך אַליין אויסגעלערנט לערנען „חוק", וואָס באַשטייט פון שטיקלעך פון תנ"ך, משניות און גמרא. און ער פלעגט אַ גאַנצן שבת זיצן און אָניאָגן דעם „חוק" פאַר אַ גאַנצער וואָך, הגם ער איז געווען מיד און צעבראָכן פון אַ גאַנצער וואָך שלעפּן זיך מיט אַ זאַק איבער די דערפער.

דער שניידער יהונתן, אַ געשטופּלטער ייד, האָט זיך אַזוי לאַנג געדרייט אַרום יידן לומדים, באַדינט זיי און צוגעהערט זיך צו זייער תורה, אַז ער האָט מיט דער צייט זיך אויסגעלערנט ניט נאָר חומש און רש"י, נאָר אַפילו אַ פּרק משניות. אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ גוטע שטימע, האָט ער אויך גענומען דאַווענען פאַרן עמוד און דאַווענען אַן גרייזן, ווייל ער האָט פאַר־שטאַנען דעם פּירוש המילות. מיט דער צייט האָט ער זיך אויך אָנגעטאָן שבת אַן אַטלעסענע קאַפּאָטע און גענומען פאָרן צו אַ חסידישן רבין. די שניידערס האָבן פון אים געלאַכט, וואָס ער איז געוואָרן אַ שיינער ייד און אַ חסיד; אָבער יהונתן האָט זיך פון זייער געלעכטער נישט געמאַכט. ער האָט אויך פאַר זיין טאָכטער, שרהלע, אַ שניידעריך, גענומען אַן איידעם אַ לערנער, ווען ער האָט אויסגעהאַלטן מיט קעסט.

דער פּראָסטער יונגערמאַן, הערש לייב, אַ קרעפּטיקער יונג, וואָס האָט ממש גבורות באַוויזן, האָט אויך געקראָגן חשק צו דער תורה. ער פלעגט צוגיין צו אַ יידן און בעטן, מען זאָל מיט אים לערנען אַ פּרשה חומש. אַפילו יינגלעך פלעגט ער בעטן צו לערנען מיט אים. אין די פרייע שעהן פלעגט ער זיך אַריינטאָן אין דער תורה, ביז ער האָט זיך מיט דער צייט

אויסגעלערנט אַפּילו אַליין לערנען אַ בלאַט גמרא. זיין ברודער, יהושע, אַ שניידער, אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, וואָס האָט תמיד דערציילט נסים ונפלאות פון זיין דינסט ביי פּאָניען, ערגעץ טיף אין „ראַסיי", פלעגט לאַכן פון זיין ברודער הירש לייב, וואָס איז געוואָרן אַ למדן אויף דער עלטער. אָבער הירש לייב האָט אים געשוויגן און געהאַלטן זיך שטאַל און אייזן ביי זיין לערנען. מיר, ייִנגלעך, פלעגן בעטן הירש לייבן, ער זאָל באַווייזן זיינע גבורות. אָבער ער האָט נישט געוואָלט, ווייל ער האָט געוואָלט פאַר־געסן אין זיין אַמאָליק פּראָסט לעבן, אין וועלכן גבורה האָט זיך גערעכנט פאַר אַ מעלה. ער האָט בעסער געוואָלט זיין אַ חלוש, ווי אַלע איבעריקע לערנערס, די קעסט־איידעמלעך. בלויז איין מאָל אין פּורים האָט ער, נאָך אַ כוסה, פאַרגעסן אין זיין לומדות און אַרויסגעוויזן גבורות. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין דער טיר פון אַ הויז, וואו חסידים האָבן געהוליעט, און קיינעם נישט געלאָזט אַרויסגיין. עטלעכע מנינים לומדים האָבן אים נישט געקענט רירן פון אָרט.

אויך משה מענדל קצב האָט זיך אויסגעלערנט אַ ביסל תורה און געהאַלטן זיך צווישן די לומדים און חסידים, הגם דער קצב פלעגט פון אים אָפּט אַרויסשפּרינגען.

דער ייִד האָט אַזוי געוואָלט מאַכן זיינע ייִנגלעך פאַר לומדים, אַז ער פלעגט זיי שלאָגן מכת רצח פאַר נישט וועלן לערנען. ער פלעגט זיי ממש טרעטן מיט די פיס.

די איבעריקע פּראָסטע מענטשן, וואָס האָבן אַזעלכע השגות נישט געהאַט, האָבן געזאָגט תהילים בציבור, געקומען הערן אַ מגיד, צוגעלייגט אַן אויער צו מיין פאָטערס דרשות, יעדן שבת תשובה און שבת הגדול.

# טיפּן און פיגורן אין אונדזער שטעטעלע מיט 40 יאָר צוריק

איינע פון די פּאַרביקסטע פיגורן אין אונדזער שטעטל איז געווען ר׳ ברוך וואָלף, וואָס מען האָט אים גערופן דער קאָצקער, ווייל אין זיין יוגנט פלעגט ער פאָרן צום אַלטן קאָצקער רבין, ר׳ מענדעלע.

אָט דער ר׳ ברוך וואָלף, אַ הויכער אַלטער ייד, אַ קנאָביקער, אַדערדי־קער און ברייטבייניקער, האָט זיך געהאַלטן זייער גרויס צוליב דעם וואָס ער איז יונגערמאַנוויז געפאָרן צום קאָצקער רבין און ער האָט נישט אויפ־געהערט צו דערציילן נסים ונפלאות פון זיינע קאָצקער נסיעות. ער האָט ליב געהאַט אַ סך מעשיות צו דערציילן און אַלע האָבן זיי געהאַט אַ שייכות מיט קאָצק. אַפילו דאָס וואָס זיין פּנים איז געווען אויסגעקרימט אַזוי, אַז איין האלב פּנים איז געגאנגען אַרויף און דאָס צווייטע אַראָפּ, האָט אויך געהאַט צו טאָן מיט קאָצק.

— דאָס האָב איך אָפּגעשפּאָרט יונגערמאַנוויז, ווען איך בין געפאָרן אין אַ גרויסן פראָסט קיין קאָצק און איך האָב געכאַפּט אַ פאַרקילונג, — האָט ר׳ ברוך וואָלף געזאָגט. — דער פראָסט איז דעמאָלט געווען אַזוי גרויס, אַז אפילו דאָס פּעסעלע אקעוויט (שנאַפּס) ,וואָס איך האָב געפירט מיט זיך אויפן וועג, איז פאַרפרוירן געוואָרן אַזוי, אַז יעדעס מאָל, וואָס איך האָב געוואָלט נעמען אַ טרונק בראָנפן, האָב איך געמוזט אָפּהאַקן אַ שטיקל אייז און נאָגן . . .

די חסידישע יונגעלייטלעך אין בית־המדרש, פאַר ווענמען ר׳ ברוך וואָלף פלעגט דערציילן זיינע נסים, פלעגן אים אָפּשטעלן.

— ר׳ ברוך וואָלף, ווי אַזוי קען דאָס געמאָלט זיין ? עס איז דאָך ידוע, אַז שפּירט ווערט נישט פאַרפרוירן, אַפילו גישט אין גרעסטן פראָסט.

— אָקסן־קעפּ ! וואָס גלייכט איר אייערע היינטיקע פרעסט צו די ברענענדיקע פרעסט פון פאַרצייטנס, — האָט ר׳ ברוך וואָלף זיך געבייזערט. — היינטיקע פרעסט זיינען קיין שמעק טאַבאַק נישט ווערט . . .

אַלץ וואָס האָט נישט געשטאַמט פון אַמאָליקע יאָרן איז ביי ר׳ ברוך וואָלפן קיין שמעק־טאַבאַק נישט ווערט געווען. דער היינטיקער בראָנפן איז קיין בראָנפן נישט געווען, די צדיקים קיין צדיקים נישט, די געבראָ־טענע געענדזלעך קיין געגנדז נישט, די קאַרפּן קיין פיש נישט, די חסידישע ניגונים האָבן קיין טעם נישט געהאַט, די גיבורים זיינען קיין גיבורים נישט

געוועןֹ. אָט אַ שטייגער, נעמט אים, ר׳ ברוך וואָלפֿן, ווען ער איז געווען אַ יונגערמאַן און אַמאָל געפֿאָרן קיין קאָצק, זיינען אים צוועלף גזלנים באַ־פֿאַלן אין וואַלד און האָבן אים געוואָלט באַרויבן און דערהרגענען. וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט געכאַפּט איין גזלן ביי די פיס און מיט אים געגומען אַזוי ממיתן אַלע איבעריקע עלף גזלנים איבער די קעפּ, אַז זיי זיינען זיך צעלאָפֿן ווי די מייז און ער, ברוך וואָלף, איז זיך במנוחה געפֿאָרן ווייטער קיין קאָצק...

די יונגעלייט אין בית־המדרש האָבן פּרובירט צווייפֿלען אין ר׳ ברוך וואָלפֿס מעשה.

— ר׳ ברוך וואָלף, אפשר וועט איר אָפּלאָזן עפּעס פֿון די צוועלף גזלנים? לאָמיר זאָגן, אַז עס זיינען בלויז געווען זעקס גזלנים...

— חמורים, בהמות, אָקסן־קעפּ! אַז איך זאָג אייך צוועלף גזלנים, זיינען דאָס געווען צוועלף גזלנים, — האָט ר׳ ברוך וואָלף זיך געבייזערט. — איר ווייסט דען וואָסערע גיבורים מענטשן זיינען געווען אין מיינע צייטן!...

איך האָב שטאַרק ליב געהאַט אויסצוהערן דעם יידס פֿאַנטאַסטישע מעשיות — מעשיות פֿון סטאַדעס וועלף, וואָס פֿלעגן אים באַפֿאַלן אויף זיינע נסיעות קיין קאָצק, און ער פֿלעגט זיי בייקומען מיט די בלויזע הענט; מעשיות ווי ער פֿלעגט אין קרעטשמעס פֿאַרמעסטן זיך מיט קאָצקער חסידים אין טרינקען אקעוויט און ער פֿלעגט מיט איין זופּ אויסטרינקען אַ טאָפּ בראָנפֿן פֿון הונדערט גראַד שטאַרק. ער איז אויך געווען אַזאַ נגיד אין זיינע יונגע יאָרן, אַז איינמאָל, ווען ער האָט געמאַכט אַ סעודה פֿאַר קאָצקער חסידים, האָט ער צו די ציבעלעס נישט גענוצט קיין שמאַלץ, נאָר טייערן בוימל, וואָס אַ קליין פֿלעשעלע דערפֿון האָט געקאָסט אַ רענדל און דער עולם אויף דער סעודה איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אויסגענוצט לכל הפּחות אַ מאה אַזעלכע פֿלעשלעך בוימל... וויפֿל די יונגעלייטלעך האָבן נישט געאַרבעט מעשים אָפּצודינגען כאָטש עפּעס פֿון פּרייז פֿון די בוימל־פֿלעשלעך, האָט מען נישט געקענט פּועלן ביים אַלטן, אַזוי האָט ער אויך נישט געלאָזט צווייפֿלען אין דעם כוח פֿון זיין קול נגינה, וואָס ער האָט יונגערמאַנווייז געהאַט. ער האָט געהאַט אַזאַ שטאַרק קול, אַז איינמאָל ווען ער האָט געדאַוונט מוסף פֿאַרן עמוד אום יום־כיפּור אין נייעשטעטל, האָט ער ביים „ותגער בשטן" אַזאַ געשריי געטאָן, אַז ביים פֿריץ, וואָס האָט געוואוינט אַ מייל ווייט פֿון שטעטל, האָט געפּלאַצט דאָס הייטל אין אויער... די יונגעלייטלעך האָבן געוואָלט אָפּרייסן אַ האַלבן מייל פֿון שטח, אָבער ר׳ ברוך וואָלף האָט קיין שפּאַן נישט אָפּגעלאָזט.

— אויסגעריסן זאָלט איר ווערן, שנעקעס! — האָט ער זיך געקאָכט.
— אַז איך זאָג איך אַ מייל, איז עס געווען אַ מייל...

צוליב זיינע מעשיות האָט דער אַלטער פאַרנאַכלעסיקט זיין קראָם און ער איז געווען אַ ביטערער אָרעמאַן. זיין אַלטע פלעגט אָפט קומען און אים רופן פון בית־המדרש אַרויס.

— רע ברוך (שלעכטער ברוך), — פלעגט זי אים רופן, — וויפל איז דער שיעור צו פּלוידערן? קום אַהיים שטיין אין געוועלב. איך דאַרף עפּעס אָפּקאָכן...

אָבער ר׳ ברוך וואָלף האָט זי נישט געהערט. ער האָט געהאַלטן אין דערציילן איין וואונדערלעכע מעשה נאָך דער צווייטער. ווי ער האָט נישט געהאַלטן פון פּרנסה, האָט ער אויך נישט געהאַלטן פון דאַוונען און לערנען. „אַ טרונק בראָנפן און אַ טענצל איז ביי קאָצקער חסידים מער ווערט ווי אַ פולער זאַק מיט דאַוונען און לערנען", פלעגט ר׳ ברוך וואָלף זאָגן. ער פלעגט אויך דערציילן, אַז דער קאָצקער אַליין פלעגט לאַכן פון זיינע פרומע חסידים, וואָס האָבן צופיל געדאַוונט. און איינמאָל האָט ער געזאָגט צו אַ חסיד, וואָס האָט געטראָגן טלית און תפילין, ער זאָל אויסטאָן דאָס לע־דערנע געשפּאַן... מיין טאַטע איז געוואָרן אַן אויפגעציטערטער הערנדיק אַזעלכע רייד. אָבער ר׳ ברוך וואָלף האָט זיך געשוואוירן ביי באָרד און פּיאות, אַז ער האָט אַליין די ווערטער געהערט אין קאָצק. איינמאָל האָט ר׳ ברוך וואָלף געמאַכט חוזק פון ווילנער גאון און געזאָגט, אַז זיצן אין גן־עדן, זיצט ער יאָ, דער ווילנער גאון, אָבער דערפאַר וואָס ער האָט גע־רודפט גוטע־יידן, זיצט ער דאָרט אָפּגעזונדערט פון אַלע איבעריקע צדיקים און דערצו איז זיין באָרד פאַררױצט (אומריין)...

מיין פאָטער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף קריעה רייסן צוליב אַזעלכע רייד וועגן ווילנער גאון.

ר׳ ברוך וואָלף האָט זיך אויסגעלאַכט.

— גאון, גאָנער, — האָט ער געזאָגט, — איין טרונק בראָנפן אין קאָצק האָט געהאַט מער ווערט ווי דעם גאונס גאַנצע לומדות אין ווילנע...

גראָד יום־כיפּור ביינאַכט צו כל־נדרי האָט זיך ר׳ ברוך וואָלפן פאַר־גלוסט אָוועקצוזעצן זיך לערנען גמרא. יידן זיינען געווען אויסער זיך.

— ר׳ ברוך וואָלף, נו, אַ, כל־נדרי...

ר׳ ברוך וואָלף האָט זיך נישט געלאָזן שטערן.

— כל־נדרי... כל־נדרי... — האָט ער נאָכגעברומט און געלערנט אויפן קול אַלעמען צו להכעיס: — שור שנגח את הפרה...

מען האָט אים גאָרנישט געקענט טאָן, ווייל ערשטנס, איז ער געווען אַ ייד אַ זקן, און צווייטנס, איז ער געפאָרן אַמאָל צו ר׳ מענדעלע קאָצקער אַליין . .

דער ייד האָט ממש געלעבט פון זיינע מעשיות, פון זיינע עקשנותן, צו טאָן אַלץ משה קאַפויר און הויפּטזעכלעך פון זיין ליגן אין באָד אויף דער העכסטער באַנק, וואו קיינער האָט נישט געקענט ליגן איבער דער גרויסער היץ. ווייל עמער דער בעדער האָט ניט געגאָסן הייס וואַסער אין באָד, האָט ר׳ ברוך וואָלף געשריגן, מען זאָל אים דערלאַנגען מער פּאַרע. זיין קנאָכיקער אַלטער גוף איז געוואָרן רויט, ווי אָפּגעקאָכט. עס איז גאָר קיין שיעור נישט געווען צו דער היץ וואָס דער אַלטער האָט געקענט פאַרטראָגן. ליגנדיק איינער אַליין אין דער הויך, האָט ער געפּראַוועט זיינע שטיק.

— יידן, גזלנים, איך ווער געפּרוירן... — האָט ער געוואָלדעוועט. יונגעלייטלעך האָבן אים באַוואונדערט.

— ר׳ ברוך וואָלף, ווי אַזוי קענט איר ליגן אין אַזאַ גיהנום ?

— בהמות ! — ווען איך בין געווען אַ יונגערמאַן, האָב איך זיך אַמאָל געבאָדן אין קאָכעדיקן קעסל אין מקווה, — האָט ר׳ ברוך וואָלף אַראָפּגע־שריגן פון דער העכסטער באַנק.

דאָס איז שוין געווען צופיל און אַלע נאַקעטע יידן האָבן זיך פאַנאַנ־דערגעלאַכט.

— ר׳ ברוך וואָלף, לאָזט אָפּ אַביסל, — האָט מען זיך געבעטן ביי אים, — זייט זיך מודה, אַז דער קעסל האָט נישט געקאָכט...

— אָקסן־קעפּ ! ער האָט נישט געקאָכט, נאָר געצוואַלעוועט... — האָט ר׳ ברוך וואָלף געטענהט.

„צוואַלעווען" מיינט ווען וואַסער צעקאָכט זיך ביז צו דער העכסטער מדרגה...

אַזאַ ייד איז געווען ר׳ ברוך וואָלף. איך האָב אים ליב געהאַט און אַנגעקוואָלן פון זיינע טשיקאַווע מעשיות וואָס ער האָט זייער פאַרביק דער־ציילט. ווען זיין אַלטע איז געשטאָרבן, האָט ר׳ ברוך וואָלף, אַן אַכציקער שוין אוודאי, חתונה געהאַט נאָכאַמאָל מיט אַ יידענע וואָס איז געווען אַ העלפט פון זיינע יאָרן. זי האָט אים אויך מיטגעבראַכט אַ שטיף־טאָכטער, וואָס מען האָט איר גלייך אין שטעטל געגעבן אַ צונאָמען — דער „דאַדאָטעק", וואָס מיינט אין פּויליש אַ צולאַג... דעם אַלטנס חתונה איז נישט געווען קיין מזלדיקע. ער איז, נעבעך, גיך אַראָפּ, אויפגעהערט צו דערציילן זיינע מעשיות און אַוועק צו זיין ערשט ווייב אויף יענער וועלט...

אַ טשיקאַווער טיפּ איז אויך געווען חנה רחל, וואָס האָט ליב געהאַט קאַליע צו מאַכן ווייבער די מערכה ביי זייערע מאַנען און ברענגען צו מחלוקה צווישן מאַן און ווייב.

אַט די חנה רחל, אַ ווייבל אַ ברען, אַ רעדערקע, אַ לשון־הרע־ניצע, אַ וויצלערין איז געווען אַ גרויסער בריה אין קאָכן און אין באַקן. אירע קיכע־לעך און שטרודלען, איר געבראָטנס, אירע געפילטע פיש און קוגלען זיי־נען געווען אַ שם־דבר אין שטעטל. אָבער די ייִדענע האָט זיך נישט באַ־נוגנט דערמיט וואָס זי האָט געמאַכט די אַלע מעדנים פאַר זיך און איר הויזגעזינד. זי האָט ליב געהאַט צו שיקן מתנות פון אירע גוטע מאכלים צו שכנים. זי האָט געהאַט צוויי טעכטערלעך, וועלכע זי פלעגט אָפט אַרומ־שיקן מיט טעלערלעך עסן צו אירע שכנטעס, דער עיקר אום שבת. איינע פון אירע טעכטערלעך פלעגט אויך זיין אַן אָפטער גאַסט ביי אונדז אין שטוב אין די שבתים.

רביצין, די מאַמעשי האָט געשיקט קוגל, — פלעגט דאָס מיידעלע זאָגן גיך, — די מאַמעשי האָט געשיקט פיש...

ביי אונדז אין שטוב איז צוליב די געשמאַקע מאכלים נישט געקומען צו קיין אויסרייד. מיין פאָטער האָט זיי אוודאי ליבער געהאַט ווי די מאכלים פון מיין מוטער, וועלכע איז קיין בריה נישט געווען אין קאָכן, אָבער ער האָט וועגן דעם נישט גערעדט. אַנדערש איז עס געווען אין אַנדערע שטובן, וואו די ווייבער זיינען קיין בריהס נישט געווען. חנה רחל פלעגט שיקן אירע מטעמים דורכאויס צו אָט אַזעלכע ווייבער. און עס פלעגט אָפט טרעפן, אַז אַ מאַן פון אַזאַ נישט־בריהשדיקער ייִדענע פלעגט אָנהייבן אַ טענה אין שטוב נאָכן פאַרזוכן חנה רחלס קוגל, אַלמאַי ביי אַנדערע ווײַ־בער איז אַ קוגל אַ קוגל און ביי זיין שלימעזאַלניצע האָט אַ קוגל קיין ייִדישן טעם נישט. אין איין משפחה האָבן חנה רחלס קוגלען אָנגעאַרבעט אַזאַ מחלוקה, אַז עס האָט שיער נישט געהאַלטן ביי אַ גט. מייַן טאַטע האָט דעריבער געשיקט רופן חנה רחלען און איר געאסרט צו שיקן מתנות צו אירע שכנים. איך אַליין בין נישט איבעריק צופרידן געווען פון אָט דעם איסור. איך האָב געבענקט נאָך חנה רחלס געשמאַקע פיש און קוגלען...

אינטערעסאַנטע טיפּן זיינען אויך געווען די צוויי מענדלס, וואָס איי־נעם פון זיי האָט מען גערופן דער גרויסער מענדל און דעם צווייטן דער קליינער מענדעלע.

אָט די צוויי ייִדן זיינען געווען די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים אין שטעטל, אָבער זיי צווישן זיך האָבן קיינמאָל נישט געלעבט בשלום. דער גרויסער מענדל איז געווען אַ שרייבער אין וועלדער. ער איז געווען אַ

הויכער ברייטביייניקער ייד, אַ תלמיד־חכם און אַ פייערדיקער געררער חסיד. אָבער דערביי איז ער געווען אַ ייד אַ גיבור, אַזוי אַז ווען ער פלעגט פּאַקן אין וואַלד אַ פויער גנבענען האָלץ, פלעגט ער אים אָננעמען ביים קאַרק און אים אַוועקפירן צו זיך אין דער „קאַנצעלאַריע״, וואו ער האָט אים גע־האַלטן אַרעסטירט, ביז דעם פויערס משפחה האָט אים אויסגעלייזט מיט אַ רובל פאַר זיין גנבה. לעבן זיין הויז פלעגן תמיד שטיין פויערן און זעגן קלעצער, פון וועלכע זיי האָבן געשניטן ברעטער. איין גוי פלעגט שטיין אויפן קלאָץ, איינער פון אונטן און זעגן פון פאַרטאָג ביז אָוונט. אַנדערע פויערן פלעגן פירן פאַר אים קלעצער פון וואַלד צו דער ווייסל, וואו מען האָט זיי צונויפגעקלאַפּט אין פליטן און געטריבן קיין דאַנציג. יעדן שבת־צו־נאַכטס פלעגן זיך אָנזאַמלען צענדליקער פויערן ביי מענדלען אין שטוב, אויסזעצן זיך אויף דער פּאָדלאָגע, רויכערן, שפייען און רעדן און וואַרטן אויף דעם לוין פאַר אַ וואָך אַרבעט. מיט די זעגן און העק האָבן זיי אויסגעזען ווי אַ באַנדע גזלנים. אָבער מענדל האָט זיך אַרומגעדרייט אין זיין אַטלעסענער קאַפּאָטע צווישן די פויערן, גערעכנט און אויסגעצאָלט, און טאָמער האָט איינער פּרובירט אָנהייבן אַ געשלעג מיט אַ צווייטן, האָט ער, מענדל, דעם שלעגער אָנגענומען ביים קאַרק און אים אַרויסגעוואָרפן פאַר דער טיר. די גויים האָבן געהאַלטן אַ וועלט פון זייער מענדל, געשעצט אים און מורא געהאַט פאַר אים. נאָך מער האָבן מורא געהאַט פאַר אים זיין ווייב און קינדער. זיין וואָרט איז געווען אַ געזעץ. ער איז געווען אַ תקיף אַ ייד, אָבער אַן ערלעכער און אַ גערעכטער. ער איז אויך געווען אַ גוטער בעל־תפילה, אַ געניטער בעל־קריאה. צו דעם אַלעם איז ער געווען אַ פריילעכער ייד, אַ קלוגער, אַ שאַרפער. פון אים האָט תמיד געשמעקט מיט וואַלד און ווינט. איך געדענק איינמאָל אַ פּרייטיק, אין וועלכן עס האָט זיך געטראָפן אַ טראַגישע געשיכטע מיט אָט דעם מענדל.

געוויינלעך פלעגט מענדל זיין אַ גאַנצע וואָך אין זיינע וועלדער, וואו ער איז געווען אַ שרייבער ביי רייכע וואַלד־סוחרים און פרייטיק פלעגט ער אַהיימקומען. איינמאָל, ווען ער איז געווען אין די וועלדער, איז קראַנק געוואָרן זיינס אַ קינד און איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, איז עס גע־שטאָרבן. די אַרויסגעשיקטע שלוחים האָבן נישט געקענט געפינען דעם פאָטער אין די וועלדער. אַזוי ווי אין אונדזער שטעטל איז קיין בית־עולם נישט געווען, האָט מען גענומען דאָס טויטע קינד און עס געפירט קיין זאַקראָטשין פרייטיק אין דער פרי, אַזוי אַז מען זאָל עס מקבר זיין פאַר שבת. ווען די לוויה איז געגאַנגען אויפן וועג איז גראָד אָנגעקומען דער גרויסער מענדל. דאָס איז געווען אַ טראַגישע באַגעגעניש. אָבער דער

שטאַרקער ייד האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט און שווייגנדיק מיטגעגאַנגען באַגלייטן זיין קינד צום עולם־האמת. קיין זאַך האָט נישט געקענט ברעכן דעם קרעפטיקן פעסטן ייד. מיט אַ קנאַפּ יאָר שפּעטער האָט זיין יידענע אים געבוירן אַן אַנדער קינד.

ווי הויך און קרעפטיק און פריילעך עס איז געווען דער גרויסער מענדל, אַזוי קליין און נישט־אַנזעעוודיק און פאַרביסן און אומעטיק איז געווען דער קליינער מענדעלע, וואָס האָט תמיד קאָנקורירט מיט דעם גרויסן מענדל אין זיין דעה זאָגן אין קהלשע זאַכן.

דער קליינער מענדעלע איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ נגיד, פאַר דעם גרעסטן שניט־קרעמער. ער איז אויך געווען אַ ייד, וואָס איז געזעסן און געלערנט אַ סך און געווען אַ געוואַלדיקער פרומער. אָבער דער גרויסער מענדל פלעגט אים פאַרדעקן מיט זיין גרויסקייט און גבורה. און עס איז צווישן זיי אָנגעגאַנגען אייביקע קידער־ווידער און געראַנגל. דער קליינער מענדעלע איז געווען אַ פּיצל יידעלע, שוואַרץ ווי קויל, מיט שפּיציקע שוואַרצע אייגעלעך, מיט אַ קליין קויל־שוואַרץ בערדעלע, וואָס איז געוואַקסן בלויז אויפן קין, נישט אויף די באַקן. דאָס גאַנצע יידעלע איז געווען בלויז נאָז. אָט די נאָז איז געווען שאַרף און געבויגן און פאַרשפּיצט ווי אַ שנאָבל ביי אַ רויב־פויגל. דאָס יידעלע האָט קיינמאָל קיין שמייכל נישט געגעבן, און ווי קליין ער איז נים געווען, האָט ער געהאַלטן אין מורא זיין צוואָקסענע יידענע און די קינדער. ער איז געווען אַזוי פרום, אַז זיין יידענע האָט נישט געטאָרט טראָגן קיין שייטל, נאָר אַן אַטלעסענע קאָפּקע, ווי עס פלעגן נאָר טראָגן אַלטע ווייבער. זי האָט נישט געוואָגט קעגנשטעלן זיך דעם ווילן פון איר קליין מאַנעלע. אַזוי האָט ער אויך געהאַלטן אין מורא די באַלעבאַטים פון שטעטל. אָבער ער האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיטן גרויסן מענדל, וואָס פלעגט חוזק מאַכן פון אים ביי יעדער געלעגנהייט. איבער־הויפּט פלעגט דער גרויסער מענדל חוזק מאַכן פון קליינעם מענדעלעס רבין, דעם וואָרקער.

דער גרויסער מענדל האָט בכלל חוזק געמאַכט פון אַלע אַנדערע רביים. דער איינציקער רבי איז געווען זיינער, דער גערער. ער פלעגט זיך באַרימען מיט פיל טויזנטער חסידים, וואָס דער גערער רבי האָט, מיט די לומדים און רבנים. עס זיינען דאָרט דאָ אַזויפיל רבנים, אַז נישט אַלע קענען זיצן ביים טיש און זיי שטייען צוגלייך מיט אַנדערע חסידים. היינט איז דער גערער געווען דער גרעסטער למדן און חכם און צדיק. זיין תורה איז גאָרנישט צו פאַרשטיין. די ניגונים אין גער זיינען די שענסטע. מיט איין וואָרט, עס איז דאָ איין גאָט און איין גערער רבי. די איבעריקע גוטע

יידן מאַכן זיך בלויז נאַריש. ווען זיי וואָלטן געהאַט שכל, וואָלטן זיי אַלע אוועקגעלייגט זייער ראַביסטווע און געפּאָרן קיין גער. מיין פאָטער פלעגט זיך שפּאַרן מיט מענדלען.

— פאַרוואָס מעג אַ קייסער האָבן אַ סך גענעראַלן און דער אייבער־שטער טאָר נישט האָבן מער ווי איין גענעראַל? — האָט דער טאַטע געפרעגט.

אָבער אויף דעם גרויסן מענדל האָט דער משל נישט געמאַכט קיין רושם. ער האָט ממש נישט געקענט הערן פון אַן אַנדער רבין, אַ חוץ דעם גערער. מיט דעם גרעסטן חוזק פלעגט ער רעדן וועגן וואָרקער רבין, צו וועמען עס איז געפאָרן דער קליינער מענדעלע. וואָרעם אָט דער וואָר־קער רבי, וואָס האָט געוואוינט אין שטעטל אָטוואָצק ביי וואַרשע, איז געווען, זאָל ער עס מיר מוחל זיין, נישט קיין איבעריקער למדן. מען האָט געזאָגט, אַז נישט נאָר קען ער נישט קיין בלאַט גמרא, נאָר ער איז אַפילו נישט געווען קיין גרויסער ידען אין חומש. אָבער דערפאַר איז ער געווען אַ געוואַלדיקער ירא־שמים, אַ פרומער, סכנת־נפשות, און אַזוי פרום זיינען אויך געווען זיינע חסידים. וואָרקער חסידים האָבן אַ סך געדאַוונט, געוויינט, געקלאַגט, שטיקער מרה־שחורה געווען. זייערע ניגונים זיינען געווען טרויעריקע, זייערע תורות וויינענדיקע. דער גרויסער מענדל האָט שטאַרק חשק געהאַט צו הערן עפּעס אַ שאַרפע תורה פון וואָרקער. אָבער דער קליינער מענדל האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו דערציילן פון זיין רבינס תורהס, און ער האָט דערפאַר דערציילט וועגן זיין געוואַלדיקער פרומקייט. ער האָט דער־ציילט, אַז דער רבי זיינער האָט צוויי ברונעמער אין זיין הויף — אַ מילכיקן ברונעם און אַ פליישיקן ברונעם. וואַסער צו פליישיקע מאַכלים שעפּט מען פון פליישיקן ברונעם און וואַסער פאַר מילכיקע מאַכלים שעפּט מען פון מילכיקן ברונעם. דער רבי לאָזט אויך זיינע חסידים נישט טראָגן קיין קנעפּלעך ביי די קעלנער פון די העמדער, ווייל דאָס איז מעשה־דייטש, נאָר זיי פאַרבינדן זייערע קעלנער מיט בענדלעך. די חסידים טאָרן זיך אויך נישט באַווייזן אין רבינס שטוב אין זייערע היטעלעך, ווי עס טראָגן פוי־לישע יידן, נאָר זיי מוזן טראָגן אַ רבנישן קאַפּעלאַטש. אָבער אַזוי ווי יידן אין פוילן טראָגן דאָך נישט אַזעלכע קאַפּעלאַטשן, איז דאָ אין רבינס הויף איין קאַפּעלאַטש, וואָס יעדער חסיד טוט אים אָן, ווען ער גייט אַריין צום רבין אָפּגעבן אַ קוויטל. אין וואָרקער הויף טאָר אויך נישט אַריינקומען קיין פרעמדער חסיד. אָבער דער עיקר גיט דער וואָרקער צדיק אַכטונג אויף די ווייבער פון זיינע חסידים. די ווייבער פון די וואָרקער חסידים טאָרן נישט טראָגן קיין שייטלעך אויף די קעפּ, ווייל דאָס איז צו־אַפּיקורסיש.

זיי דאַרפן גאָלן די קעפּ און טראָגן קאַפּקעס. דער רבי האָט אויך אין יעדער שטאָט זיינס אַ משגיח, וואָס גיט אַכטונג אויף דער אויפפירונג פון זיינע חסידימס ווייבער. אויב אַ משגיח דערוויסט זיך, אַז עמעצנס אַ יידענע טראָגט אַ שייטל, לאָזט ער עס גלייך וויסן דעם רבין, און ווען דער מאַן פון אָט דער יידענע קומט קיין וואַרקע, הייסט אים דער רבי אַרויסוואַרפן בכבוד גדול.

אָט אַזעלכע מעשיות פלעגט דער קליינער מענדעלע דערציילן וועגן זיין רבין. אָבער דער גרויסער מענדל האָט בלויז געלאַכט פון אָט די צדיקישע נסים.

— ווייסעך וואָס, מילכיקער ברונעם, פליישיקער ברונעם, שייטלעך, קאַפּקעס, דאָס אַלץ איז גאַרגישט. איך וויל וויסן וואָסער תורה דער וואַרקער זאָגט, ר׳ מענדעלע, — האָט ער געטענהט.

ר׳ מענדעלע האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן און ער האָט דערי־בער זיך אַרויסגעדרייט מיט אַ תירוץ.

— מיין רבי, זאָל לעבן, זאָגט נישט... — האָט ער געטענהט — ער האַלט נישט דערפון...

— אַז מען קען, זאָגט מען, — האָט דער גרויסער מענדל דערויף געענטפערט.

איינמאָל ביי אַזאַ סיכסוך האָט דער גרויסער מענדל שוין צו־שאַרף חוזק געמאַכט פון וואַרקער.

— נו, ר׳ מענדעלע, אייער... רבי האָט עפּעס מחדש געווען אין ווייבערישע קאַפּקעס? — האָט ער געפרעגט.

אין דער רגע איז דער קליינער מענדעלע געגעבן אַ שפּרונג אין דער הויך און דערלאַנגט דעם גרויסן מענדל אַזאַ פּלעם איבער דער באַק, אַז אַלע יידן אין בית־המדרש זיינען געבליבן פאַרציטערט.

דער גרויסער מענדל האָט נישט צוריקגעגעבן. דער פּאַטש פון אָט דעם פּיצעלע יידעלע איז געקומען אַזוי אומדערוואַרט, אַז דער גרויסער ייד, וואָס פלעגט בייקומען פויערן, איז געבליבן געליימט אויפן אָרט. דער קליינער מענדעלע איז געשטאַנען איינגעקאָרטשעט, גרייט אומצוקומען אויף קידוש־השם פאַר זיין רבין.

ערב יום־כיפּור נאָך מלקות איז דער גרויסער מענדל צוגעגאַנגען צום קליינעם מענדעלע און אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט:

— ר׳ מענדעלע, איך בעט אייך מחילה — האָט ער געזאָגט און דער־לאַנגט אים אַ גלעזל בראָנפן מיט לעקעך.

דער גרויסער מענדל האָט נישט געקענט לאַנג טראָגן קיין שנאה אויף עמעצן. די גבורה און די פרייד האָט אַרויסגעשפּראָצט פון דעם וואַלד־ייד. ער האָט אויך ליב געהאַט מאַכן אָפּט אַ לחיים, און ער האָט שוין תמיד אויסגעזוכט זיך אַ געלעגנהייט צו טרינקען מיט חסידים אין בית־המדרש. דאָ איז געווען אַ יאָרצייט, דאָ אַ שמחה, דאָ אַ סיום פון אַ מסכתא. אויף פּסח פלעגט ער ברענגען מיין טאַטן אַ מתנה אַ פלאַש געצערטן ווייַן. ווען ער פלעגט אַריינקומען צו אונדז אין שטוב, פלעגט ער מיטברענגען פרייד אין הויז. אַזוי פלעגט דער קליינער מענדעלע מיטברענגען אין הויז אַ שטיק מרה־שחורה. ער איז תמיד געווען אומצופרידן, תמיד געזאָרגט זיך איבער יידישקייט, וואָס ווערט נישט געגנוג אָפּגעהיטן. ער פלעגט אויך מיך מוסרן פאַר מיין אַרומלויפן מיט פּראָסטע ייִנגלעך, און ברענגען מיר אַ משל פון זיין יצחקל, וואָס פירט זיך לייטיש און פרום. דער יצחקל איז ייִנגלוויז שוין געווען אַן אמתער וואַרקער, אַ פרומאַק און אַ וויינער. איך האָב נישט געקענט פאַרטראָגן זיין שאָקלען זיך און גלאָצן מיט די אויגן. אממערסטן האָב איך נישט געקענט ליידן דאָס, וואָס ביי יעדער געלעגנהייט האָט מען מיר אַרויסגעשטעלט אָט דעם יצחקל פאַר אַ מוסטער.

— יצחקל שטייט נישט ביי דער טיר צווישן די באַלמעלאַכעס, — האָט מען מיך געשטראָפט. — יצחקל לויפט נישט אַרום איבער די פעלדער... יצחקל צערייסט נישט די קאַפּאָטע...

הימל און ערד און יצחקל...

אַ פאַרביקער פאַרשוין אין אונדזער שטעטל איז אויך געווען יונה פאַדגורע, א ייד, וואָס האָט געבערענט קוילן און געטריבן סמאָלע פון סאָסנעביימער אין די וועלדער. אָט דער יונה האָט געוואוינט הינטערן שטעטל, און ער האָט תמיד געהאַט דין־תורות מיט זיין ווייב, דער יונהכע. דאָס דאָרפישע פאַרפאַלק האָט זיך געפירט ווי אמתע פויערן. די יונהכע פלעגט טראָגן שטיוול און אַ דאָרפישע פאַטשיילע אויפן קאָפּ. יונה פלעגט אום ווינטער טראָגן אַ רויטן שעפּסענעם פעלץ, פאַרגאַרטלט מיט אַ רימען. אויף די יאָרידים אין שטעטל פלעגט ער קומען מיט אַלע פויערן צוגלייך. ביי יעדן יאָריד פלעגט ער אַריינקומען צו אונדז, דערלאַנגען אַ מתנה אַביסל האָניק אָדער אַ קעזל און טענהן מיט אַ גראָב קול, פול מיט שאַרפע גראָבע „רישן״:

— ררררבי, גט מיך אָפּ מיט מיין מרשעת... כ׳על פון איר יונגערהייט אין דער ערד גיין...

די יונהכע האָט געקלאָגט:

— רבי, ער שלאָגט מיך, ער מאַכט מיר בלויע צייכנס אויפן לייב...

איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, האָט זי אָפּגעדעקט פאַרן טאַטן די בלוזקע און געוויזן די צייכנס. מיין טאַטע האָט זיך אָוועקגעדרייט, נישט צו קוקן אויף קיין יידענע.

— נו, אָ, עט, — האָט ער געזאָגט, — אַ יידישע טאָכטער טאָר נישט אַזוי... עט...

אָבער די יונהכע האָט געטאָן אירס. יונה איז געשטאַנען מיט דער בייטש פאַרשטעקט אין רימען און זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס פון די פיל שנאַפּסן, וואָס ער האָט געהאַט געמאַכט מיט די באַקאַנטע פויערן זיינע.

— ררבי, איר וואָלט געמעגט פאַרזוכן איר עסן, — האָט ער זיך געקלאָגט. — חזירים, כ׳בעט איבער אייער כבוד, וואָלטן עס נישט געגעסן... כ׳האָב ביי איר קיין לעבן נישט.

דער טאַטע פלעגט שטענדיק אָפּשיקן יונהן אַהיים, ער זאָל קומען ווען ער וועט זיין אויסגעניכטערט. איינמאָל האָט מען אים אָפּגעגט, אָבער נישט מיט זיין ווייב, נאָר מיט אַ ייד מיט אַ באָרד...

עס איז געווען אויף אַ ברית ביי יונהס אַן אייניקל. זיין זון, אַ וואַלד־וועכטער ביי אליעזר פאַלץ אין די וועלדער, האָט געמאַכט אַ ברית. דער ברית איז אויסגעפאַלן אין אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג, און דער בעל־ברית האָט געשיקט אַ פויער מיט אַ שליטן נאָך מיין פאָטער און נאָך דעם מוהל, ר׳ הענעכל שוחט. איך האָב מיך געבעטן ביי מיין טאַטן און ער האָט מיך מיטגענומען אין וואַלד אַריין. דער פויער האָט אַרומגעהילט מיט שטרוי זיינע פאַרשוינען און געטריבן די פערד איבער דעם געפרוירענעם שניי, וואָס איז געלעגן אפשר אַן אייל די הויך. דער פראָסט האָט געברענט. דעם גויס וואָנצעס זיינען געווען שטיקער אייז. פון די פערדישע נאָזלעכער זיי־נען אייז־צעפּלעך נאָכגעהאַנגען. די פאַרע פון מויל, וואָס מען האָט אַרויס־געלאָזט, איז גלייך געפרוירן געוואָרן. ר׳ הענעכל שוחט, אַ קליין יידעלע מיט אַ קליין בערדעלע, האָט געהאַלטן אין איין קרעכצן:

— קאַלט, רבי, קאַלט... קאַלט...

דער טאַטע האָט אים אויסגערעדט:

— אויפן ברית וועט איר זיך דערוואַרעמען, ר׳ הענעך. זיי וועלן אייך אויך באַצאָלן פאַר דער טרחה.

— אייסעך וואָס, חוזק, — האָט ר׳ הענעכל געקרעכצט.

תמיד האָט ער געהאַט אַ טבע צו קרעכצן, דער ר׳ הענעכל. אַז ער פלעגט שעכטן אַ בהמה, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט געשאָכטן אַ דקה׳לע, וואָס מיינט אַ קליין בהמהלע. אַז ער האָט געשאָכטן אַ גאַנדז, פלעגט ער

זאָגן, אַז ער האָט געשאָכטן אַ הינדעלע. אַז ער האָט פאַרדינט אַ קערבל, פלעגט ער זאָגן, אַז ער האָט געמאַכט אַ גילדן.

— חזק, רב, חזק, — פלעגט ער ליב האָבן צו זיפצן, כדי ער זאָל נישט דאַרפן אָפּצאָלן קיין פּראָצענט פון דער שחיטה, ווי די קהילה האָט פון אים פאַרלאַנגט.

אַזוי פלעגט ער אויך זאָגן „חזק" אַז עס האָט זיך געמאַכט אַ שאלה אויף אַ בהמהשע לונג און לעבער און דער טאַטע האָט געזוכט אַ סרכה... ער פלעגט דערביי זיפצן, קרעכצן און פּאַטשן די לונג און לעבער און שפּייען אויף איר...

פון זיין זיפצן און קרעכצן און זאָגן „חזק" איז נאָך קעלטער געוואָרן אין ברענענדיקן פּראָסטיקן טאָג. אַ וואַרעמקייט האָט אַרומגענומען, ווען מען איז פאַרפאָרן צו דעם בעל־ברית׳ס הייזל אין וואַלד, וואָס איז געשטאַנען איינגעטונקען אין שניי. אין שטוב איז געווען וואַרעם, ליכט האָבן געברענט אין מעשענע לייכטער. דער עולם, בלויז וואַלד־יידן און זייערע ווייבער, געזונטע, אָפּגעברענטע, פריילעכע, האָבן געאָטעמט מיט לעבן און פרייד. דער בעל־ברית, אַ קרעפּטיק יידל, האָט געהאַלטן אין איין צוטראָגן כיבוד. דער עולם האָט געריבן אויף וואָס די וועלט שטייט. מער ווי געגעסן, האָט מען געטרונקען. יונה פּאַדגורע, דער זיידע, האָט געטרונקען מער פון אַלע. דער ייד האָט אין זיך ממש פלעשער בראָנפן אַריינגעגאָסן. ער האָט אויך געזונגען און געטאַנצט ווי אַן אמתער פויער. די וואַלד־יידן האָבן זיך שטאַרק געווילט. מער פון אַלע אַנדערע האָט זיך געווילט דער וואַלד־הענדלער אליעזר פאַלק. דאָס איז געווען אַ ייד אַ נגיד מיט אַ רויט שיין פּנים, מיט אַ גאָלדענער באָרד, רונדיק אַרומגעשוירן. ער האָט אויך געטראָגן האַלב־דייטשמערישע מלבושים, שטייפע וועש און אַ יאַרמעלקע נישט פון סאַמעט, נאָר פון זייד, מעשה־דייטש. דער ייד איז געווען אַ גרויסער וויצלער און אַ שטיקל אַפּיקורס. מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער לערנט חומש מיט משה מענדעלסאָנס „ביאור". איך פלעג דעם ייד שטאַרק ליב האָבן, ווייל תמיד ווען ער פלעגט אַריינקומען צו אונדז אין הויז מאַכן אַ שטר־מכירה, פלעגט ער איבערלאָזן דעם טאַטן אַ דרייער־רובל און מיר נאָך געבן אַ זילבערנעם פּערציקער אַ לעצט־געלט.

דער אליעזר פאַלק האָט געטריבן אַ סך ליצנות אויף דער שמחה, דערציילט מעשיות, אָפּגעחוזקט פון דער וועלט. מיטאַמאָל האָט ער גענומען נאָכמאַכן די ווייבערשע שטימע פון יונה פּאַדגורעס ווייב און קריגן זיך מיט יונהן. יונה איז געווען אַזוי שיכור, אַז ער האָט דעם ייד מיט דער גאָלדענער געשוירענער באָרד אָנגענומען פאַר זיין אייגן ווייב. אַ וואָרט

צו אַ וואָרט, האָט יונה פּאָדגורע געגומען פּאַדערן אַ גט. זיין „ווייב״ איז איינגעגאַנגען, און „זי״ האָט זיך געגט מיט איר יונהן ביי מיין טאַטען. מיין פאַטער האָט, אַפּנים, אויך געמוזט זיין אַ קאַפּעטשקע בגילופין, וואָס ער האָט צוגעלאָזט צו אַזאַ קאַטאָוועס... איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן אַזוי זיך נישט געוויילט, ווי אויף אָט דער דאָרפישער שמחה.

צווישן די פאַרשידענע מעשיות, וואָס יידן האָבן דערציילט ביי דער סעודה, האָט מיין פאָטער אויך דערציילט די מעשה מיט יאָשע־קאַלב, אַ געשיכטע מיט אַ רבינס אַ זון, משה חיים קאַמיענקער, וואָס איז אַוועק פון זיין ווייב, דעם שינאַוועער רבינס טאָכטער, און ווען ער איז צוריקגעקומען מיט פיל יאָרן שפּעטער צו זיין עגונה, האָבן יידן אים באַשולדיקט, אַז ער איז נישט דעם רבינס אײדעם משה חיים, נאָר אַ בעטלער מיטן נאָמען יאָשע קאַלב, וואָס האָט איבערגעלאָזט זיין ווייב, אַ תמעוואַטע יידענע, אַן עגונה...
מיין טאַטע האָט געקענט יאָשע קאַלב און ער האָט זייער שיין דערציילט פאַרן עולם דעם גאַנצן פּלאָנטער, וואָס איז אַרויסגעקומען אין יידישן לעבן איבער דער יאָשע קאַלב געשיכטע...

דער עולם איז געזעסן מיט אָפענע מיילער און אויערן, פול מיט ניי־גיריקייט איבער דעם רעטעניש, וואָס קיינער האָט נישט געקענט לייזן. איך בין געווען איין שטיק חידוש.

ווען מיר זיינען אין אָוונט אַהיימגעפאָרן, האָט דער פראָסט נאָך שטאַרקער זיך צעבערענט. דער פוּיער האָט אונדז אָנגעזאָגט, מיר זאָלן אַמאָל נישט איינדרימלען, ווייל מיר קענען געפרוירן ווערן. ר׳ העגעכל האָט געזיפצט:

— קאַלט רב, קאַלט... אומזיסט געשלעפּט זיך...

— זיי האָבן אייך, דאַכט זיך געגעבן אַ דרייערל, — האָט דער טאַטע אים איבערגעפרעגט.

— אייסעך וואָס, אפשר געקראָגן אַ פּאָר גילדן, — האָט ר׳ העגעכל געזאָגט, מאַכנדיק גילדענס פון די רובעלס, ווי זיין שטייגער איז געווען,
— חוזק, רב. חוזק...

וועגן אָט דעם שוחטל האָט מען אין שטעטל דערציילט אַ טשיקאַווע מעשה: ווען מען האָט אים אויפגענומען פאַר אַ שוחט אין שטעטל, האָט מען פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל זיך אויך אויסלערנען מל זיין ייִנגלעך. אָבער העגעכל, וואָס האָט זייער לייכט געקענט שעכטן אַ בהמה, האָט מורא געהאַט צוצורירן זיך צו אַ קינד מיטן מוהל־מעסער. מען האָט אים דעריבער געהייסן לערנען זיך שניידן אויף אַ פּעטרישקע. אָבער ער איז געווען אַזוי דערשראָקן, אַז ער האָט אַוועקגעכאַפּט די האַנט פון דער פּעטרישקע.

— אוי, יידן, כ'האָב נישט ס'האַרץ דערצו, — האָט ער זיך געבעטן. לצים האָבן אים דערפאַר געדופן ר' הענעך פעטרישקע. ר' הענעכל האָט געליייקנט די גאַנצע געשיכטע.

— אייסעך וואָס, חוזק! — האָט ער געמורמלט.

# די מורא פאַרן „גרינגעם דאַנערשטיק“, ווען דער משומד טראַגט דאָס יויזל אין שפּיץ פון דער קאַטוילישער פּראָצעסיע

וואָס מער מיין פאָטער האָט געוואָלט מיך אויסהיטן פון לעבן און האַלטן מיך פאַרשטעקט אין די הייליקע ספרים, אַלץ מער האָב איך זיך געריסן צום לעבן, וואָס איך האָב איינגעזאַפּט אין זיך מיט אַן אומגעהויערן באַגער. נאָך מער, דאָס לעבן האָט זיך אַריינגעריסן צו מיין פאָטער אין בית־דין שטוב, וואו איך האָב געדאַרפט לערנען תורה.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט די ווייבער, וואָס פלעגן קומען פרעגן שאלות־נשים. דער טאַטע פלעגט מיך, געוויינלעך, אַרויסשיקן אין אַן אַנ־דערן חדר, ווען אַ ווייבל פלעגט זיך פאַרדרויטלען און נישט ענטפערן אויף זיין פראַגע, וואָס פאַר אַ שאלה זי האָט צו פרעגן. אָבער איך האָב שוין געוואוסט ווענן וואָס עס גייט. איך האָב אויך נייגיריג צוגעלייגט אַן אויער צו דער טיר צו הערן די סודותדיקע שאלות און תשובות אין בית־דין שטוב. איך האָב אויך געהערט די צרות פון איינער אַ קליינער יידענע, וואָס פלעגט קומען וויינען פאַר מיין טאַטן, אַז איר מאַן, אַן אַקסן־הענדלער, שלאָגט זי טיילמאָל, ווען ער קומט אויף שבת אַהיים און זי טאָר אים נישט „דערלאַנגען קיין שלום־עליכם“...

— רבי, — האָט די קליינע יידענע געוויינט, — וואָס בין איך שולדיק?

מיין פאָטער האָט מיך שפּעטער געשיקט נאָך דעם יידן און איך האָב געהערט פון אַנדערן חדר, ווי ער האָט אים שטאַרק אויסגעמוסרט פאַר זיינע נישט־יידישע דרכים.

— אַ ייד זאָל אויפהייבן אַ האַנט אויף אַ ווייב?! — האָט מיין טאַטע זיך געקאָכט. — און נאָך דערפאַר, וואָס זי היט אָפּ יידישקייט?!

דער ייד איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן רויטן קאַרק, וואָס איז געוועזן האַרט ווי ביי אַן אָקס.

— רבי, — האָט דער אַקסן־הענדלער געברומט, — אַ גאַנצע וואָך ווער איך אויסגעריסן אין די דערפער, אין די רעגנס און אין די קעלטן. שבת, אַז איך קום אַהיים, וויל איך אַ ביסל עונג־שבת, צום סוף, עעע...

— אַ ייד מוז זיין אַ ייד, — האָט דער טאַטע אים דערויף געענטפערט.

דער ייד מיטן אָקסישן קארק האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט שוין זיין פרום און גוט, אָבער זיין קלייניטשקע יידענע פלעגט ווידער קומען מיט געוויינען, אַז דער מאַן שלאָגט זי פאַר די זעלבע חטאים...

איינמאָל אין אַ שמחת־תורהדיקן טאָג, ווען יידן זיינען געווען פאַר־נומען מיט טאַנצן מיט דער תורה, איז אַריינגעקומען אַ געלער יונגערמאַן, אַ פלינסקער, וואָס איז געווען אַן אײַדעם אין לענטשיץ, און אין קעגנוואָרט פון מיין מאַמען און אונדז, קינדער, געמאַכט אַ טומל, אַלמאַי עבער דער בעדער האָט נישט געהייצט די מקווה אויף שמחת־תורה ביינאַכט פאַר זיין ווייב.

דער טאַטע האָט אים איינגעשטילט:

— עט, נו, אָ, ביים טיש, פאַר קינדער אין די אויגן?...

אָבער דער געלער יונגערמאַן, וואָס פלעגט זיך אַרומשלעפּן מיט סחורות אויף יאַרידן, האָט געמאַכט קולות:

— רב, איך האָב געהאַט אַ פאַרשטערטן שמחת־תורה...

איינמאָל, צומאַרגנס נאָך אַ חתונה אין שטעטל, האָט זיך אין אונדזער שטוב אויף היפּש אַרומגעטומלט צווישן מחותנתטעס, וואָס האָבן געהאַט ספקות אין דער צניעות פון דער כלה איבער דער גאַנצער צייט, פון די תנאים אָן, ביז איבער דער חתונה, איז קיין שלום נישט געווען צווישן די מחותנים פון ביידע צדדים. די מעשה איז געווען, וואָס חתנס צד איז נים אָנגעשטאַנען דער יחוס פון כלהס צד. אמת, אויך חתנס צד איז נישט גע־ווען פון געהויבענעם יחוס, אָבער כלהס צד האָט געהאַט אַ פסול אין דער משפחה: אַ ברודער פון דער כלה איז געווען אַ משומד און אַ חזירניק דערצו. אויף יעדן יאַריד אין שטעטל פלעגט ער קומען פון דאָרף צוזאַמען מיט זיין גויע, צוליב וועלכער ער האָט זיך געשמדט, און אַוועקשטעלן זיך מיט זיין טריפהנער סחורה — זייטן חזיר־פעטס און קישקעס. טאָמער איז אים דאָס נאָך ווייניק געווען, פלעגט ער נאָך אַוועקשטעלן זיין טריפהנעם מסחר לעבן זיין פאָטערס שטוב, ווי אויף צו־להכעיס דערפאַר, וואָס די משפחה זיינע האָט אים פאַרשאָלטן און נאָך אים „שבעה" געזעסן ביים לעבן. די יאַריד־טעג, פריילעכע פאַר אַלעמען, זיינען געווען טעג פון טרויער און בושה פאַר דער משפחה פון דעם משומד, דעם חזירניק.

אַן אמתער תשעה־באָב פלעגט זיין פאַר דער פאַרפלעקטער משפחה און אויך פאַר אַלע איבעריקע יידן אין שטעטל, ווען עס פלעגט אָנקומען דער „גרינער דאָנערשטיק", ווען אָט דער משומד פלעגט גיין מיט דער גויאישער פראָצעסיע און טראָגן דעם יויזל פאַראויס. אין דעם „גרינעם

דאַנערשטיק" פלעגן יידן בכלל זיין אומרואיק. די אָנגעפּאַרענע טויזנטער גויים און גויעס, די שיקסעס אין די ווייסע קליידער, די שיקסלעך מיט די קאַרן־קרענצלעך אין די פלאַקסענע האָר, די גלחים מיט די קיטלען, די צלמים און הייליקע פאַרביקע בילדער און „יויזלען" און עבודה־זרות האָבן אויפגעהעצט דעם המון, צערודערט די בלוטן אין אים, און יידן זיינען קיינמאָל נישט זיכער געווען, צי עס וועט נישט, חלילה, קומען צו עפּעס. די גויים, וואָס זיינען, דאַכט זיך, געווען די מערהייט און די הערשער, האָבן פונדעסטוועגן תמיד געפילט זיך אינערלעך אומרואיק מיט זייערע „יויזלען" אין קעגנוואָרט פון דעם קליינעם ביסל שוצלאָזע יידן. זיי האָט זיך תמיד אויסגעוויזן, אַז די יידן לאַכן פון זיי, פאַראַכטן זיי, און זיי האָבן דעריבער ס'רוב געהאַט טענות צו די יידן פאַר גאָט־לעסטערונג, פאַר אָפּשפּעטן פון זייערע הייליקייטן. די יידן האָבן דעריבער נישט נאָר פאַרהאַקט די קראָמען, נאָר אויך צוגעשפּאַרט די לאָדנס אין מיטן ליכטיקן זומער־טאָג, פאַר־קייטלט טיר און טויער און זיך באַהאַלטן אין די ווינקעלעך. מיין פאָטער האָט מיר שטרענג אָנגעזאָגט, איך זאָל נישט קוקן דורך די שפּאַלטן אין לאָדן אויף די עבודה־זרות, ווייל דערמיט איז מען מטמא די אויגן און מען דאַרף דערפאַר פאַסטן גאַנצע פערציק טעג. פאַרשטייט זיך, אַז דער יצר־הרע איז געווען שטאַרקער פאַר מיין טאַטן און ער האָט געפּועלט ביי מיר, איך זאָל דווקא יאָ קוקן אויף די פאַרבאָטענע זאַכן. איך האָב געוואָלט זען די געוואַלדיק פאַרביקע פאָנען און בילדער, די רויט און בלוי באַמאַנט־טע פיגורן פון מענער און ווייבער, וואָס גייען באָרוועס און האָבן גאָלדענע רייפלעך איבער די קעפּ. עס איז אויך געווען טשיקאַווע צו זען די ווייס־געקליידטע שיקסעס, וואָס וואַרפן בלומען דעם גלח אונטער די פיס, צו הערן זייערע קוויטשיקע בלעקעצערייען. קאָמיש זיינען געווען די פויערן, וואָס האָבן געטראָגן קורצע קיטלען אויף זיך. זייערע טעמפּ שווערע שטי־וואַלעס האָבן פּרעמד אַרויסגעקוקט פון די הייליקע העמדלעך. גויעס באַ־האַנגענע מיט שוואַרצע קרעלן און „יויזעלעך", מיט וואַקסענע ליכט אין די הענט, האָבן געזונגען מיט היסטערישע קולות. די גלחים האָבן כסדר גע־קלונגען מיט גלעקעלעך, געשפּריצט הייליק וואַסער און געמאַכט הקפות אַרום דער הויפּט־יויזל־פיגור, וואָס איז געזעסן אויף קישעלעך און איז גע־טראָגן געוואָרן פון פיר ווייס־געקליידעטע שיקסעס. אַ וואַלד מיט צלמים און פענער האָבן זיך גענויגט און געפלאַטערט. איך סאַמע אויבן־אָן איז געגאַנגען דער משומד מיט די געלע וואָנסן, טראָגנדיק דעם העכסטן צלם, צו וועלכן אַ נאַקעטער יויזל איז געווען צוגעשלאָגן. דאָס האָט מען אים אָנגעטאָן דעם כבוד, ווייל ער איז איבערגעגאַנגען פון די יידן צו די גויים.

איך פלעג ווערן אויפגעציטערט ביים אָנזען אָט דעם געל־וואָגסנדיקן אָפּ־טריניקן. ווייבער פלעגן שילטן די מוטער זיינע, וואָס האָט אים געדאַרפט אויסרינען נאָך אין איר בויך...

ווען די פּראָצעסיע איז אַריבער, די גויים און די גויעס זיינען געוואָרן אויס־הייליק און זיינען אַוועק אין די צווײ גויאישע שענקען טרינקען, טאַנצן און שלאָגן זיך, האָבן יידן צוריק געעפנט די לאָדנס אין די קראָמען און געלייזט געלט. בלויז ביי די עלטערן פון משומד זיינען די לאָדנס געבליבן צוגעמאַכט אַ גאַנצן טאָג. פאַרשטייט זיך, אַז קיין גוטן נאָמען האָט אָט די משפּחה פון משומד, דעם חזירניק, נישט געהאַט, הגם זי איז נישט שולדיק געווען אין דעם אומגליק, וואָס האָט זיי געטראָפן. קיינער האָט זיך מיט זיי נישט געוואָלט משדך זיין. איינמאָל האָט אַ קצבס אַ זון, אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, זיך פאַרליבט אין דער שוועסטער פון דעם משומד און עס איז געקומען צו אַ שידוך, קעגן דעם ווילן פון חתנס עלטערן. אַ שעה פאַר דער חופּה האָט דעם חתנס פאָטער נאָך אַלץ געוואָלט קאַליע מאַכן דעם שידוך. ווען דער חתן און זיינע בחורים זיינען געזעסן אין דער כלהס הויז און זיך משמח געווען, האָט זיך דעם חתנס פאָטער פּלוצלונג דערמאָנט, אַז דער מחותן זיינער האָט נישט געסילוקט הונדערט גילדן צום נדן פון טויזנט גילדן (150 רובל) און ער האָט געכאַפּט דעם חתן ביי דעם אַרבל פון זיין נייער געהאַקטער קאַפּאָטע, וואָס איז געווען באַצירט מיט זיידענע לאַצן, און געשלעפּט אים אַהיים. דער חתן, זיצנדיק לייטיש צווישן די בחורים און רויכערנדיק איידל פּאַפּיראָסלעך, האָט נישט געהאַט קיין חשק אַוועקצוגיין פון דער כלהס שטוב פאַר דעם באַדעקנס. אָבער דער פאָטער האָט אים געריסן ביים אַרבל:

— קום, זון, כ׳וויל נישט די חתונה, כ׳וויל נישט...

דער כלהס מוטער, אַן אומגליקלעכע יידענע סיי צוליב איר זון דעם משומד, סיי צוליב דעם, וואָס זי האָט מיט אַ צייט צוריק אין איין וואָך צוויי דערוואַקסענע זין פאַרלוירן אין אַ טיפוס־קראַנקהייט, האָט פאַר צרות געגומען חלשן. די כלה האָט געוויינט אויף איר כלה־שטול, וואו מיידלעך האָבן געפלאָכטן אירע צעפּ און זי באַקראַנצט מיט פעלד־בלומען. מיין פאָטער האָט זיך אַריינגעלייגט און נישט געלאָזט צעשטערן די שמחה. מיט כעס האָבן דעם חתנס עלטערן געפירט צו דער חופּה זייער זון, וואָס האָט געגומען אַ כלה מיט אַ משומד אין דער משפּחה. צומאָרגנס האָט דעם חתנס ווייבערשער צד געגומען טשעפּען זיך צו דער כלה און זוכן חטאים אין איר צניעות. אונדזער שטוב איז געווען פול מיט ווייבער, וואָס האָבן זיך גע־סודעט געדיכט, באַטראַכט בעטגעוואַנד און געפּליסטערט. מיין פאָטער

האָט אויסגעפונען, אַז זיי טשעפּען זיך אומזיסט און אומגישט און ער האָט זיי פאַרטריבן פון שטוב.

— ידישע טעכטער טאָרן נישט מאַכן קיין בלבולים אויף אַ כשר קינד! — האָט ער זיך געבייזערט.

כאָטש איך בין אַריינגעשטופּט געוואָרן אין אַן אַנדער חדר איבער דער גאַנצער צייט, וואָס אַט די ווייבערישע טומלעניש האָט אָנגעהאַלטן, האָב איך יעדער זאַך געזען און געהערט.

— דער יונג האָט טויזנט אויגן, ווי דער מלאך המות, — האָבן ווייבער אויף מיר געזאָגט, — וואו מען זייט אים נישט, דאָ וואַקסט ער.

זיי זיינען געווען גערעכט. אַן אומגעהויערע נייגיריקייט צו מענטשן און זייערע מעשים האָט געברענט אין מיר פון מיין סאַמע קינדהייט אָן. דאָס וואָס איך האָב געזען אין איין מענטש, האָב איך נישט געזען אין טויזנט ספרים. איך האָב גיט געקענט זעטיקן מיין לעבנס־דורשט אין די ספרים און איך בין געלאָפן פון זיי צו ערד און פלאַנצן און בהמות און פייגל און מענטשן, דער עיקר צו פּשוטע מענטשן, וואָס לעבן אַ גאַנץ לעבן. איך פלעג זיך אָפט אַריינכאַפּן צו די ברידער מאיר און ברוך, משה סטאַ־ליאַרס יינגלעך. אַט די צוויי יינגלעך זיינען שוין גאַרנישט געווען מיינס גלייכן. זיי האָבן קוים געקענט דאַווענען. אָבער דערפאַר האָבן זיי געקענט שניצן און הובליעווען און אַרבעטן מיט אַ שרויף און אַ שטאַמפּ און פאַר־קלעפּן האָלץ מיט לאַים און מאַכן טישלעך און בענקלעך. זיי האָבן מיך צו־געלאָזט צו זייער פאָטערס וואַרקשטאַט, דערלויבט מיר הובליעווען און פיגעווען האָלץ, אַריינקלאַפּן טשוועקעס. נאָר טשיקאַווע איז געווען צו זען, ווי די יינגלעך העלפן צו דעם פאָטער מאַכן טרונעס פאַר גויאישע מתים. משה סטאָליאַר האָט כמעט געלעבט פון אַט די טרונעס, וואָס גויים פון אַלע אַרומיקע דערפער פלעגן ביי אים באַשטעלן. אָפטמאָל פלעגן די פויערים באַשטעלן די טרונעס פאַר זייערע חולאים ביים לעבן נאָך. צום ערשטן פלעגן זיי ברענגען צו אַ חולה דעם פעלדשער פאַוולאָווסקי, וואָס האָט געקענט צוויי זאַכן: מאַכן אַ קאַנע און אויסשמירן מיט יאָד. ווען דעם חולה פלעגט דערפון נישט בעסער ווערן, פלעגט מען צופאָרן נאָכן גלח. אויפן גאַנצן וועג, וואָס דער גלח איז געפאָרן אין זיינע הייליקע קליידער, האָט דער „אָרגאַניסטער", וואָס שפילט דעם אָרגעל אין קירכע, געקלונגען מיט אַ גלעקל. יעדער גוי און גויע פלעגט גלייך אַראָפּלאָזן זיך אויף די קני ביים דערהערן דאָס הייליקע גלעקל. זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד קניען אַפילו אין טיפסטן שניי, אין דער גרעסטער בלאָטע. זיי האָבן אויך דערנאָך געקושט דעם גלחס פאָלע פון מאַנטל. אַז דעם גלחס

הייליק וואָסער האָט אויף אַ חולה קיין פּעולה נישט געהאַט, פלעגן די גע־זונטע קרובים נעמען אַ מאָס פון קראַנקן, פון זיין לענג און ברייט, און לויט דער מאָס באַשטעלן אַ טרונע ביי משה סטאָליאַר. רייכע פויערן האָבן באַשטעלט דעמבענע טרונעס, אָפּגעפאַרבט מיט ברוינער אָדער שוואַרצער פאַרב, באַצירט אויסגעווייניק מיט זילבער־קאָלירטע מעטאַלענע צלמים, אויס־געבעט אינעווייניק מיט ווייסע קישעלעך, אָנגעפילטע מיט הובליעכטס. אָרעמע פויערן האָבן באַשטעלט טרונעס פון טענענהאָלץ, אָפט נישט־גע־פאַרבט און באַצירט מיט אַ צלם פון שוואַרצער פאַרב. די פויערן פלעגן זייער געשעפטסמעסיק איבערגעבען משה סטאָליאַר די מאָס, אַ שטריקל מיט קנופּן, און דינגען זיך איבערן פּרייז.

— באַ, שוין געהאַט פּאַוולאָווסקין און דעם גלח, — האָבן זיי געזאָגט. — קיין זאַך העלפט נישט און מען דאַרף באַצייטנס אָנגרייטן אַ טרונע, אַזוי אַז מען זאָל נישט דאַרפן יאָגן זיך שפּעטער... דער קראַנקער וועט שוין זיכער שטאַרבן...

משה סטאָליאַר פלעגט צושניידן ברעטער, פאַרבן און באַשלאָגן דעם דעק מיט מעטאַלענע צלמים, וואָס ער האָט געבראַכט פון וואַרשע, אָדער אָפּפאַרבן אַ צלם מיט שוואַרצער פאַרב. מיין טאַטער האָט דעם סטאָליאַר עטלעכע מאָל גערופן צו זיך און אים שטאַרק געמוסרט איבער די צלמים, וואָס ער מאַכט אויף די טרונעס.

— ר׳ משה, אַ ייד זאָל טאָן אַזוינס? — האָט ער אים געפרעגט. — איר זענט דאָך אַן ערלעכער ייד...

— רב, אָן דעם וועל איך דאַרפן גיין בעטלען, — האָט ר׳ משה גע־טענהט. — איך האָב אַ ווייב מיט קינדער... פּרנסה — מלחמה...

מיין טאַטע פלעגט דערנאָך זיפצן און קרעכצן. איך האָב הנאה געהאַט צוצוקוקן זיך צו משה סטאָליאַרס אַרבעט און צו אים אַליין. דאָס איז געווען אַ גרויסער געזונטער ייד, מיט צעוואַקסענע מאַזאַליסטישע הענט, אַ האָרעפּאַשניק, וואָס האָט תמיד געשמעקט פון האָלץ און פאַרב און לאַק. ער איז אויך געווען אַ גוטמוטיקער און ער פלעגט מיך לאָזן נעמען אַ זעגל אין דער האַנט אַריין. זיינע יינגלעך, מאיר און ברוך (מען האָט ברוך׳ן גע־רופן מיטן צונאָמען בוליע), האָבן אים געהאָלפן אויסבעטן די קישעלעך מיט הובליעכטס. אָפטמאָל פלעגט משה הייסן איינעם פון זיינע יינגלעך, זיי זאָלן זיך אַריינלייגן אין דער אויסגעבעטער טרונע, ער זאָל זען צי די מאָס איז ריכטיק. די יינגלעך פלעגן עס טאָן אָן קיין מורא. זיי זיינען געווען צוגעוואוינט דערצו. אָפטמאָל פלעגן זיי זיך אויך באַהאַלטן אין די טרונעס, ווען זייער שטיפמוטער פלעגט זיי רופן, זיי זאָלן איר העלפן טראָגן וואַסער

צו דער באַליע וועש, איבער וועלכער זי פלעגט שטיין אַנגעבויגן און וואַשן. די יידענע האָט תמיד געוואַשן וועש.

— בוליע, מאיר, ברענען זאָלט עטך ווי אַ פייער! — האָט די יידענע געשריגן: — גייטס צום ברונעם נאָך וואַסער.

די יונגען זיינען געלעגן אויסגעלייגט אין די טרונעס, אַנגעשפּאַרט מיט די קעפּ אויף די ווייסע קישעלעך, אַנגעפילט מיט הובליעכטס, און זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט. זיי האָבן פיינט געהאַט זייער שטיפמוטער, הגם זי איז געווען די שוועסטער פון זייער פאַרשטאָרבענער מוטער; זיי האָבן זי נישט גערופן „מאַמע", ווי זי האָט געוואָלט, נאָר „מומע", און זיי האָבן איר נישט געוואָלט העלפן אין דער וועש. זיי האָבן געהאַט אַ סיבה בייז צו זיין אויף איר, ווייל זי פלעגט זיי שלעכט באַהאַנדלען און מבייש זיין פאַר יינגלעך. איינער פון די יינגלעך פלעגט אַ צייט לאַנג נעצן זיין בעטגעוואַנט, הגם ער פלעגט שוין לערנען חומש אין חדר. און די שטיפמוטער פלעגט אַרויסהענגען דאָס ליילעך אין דרויסן און ווייזן עס אַלע יינגלעך וואָס איר שטיפזון טוט... זי פלעגט אויך די יינגלעך שילטן און זידלען און רופן מיט צונעמען. זיי פלעגן דעריבער זי האַסן און נישט אָנרופן זיך אויף אירע קולות. זיי זיינען געלעגן פאַרשטעקט אין די נייע טרונעס און גע־לאַכט פון דער וועלט...

זייער פאָטער פלעגט אָפט אָפּשיילען די מאַזאַליעס פון זיינע צוואָקסענע הענט. ער האָט זיי געשיילט מיט אַזאַ געמיטלעכקייט, ווי, אַ שטייגער, ער וואָלט געשיילט קאַרטאָפל.

איך פלעג אויך זיין אָן אָפטער גאַסט ביי מיינע חברים, קלמן און נתן, די יינגלעך פון משה מענדל קצב, וואָס האָט זיך געריבן צווישן די חסידים און דווקא געוואָלט זיין אַ שיינער ייד, זיינע זין האָבן ביי קיין פאַל נישט געוואָלט זיצן און לערנען, ווי דער פאָטער האָט פאַרלאַנגט פון זיי. משה מענדל קצב האָט געוואָלט איינפלאַנצן די תורה אין זיינע זין מיט קצבישן כוח. ער פלעגט בעטן זיך ביי די מלמדים, זיי זאָלן שלאָגן זיינע יינגלעך אָן רחמנות.

— ממיתט זיי, די יונגאַטשעס, פאַר נישט קענען די גמרא, — האָט ער זיך געבעטן ביי די מלמדים, וועלכע האָבן זיך נישט שטאַרק געלאָזט בעטן צו טאָן אַזאַ טובה, — דורסט זיי אָן רחמנות!

אַ סך מאָל פלעגט ער זיך ניט פאַרלאָזן אויף די מלמדים און אַליין מיט די אייגענע הענט לערנען די זין ליב האָבן די גמרא. ער פלעגט זיי שלאָגן ביז בלוט, אַוועקוואַרפן אויף דער ערד און טרעטן מיט די פיס.

— ס׳עט ביי מיר געהרגעט ווערן און ווערן לערנערס! — האָט ער געשריגן און געשלאָגן.

מיין פאָטער האָט זיך אָנגענומען פאַר די יינגלעך:

— ר׳ משה מענדל, מיט פעטש קען מען קיין תורה ניט אריינקלאַפּן. זיי ווילן נישט לערנען, לאָזט זיי ווערן בעלי־מלאכות.

אָבער משה מענדל האָט נישט געלאָזט רעדן צו זיך. עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען, וואָס די קינדער שטערן אים מיט זייער פּראָסטקייט אין זיין חסידישער ראַלע, אין וועלכער ער איז אַריין. אָבער מיט אַלע זיינע קלעפּ האָט ער גאָרנישט אויסגעפירט. די קינדער זיינע האָבן ביי קיין פאַל נישט געוואָלט זיין קיין „לייט". צום ערשט האָט דער עלטערער בחור זיי־נער, ליפּע, אַוועקגעלייגט די תורה און געוואָרן אַ באַלעגאָלע. דערצו האָט ער נישט געפירט קיין פאַרשוינען, נאָר קלעצער פון וואַלד צו דער ווייסל. צווישן אַלע שקצים, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אָט דער מלאָכה, איז ער געווען דער איינציקער יידישער בחור. אַ קורץ־געוויקסיקער, אַ בלאָנדער און אַ קרעמפּער, ווי אַ דעמבן קלעצל, איז ער נאָכגעגאַנגען נאָך דעם לאַנגן קלאָץ זיינעם, וואָס איז געלעגן אויף פיר רעדער, פאַראייניקט מיט אַ פלאָקן. ער האָט געטראָטן שווער אין די שטעטלשע זאַמדן און געטריבן דאָס פערדל זיינס:

— וויאָ, העיטאָ, ווי...

די שקצים פלעגן אים וועלן גיין אין דער לעבער, אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע. ער האָט זיך געקענט אַן עצה געבן מיט זיינע קורצע קרעפּטיקע הענט.

נאָך אים איז זיין יינגערער ברודער, קלמן, אַ רויט־האָריקער און אַ באַשפּרענקלטער, אַוועק פון דער גמרא און געהאָלפן דעם פאָטער אין זיין קצבות און אין טרייבן אַ ביקל פון אַ דאָרף צום שטעטל. איינמאָל האָט מיט דעם קלמנען געטראָפן זיך אַן אומגליק. ווען דער פאָטער זיינער האָט געהאַקט פלייש אויפן יאַטקע־קלאָץ, האָט קלמן אונטערגערוקט די האַנט אַביסל צו נאָענט צו דער האַק און דער פאָטער האָט אים, אומגערן, פאַר־שטייט זיך, אָפּגעהאַקט צוויי פינגער. דער יונג האָט מיט אַן אייזערנער גבורה, וואָס איז נישט געווען פאַר זיין עלטער, פאַרביסן די ליפּן און אַפילו נישט געוויינט. דער פעלדשער פּאַוולאָווסקי האָט אים פאַרשמירט מיט יאָד די פאַרבליבענע האַלבע פינגער. איך האָב דעם בחור שטאַרק ליב געהאַט פאַר זיין איינפאַכקייט, פאַר זיין שעמען זיך און רויטלען זיך שטענדיק און פאַר זיין פּשטות. כאָטש ער איז געווען מיט שיינע עטלעכע יאָר עלטער

פון מיר, האָט ער זיך געחברט מיט מיר, דערציילט מיר אַלערליי יינגלערישע מעשיות און געהאַלטן זיך ווי אַ יינגל.

נאָך ליבער פון אים האָב איך געהאַט זיין יינגסטן ברודער, נתן, אויך אַ רויט־האָריקער און באַשפּרענקלטער און אַ גוואַלדיקער ביישן, וואָס פלעגט ממש אַנגיסן זיך מיט רויטקייט, ווען עמעצער האָט גערעדט צו אים. אין קעגנזאַץ צו זייער פאָטער, וואָס האָט זיך געשאַרט צו לומדים און חסידים און געוואָלט זיין מער ווי ער איז געווען, האָבן די קינדער זייַנע געהאַלטן זיך קליין און צוריקגעהאַלטן און געשעמט זיך פאַר מענטשן. אַזוי קליין און באַשיידן האָט זיך געהאַלטן זייער מוטער, מירל, אַ קליינע אויסגע־אַרבעטע יידענעמשקע, וואָס האָט נישט אויפגעהערט קינדלען ביי די הויכע פערציקער און יעדעס יאָר געבראַכט אַ ניי נפש אויף דער וועלט. די יידענע האָט תמיד אָדער געטראָגן אָדער געזויגן, אָדער געלעגן אין קימפּעט. ביי דעם אַלעם האָט זי געקאָכט און געוואַשן און געלאַטעט און געצירעוועט און באַזאָרגט די גאַנצע גרויסע משפחה אירע. די שטוב איז געווען פול מיט קינדער. דערביי פלעגט מירל זיך פירן, אַז ביי געבוירן אַ יינגל, פלעגט זי אויסליגן די קימפּעט ביזן ברית און הערן הינטערן ליילעך די טעגלעכע קריאת־שמע לייענען פון די חדר־יינגלעך. גאַנץ אַנדערש האָט זי זיך גע־פירט ביי געבוירן מיידלעך. אויפן דריטן טאָג נאָכן האָבן האָט זי שוין געקאָכט און געוואַשן, ווי עס וואָלט גאָרנישט נישט געשען. איך האָב אַליין אַמאָל געזען די קליינע העלע יידענע קריכן אויפן בוידעם נאָך היי פאַר איר קו, גלייך דעם צווייטן טאָג נאָכן האָבן אַ מיידל. זי האָט אויך תמיד געקאָכט גרויסע טעפּ פאַר איר גרויסער משפחה, און נישט נאָר פאַר דער משפחה, נאָר אויך פאַר זייטיקע מענטשן. תמיד האָבן ביי איר געגעסן אַרעמעלייט, דאָרפס־יידן, תמיד איז אין איר שטוב געווען אַן אַנלויף פון באַקאַנטע און שכנות און קרובים און קרובות פון אַלערליי דערפער און וועלדער. מירל האָט פאַר אַלעמען געקאָכט און געבאַקן. תמיד האָט אין איר שטוב געשמעקט מיט פרעגלדיקע ציבעלעס, מיט קנאָבל־באָרשטן, מיט אָנגע־ריישטע גריצן. אירע מאכלים זיינען זיך צעגאַנגען אין מויל. זי האָט אויך מיך תמיד מכבד געווען מיט עסן און באַשוואוירן מיך מיט אַלע שבועות אין דער וועלט, איך זאָל איר נישט אָפּזאָגן. די יידענע האָט געקוואָלן, ווען מען האָט געגעסן ביי איר.

איך האָב געמוזט פאַרזוכן אירע געבראָטענע לעבערס, די אייטערס, וואָס זי האָט געבראָטן אויף שטעקעלעך, די געפילטע מילצן און גריישלעך און לונגלעך און גריוון. ליבער פון אַלץ האָב איך געהאַט איר שוואַרץ ראָזאָווע ברויט און די הירזש מיט מילך. אָט די צוויי זאַכן זיינען נישט אַריינגע־

קומען אין אונדזער הויז, ווייל דאָס איז אַ מאָכל פאַר פויערן. איך האָב מיך געקוויקט מיט די פּראָסטע מאָכלים. איינמאָל האָב איך אַפילו ביי מירלען געגעסן אַ פּאָרציע בן־פּקועה. אין אַ קו, וואָס משה מענדל האָט געלאָזט שעכטן, האָט מען געפונען אַ קעלבל. אַזאַ קעלבל דאַרף מען נישט שעכטן. און עס האָט געהאַט אַ באַזונדערן טעם צו עסן פון אַ קעלבל, וואָס הגם מען שעכט עס נישט, איז עס פונדעסטוועגן כשר.

אַזוי גוטמוטיק און פריינדלעך ווי מירל, איז געווען איר עלטסטע טאָכטער, פריידל. ווי פאַר איר נאָמען פּאַסט, איז זי געווען טאַקע איין שטיק פרייד. אַלץ האָט געלאַכט אין אַט דער קליינגעוויקסיקער בלאָנדער און לעבעדיקער מויד, וואָס איז געווען ווי איין טראָפּן וואַסער צום צווייטן ענלעך צו איר מוטער. כאָטש זי האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט, געהאָלפן דער מוטער אין דער גרויסער שטוב, דערצו האָט זי נאָך געמאָלקן די קו, געפיטערט די עופות, געהאָקט האָלץ און אַפילו אָנגעטריבן דעם ברודערס פערדל, אַז מען האָט געדאַרפט, האָט זי נישט אויפגעהערט לאַכן און זינגען און פרייען זיך מיט דער וועלט. עס איז געגנוג געווען, מען זאָל אויף איר אַ קוק טאָן, זי זאָל זיך אַראָפּזעצן אויף דער ערד און צעגיין זיך פון געלעכטער.

— פריידל, וואָס איז דאָס געלעכטער ? — האָט די מוטער זי געפרעגט און זיך אַליין אויך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— איך ווייס נישט, אָבער עס גלוסט זיך מיר צו לאַכן, — האָט פריידל געענטפערט.

אַזוי האָט זי געקוואָלן ביים פּוצן און שייערן די קופּערנע כלים, די רייפן פון פעסל וואַסער, די שבתדיקע לייכטער, די פּאָדלאָגעס. זי פלעגט אַזויפיל כוחות אַריינלייגן אין די פּאָדלאָגעס, אַז זיי האָבן געבלאַנקט פון ווייסקייט. זי האָט אויך באַצירט די ווענט מיט אַלערליי אויסגעניטע בילדער, ווי אַזוי אַברהם פירט יצחקן צו דער עקידה, ווי אַזוי די שבטים פאַרקויפן יוספן צו די ישמעאלים. זי פלעגט פון שטרוי אויך פלעכטן אַלערליי קיישעלעך, מיט וועלכע זי האָט פאַרפּוצט די ווענט. ביי דעם אַלעם האָט זי נישט געוואָלט קיין כלה ווערן מיט אַ ישיבה־בחור, ווי דער פאָטער האָט איר געוואָלט געבן, נאָר זי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים ברונעם מיט די געזעלן צו רעדן, לאַכן און שפּאַסן. שבת ביי טאָג פלעגט זי אויסשיטן די געשייערטע פּאָדלאָגעס מיט געלן זאַמד, אָנשיטן אַ גרויסן טעלער מיט געטריקנטע באַניע־קערן און איינלאַדן אַלע באַלמעלאָכישע מיידלעך צו טאַנצן אין איר קיך. די געזעלן האָבן מורא געהאַט פאַר משה מענדלען אַריינצוגיין טאַנצן מיט די מיידלעך. זיי זיינען דעריבער געשטאַנען ביי דער טיר, געקנאַקט קערלעך און געשפּאַסט מיט די טאַנצנדיקע מיידלערישע פּאָרלעך.

איך מיט נתנען פֿלעגן זיצן אין אַ ווינקל פֿאַרשטעקט און צוקוקן זיך צו די מיידלערישע פֿאַלקעס, וואַלצן און שערס. נתן, אַ באַשפּרענקלטער, אַ שעמעוודיקער, גרייט אויפֿצופֿלאַמען, ווי נאָר עמעצער וועט צו אים אַ וואָרט אויסריידן, אָדער אַפֿילו בלויז אַ קוק טאָן אויף אים. האָט פֿאַר מיר אויסדערציילט אַלערליי פֿאַנטאַסטישע מעשיות און פּאַסירונגען. מעשיות וועגן זיינע פֿיל פּעטערס און מומעס און געשוועסטער־קינדער, וואָס ער האָט געהאַט אין די הונדערטער; מעשיות וועגן זייערע חתונות און תנאימס און ליבעס און סכסוכים און עסקים מיט גויים און טראַגעדיעס און גליקן. ער האָט אויך געקענט אַ וועלט מיט מעשיות פֿון גזלנים און מכשפֿים און שטערנזעער. טאַטע־מאַמע פֿלעגן מיר דערגיין די יאָרן פֿאַר מיין חברן זיך מיט אָט דעם נתנען.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שכל אַרומצושלעפּן זיך מיט אַ לער־יינגל?

— האָט מיין פֿאָטער נישט פֿאַרשטאַנען.

איך האָב אים נישט געקענט דערקלערן דעם שכל דערפֿון, פּונקט ווי איך האָב אים נישט געקענט דערקלערן דעם שכל פֿון גליטשן זיך. אָבער איך בין גרייט געווען אָפּצוגעבן אַ גאַנצע וועלט פֿאַר אָט דעם רויט־האָריקן פֿלאַמענדיקן נתן. מיר פֿלעגן אַוועקגיין איבער די דערפֿער, אָפּשטעלן זיך ביי ווינט־מילן מיט פֿאַרלאַטעטע פֿליגל, פֿאַרקריכן צו דער ווייסל, וואו פּויערן האָבן געטריבן פֿליטן, צוקוקן זיך צו דעם פּריצישן הויף פֿון ריכטער כריסטאָווסקי, באַהאַלטן זיך הינטער בוימער און בערגלעך ביז די זון פֿאַרגייט. די שויבן פֿון דאָרפֿישע כאַטעס פֿלעגן לייכטן ווי גינגאָלד אין די צעפֿלאַמטע זון־אונטערגאַנגען. שטיקלעך גלאָז אין זאַמד האָבן געבלישטשעט מיט אַלע פֿאַרבן פֿון צעשפּילטע איידלשטיינער. מיר פֿלעגן זיך קוילערן אויף דער ערד און לויפֿן און יאָגן זיך אָן אַ פֿאַרוואָס און אַ פֿאַרוועץ, בלויז אויסצולאָדן פֿון זיך די כוחות פֿון יוגנט און דערוואַכונג, וואָס האָבן צעשפּאַרט אונדזערע יינגלערישע לייכטע גופֿים.

— באַטשאַן המלך, די געסט ברענגט! — פֿלעגן מיר מאַכן קולות צו די בושלען, וואָס זיינען געפֿלויגן אין דער בלויקייט פֿון הימלען.

גאָר אויפֿלעבן פֿלעגן מיר אין די טעג, ווען עס זיינען אויסגעפֿאַלן אין שטעטל יאַרידים, „אָטפּוסטן", הייליקע קאַטוילישע טעג, אין וועלכע די גלחים זיינען מכפּר די זינד פֿון די גלויביקע, און פֿערד־מאָביליזאַציעס.

די „אָטפּוסטן" פֿלעגן אויספֿאַלן אין זומער, טויזנטער פּויערן פֿלעגן זיך אָנקומען פֿון אַלע זייטן און שטראָמען צו דער קירכע, וואו זיי האָבן געבעטן מחילה אויף זייערע זינד, קניענדיק, זינגענדיק און הייליגענדיק זיך אונטערן פֿרייען הימל. גלייך פֿון די תּפֿילות, ריינע ווי די שעפּעלעך, האָבן

זיי זיך געלאָזט שיכורן און טאַנצן און שלאָגן זיך איבער ווייבער און כלות. פאַר די יידן פון שטעטל זיינען די גויאישע הייליקע טעג געווען אַ קוואַל פון פּרנסה. די קראָמען זיינען געווען געפּאַקט מיט קונים. די שוסטערס האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע שיך, די שניידערס זייערע פויערישע רעק, הויזן און שפּענצערס. אָרעמע יידן, ווייבער און קינדער האָבן אַרויסגעשטעלט טיש־לעך מיט לעקעכלעך און צוקערלעך און אַנדערע נאַשוואַרג. אַנדערע האָבן אַרומגעטראָגן פלעשער קוואַס צו פאַרקויפן. אין די צוויי גויאישע שענקען האָבן פויערן און שיקסעס געטאַנצט „קראַקאָוויאַקעס" און „מאַזורקעס", קנאַקענדיק מיט די געקאָוועטע שטיוול, אַז עס האָט מיט די הייזער גע־טרייסלט. די שיקסעס האָבן געקוויטשעט, געלאַכט.

אויף די יאַרידים אין שטעטל, וואָס פלעגן אויספאַלן פיר מאָל אין יאָר, פלעגן זיך אָנקומען יידן הענדלער און טאַנדעטניקעס פון אַלע אַרו־מיקע שטעט און שטעטלעך, פון באָווידוואָר, זאַקראָטשין, טשערווינסק, בלוינע, סאָכאָטשאָוו און אַפילו פון דעם ווייטלעכן ווישעגראָד. שוסטערס און היטל־מאַכער, קירזשנער און שניידער, אָקסן־הענדלער, פערד־הענדלער, קצבים, פעל־הענדלער, חזיר־האָר אויפקויפער, אַלטע און יונגע, יידן מיט בערד און געזעלן מיט קורצע רעקלעך, ווייבער, מיידלעך, אַלע פלעגן זיי אָנקומען מיט זייערע בוידן אוןביידלעך און גיך אָוועקגעשטעלט זייערע טישן און שטעלעכלעך אויף דעם מאַרק, שלאָגנדיק זיך און קריגנדיק זיך איבער אַ שטיקל פלאַץ, איבער חזקה, איבער השגת־גבול. זיי פלעגן נאָך פאַרכאַפּן די פלעצער אַ נאַכט פריער און אָפּזיצן אַזוי ביי זייערע דראַ־בערטע פּאָזיציעס ביז צומאָרגנס, ווען דער יאַריד האָט זיך אָנגעהויבן. דער־ביי האָט מען זיך דורכגעוואָרפן מיט זידל־ווערטער, מיט צונעמען, מיט אויסרעכענען זיך דעם יחוס. מען האָט זיך אויך געקיבעצט איבער די שטעט. דער עיקר פלעגט מען דערגיין די יאָרן די ווישעגראָדער לייט, וואָס ריידן דייטשמעריש און פאַרענדיקן יעדעס וואָרט מיט אַ „ביע".

— העי, ווישעגראָדער עבע, מעבע, דעבע! — האָבן זאַקראָטשינער טאַנדעטניקעס געלאַכט פון די יידן פאַר זייער פאַרדייטשמערישן יידיש.

— ווישעגראָדער רייטשעבע, אַ וואָלקן גייט! — האָבן די באָווידוואָ־רער היטל־מאַכער געשפּאָט.

דאָס איז אַן אָנצוהערעניש, אַז אין ווישעגראָד קאָכן אַלע ווייבער צו־געפּרעגלטע ציבעלעס, אַזוי אַז אַ וואָלקן גייט אַזש אַרויף פון שטעטל צום הימל...

די ווישעגראָדער פון זייער זייט האָבן נישט געשאָנקען די אָנגרייפער זייערע און געחוזקט פון זייערע שטעטלעך. אַנדערע האָבן זיך אויסגעלייגט

אויף זייערע פעק און געשלאָפן אונטערן פרייען הימל. אַנדער האָבן גע־ברענט פייערן, זיך אַנצוואָרעמען אין דער קאַלטער נאַכט. פאַרטאָג, מיטן ערשטן שפּראָץ, האָבן פרעמדע יידן זיך געאיילט זיך אין בית־המדרש, אויף גיך אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אייגענע אָדער געבאָרגטע טלית און תפילין און אַריינגעכאַפּט אַ דאַווענען. פון אַלע וועגן האָבן זיך געצויגן פויערן, פאַר־מעגלעכע פויערן מיט פערד און וואָגנס און מיט אַ צוגעבונדענער בהמה פון הינטן; אָרעמערע פויערן — צופוס טרייבנדיק אַ חזיר ביי אַ צוגע־בונדן שטריקל. בעדנערס מיט זייערע נייע עמערס, באַליעס, מולטערס און פעסלעך; חזירניקעס מיט זייערע קישקעס; בעטלערס, באַהאַנגענע מיט קרעלן, צלמים און יויזלעך; גויעס מיט קיישלעך עופות און אייער; מו־זיקאַנטן מיט אַ דודל־זאַק; פריילעכע יידישע שמאַטניקעס מיט זייערע ביידלעך שמאַטעס, ביינער און שפּילצייג; קונצנמאַכער, מאַלפּע־פירער, טע־פער און זיפּן־פאַרקויפער, — אַלע האָבן זיי זיך געצויגן פון אַלע וועגן און שטעגן. דער האַנדל האָט געקאָכט. יידישע קרעמער האָבן גערופן קונים, גויים און גויעס האָבן זיך געדונגען, געפּאַטשט אין קרעמערישע הענט, בהמות האָבן געמרוקעט, פערד האָבן געהירזשעט, חזירים האָבן געקוויטשעט, הינער און גענדז האָבן געקאַראַדאַטשעט, מוזיקאַנטן האָבן געשפּילט, שיכורים האָבן געזונגען, שיקסעס האָבן געלאַכט. אַלץ האָט געציטערט פון לעבן און באַוועגונג. פון צייט צו צייט זיינען אויסגעבראָכן געשלעגן צווישן שיכורע פויערן און זיי האָבן זיך גענומען שפּאַלטן די קעפּ מיט דרענגער און „קלאָניצעס", פלאָקנס, וואָס האַלטן אונטער די ברעטער אין וואָגנס אָבער דער שטעטלדיקער סטראַזשניק, מיט דער הילף פון די עטלעכע אָנ־געקומענע סטראַזשניקעס פון דאָרף מיטן קאָמישן נאָמען קאַפּיענאָס, וואָס מיינט „רינענדיקע נאָז", פלעגן מיט זייערע שווערדן איינשטילן די שלע־גערס. ביי יעדן פויערישן געשלעג פלעגן דערשראָקענע יידישע הענדלער נעמען פּאַקן די סחורות, אין מורא אַז „עס הייבט זיך אָן". באַלד האָבן זיי ווידער צעפּאַקט די סחורות און גענומען ווייטער האַנדלען...

פרנסה איז שטעטל האָבן אויך אַריינגעבראַכט די פערד־מאָביליזאַציעס. איינמאָל אין יאָר פלעגט מען רופן אַלע פערד צו אַ קאָמיסיע און באַטראַכטן זיי צי זיי זיינען ראוי צו מיליטערישער דינסט אין פאַל פון אַ מלחמה. טויזנ־טער פערד פלעגן די פויערן ברענגען צו דער קאָמיסיע, וואָס איז באַ־שטאַנען פון סאָכאַטשעווער נאַטשאַלניק און עטלעכע קאַוואַלעריע־אָפיצערן. דאָס הירזשען פון די פערד האָט זיך געהערט ווי ווייט. די פויערן, וואָס זייערע פערד זיינען געשטעמפּלט געוואָרן מיט אַ צייכן אויפן הינטן, אַ סימן, אַז זיי זיינען ראוי צו דער דינסט, זיינען געווען שטאָלץ ביי זיך און געלאַכט פון

די פויערן, וואָס זייערע שוואַכע קליאַטשעס זיינען דורכגעפאַלן. די דורכגעפאַלענע האָבן זיך געשעמט אין ווייטן האַלדז אַריין. בלויז די יידישע פערד־באַלעבאַטים האָבן זיך נישט שטאַרק איבערגענומען דערמיט, וואָס זייערע פערדלעך זיינען ניט דורכגעפאַלן. ביי אָט־די מאָביליזאַציעס האָבן די טויזנטער אָנגעפאַרענע פויערן געגעבן היפש צו לייזן אין שטעטל. זיי האָבן אויך געשיכורט און געטאַנצט אין די גויאישע שענקען און אויפגעגעסן וועלטן מיט חזירים. אונדזער שכן, דער חזירניק פּיאַסעצקי, אַ בלאָנדער פעטער גוי, וואָס מיט זיין פאַררייסענער נאָז, קליינע אייגעלעך און האַרטע בערשטלדיקע פלאַקסענע האָר האָט ער שוין אַליין דערמאָנט אין אַ חזיר, האָט געקוילעט חזירים אויף וואָס די וועלט שטייט. דער גוי האָט געמוזט שטאַרק ליב האָבן דאָס קוילען די חזירים, ווייל ער פלעגט זיי אָנטאָן די ווילדסטע יסורים ביים אומברענגען זיי. ער פלעגט זיי שניידן און ברענען לעבעדיקערהייט און פראַווען אַזאַ אַרגיע מיט זיינע מעסערס און העק, אַז די קולות פון די געקוילעטע פלעגן אויפטרייסלען דאָס שטעטל. מיין טאַטע פלעגט אומגיין אַ בלאַסער פון רחמנות צו די באַשעפענישן, וואָס הגם זיי זיינען טמא, זיינען זיי פונדעסטוועגן גאָטס ברואים.

— איי, טאַטע זיסער, ווי ווערט מען שוין אויסגעלייזט פון די טמאים! האָט דער טאַטע געמורמלט, הערנדיק די שווידערלעכע געוויינערייען פון די דברים־אַחרים און די צעלאָזענע געזאַנגען און טענץ פון די שיכורע גויים און גויעס.

נאָך די יאַרידים, „אָטפּוסט״־טעג און פערד־מאָביליזאַציעס, פלעגן אַראָפּקומען יידישע קבצנים אין שטעטל און פאָדערן פעטע נדבות ביי די בעלי־בתים, וואָס האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן. פון צייט צו צייט פלעגט אויך אַראָפּקומען אַן „אייניקל״, אַ ווייבעריש רבילע, וואָס פלעגט אַרומפאָרן איבער דער וועלט אין אַן אייגןביידל, וואָס איז אָנגעטריבן געוואָרן פון אַ ייד אַ באַלעגאַלע, וואָס איז שוין אינאיינוועגס אויך געווען דעם רבילעס שמש. תמיד פלעגן אָט די „אייניקלעך״ פאַרפאָרן צו אונדז אין שטוב, כדי אָפּצושטאַטן אַ וויזיט ביים רב. די מאַמע, די מתנגדישע טאָכטער, פלעגט שמייכלען איבער די רבילעך מיט די ספּאָדעקעס, גרויסע פיאות און זיידענע זשופּיצעס, יידן עמי־הארצים, וואָס פלעגן זיך אָנגעבן פאַר בעלי־מופתים און צדיקים. אָבער דער טאַטע פלעגט זיי מקרב זיין, ווייל זיי זיינען מערסטנס געווען בני־קדושים, אייניקלעך פון גרויסע צדיקים. אַלע פלעגן זיי זאָגן, אַז זיי שטאַמען פון בעל־שם, פון קאָזשעניצער מגיד און פון ייד הקדוש. טרינקענדיק מיט הנאה די טיי, מיט וועלכע די מאַמע פלעגט זיי מכבד זיין, פלעגן זיי אויסרעכענען פאַר מיין מאַמען דעם געוואַלדיקן יחוס

זייערען אי פון פאַטערס צד, אי פון דער מוטערס צד, און זיפצן אויף זייער גורל, וואָס נישט חסידים פאָרן צו זיי, נאָר זיי מוזן פאָרן צו חסידים און אַרומשלעפּן זיך אויף דער וועלט. זיי האָבן אויך תמיד געהאַט טענות צו איינעם פון זייער דינאַסטיע, וואָס האָט געהאַט פאַרכאַפּט די מלוכה, די רבישע ירושה נאָך אַ זיידן, און זיי זיינען געבליבן אויפן וואַסער און מוזן זיין נע־ונד, אַרומשלעפּן זיך איבער דער וועלט.

— איי, רב, ס'איז אַ מבוזהדיקע זאַך דאָס אַרומשלעפּן זיך מיטן בײדל, — האָבן זיי געזיפצט. — תמיד אָן אַ היים, אָן ווייב און קינד, און קיין פּרנסה איז אויך נישטאָ. אַלץ גייט אַריין אין פערדל און אין משמש, להבדיל . . .

די שמשים, פּראָסטע יידעלעך, האָבן זיך געפּאָרעט ביי די הייליקע אויסגעדאַרטע רבישע פערדלעך אין דרויסן, דערלאַנגט זיי היי אין אַ טאָרבע און גערעדט מיט עם־האַרצישע לשון־קודשדיקע רייד, ווי עס פּאַסט פאַר אַ כלי־קודש.

— רביצין, כ'וואָלט אַ בעלן געווען צו גיין זיך וואַשן, — האָבן זיי געזאָגט, וואָס אויף פּראָסט לשון האָט עס געמיינט, אַז זיי ווילן אָפּעסן.

אַוודאי האָבן די חסידים אין שטעטל נישט געוואָלט אומקוקן זיך אויף די רבילעך, די צדיקים פון ווייבער און פּראָסטאַקעס; אָבער די ווייבער און די באַלמעלאָכעס האָבן געהאַלטן פון אָט די פּראָסטע רבילעך און געקומען צו זיי זיך מזכיר זיין און געקויפט ביי זיי אַלערליי קמיעות, אָפּגעשפּראָכענע קרייטעכצער, טיוולסקוים, הייליק גראָז, וואָס האָט זיך גערופן מיטן שיינעם נאָמען „איזוב", וועלפישע ציין, אָפּגעשפּראָכענעם בורשטין, בוימל, קור־פערנע דרייערס און נאָך אַזעלכע אַנטיקן. דער שמש, דער בעל־עגלה פלעגט צופירן די ווייבער צום רבין, ער זאָל בענטשן זיי און זייערע קינדער. ער פלעגט זיי פאַרפּאַקן די איינגעקויפטע הייליקע מציאות און דינגען זיך ביים נעמען פּדיונות.

— יידענע, ס'קומט צוויי מאָל ח"י, אַ פּרוטה נישט ווייניקער, — פלעגט ער טענהן, — און מיר לאָזט אויך עפּעס איבער, אין דעם זכות וועט איר געהאָלפן ווערן.

דאָס רבילע פלעגט גלאָצן מיט די אויגן, מאַכן אַלערליי העויות און מאַכן אויפן אָרט קמיעות, געשריבן מיט אַ געגנדזענער פעדער און מיט סופרישן טינט אויף קליינע שטיקעלעך פּאַרמעט. אָט די קמיעות פלעגט ער איינפּאַקן אין קליינע רויטע בײטעלעך און אָנזאָגן די חסידים און חסידותטעס זיינע, אַז זיי זאָלן זיי טראָגן אָנגעהאַנגען אויפן האַלדז און, חס־וחלילה, זיי נישט עפענען . . .

צווישן די יידענעס, וואָס פלעגן קומען צו די רבילעך, זיינען אויך געווען ווייבער פון חסידים און לומדים. די מאַנען זייערע פלעגן זיי נישט לאָזן גיין צו די רבילעך, אָבער די ווייבער האָבן זיך בגנבה אַריינגעכאַפּט צו די אייניקלעך און אויסגערעדט זיך פאַר זיי זייערע ביטערע הערצער. זיי האָבן נישט געוואָלט יוצא זיין מיט דעם, וואָס זייערע מאַנען זיינען זיי מזכיר ביי זייערע גרויסע גוטע־יידן. זיי האָבן געוואָלט האָבן זייערע אייגענע צדיקים, וואָס פאַרשטייען אַ ווייבעריש האַרץ. די ווייבער פלעגן דערנאָך כאַפּן דעם אמתן חלק פון זייערע מאַנען פאַר גלויבן אין אָט די ביידל־צדיקים. אַ גרויסע חסידותטע ביי די „אייניקלעך" איז געווען צירל, רפאל שניט־קרעמערס. אָט די צירל, אַ הויכע, שיינע, רויט־באַקיקע יידענע, האָט איר מאַן, רפאלן, קיין קינדער נישט געבוירן, און זי פלעגט אויספאָרן צו אַלע צדיקים אין פוילן געהאָלפן צו ווערן. צוליב דעם, וואָס די יידענע האָט קיין קינדער נישט געהאַט, האָט זי זיך געפילט זייער געפאַלן, הגם זי איז געווען אַ נגידותטע. זי האָט תמיד געפלאַמט פון בושה צוליב איר עקרהשאַפט און געשעמט זיך קוקן מענטשן אין די אויגן, באַזונדערס מאַנס־בילן. און זי פלעגט ממש אָפּגילטן די „אייניקלעך" פאַר זייערע ברכות, קמיעות, עצות און רפואות. זי האָט געציטערט, דער מאַן אירער זאָל זי נישט גט'ן, ווי דער דין איז. לאַנגע יאָרן האָט רפאל, איר מאַן, זי נישט געגגט. ער האָט זי, אַפּנים, געמוזט ליב האָבן, די באַטעמטע שיין־געוויקסיקע יידענע, און אָנשטאָט גט'ן זי, איז ער מיט איר געפאָרן אויפסניי צו אַלער־ליי צדיקים. ווען קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן, האָבן זיך מאַן און ווייב געגט, ביידע האָבן געוויינט מיט ביטערע טרערן ביים גט'ן זיך. טשי־קאָווע איז געווען דאָס, וואָס ביידע האָבן חתונה געהאַט, ער מיט אַן אַנדער ווייב און זי מיט אַן אַנדער מאַן, און ביידע האָבן געהאַט קינדער.

צווישן די „אייניקלעך" האָט מען געוואוסט וועגן אָט דעם נגידישן פאַרפאַלק אָן קינדער, וואָס האָבן יאָרן־לאַנג זיך בשום אופן נישט געוואָלט גטן און גרייט געווען אַלץ אַוועקצוגעבן פאַר אַ קינד. און די רבילעך פלעגן כמעט בלויז צוליב זיי אַראָפּקומען אין אונדזער שטעטל. צירל פלעגט זיי צאָלן מיט גאָלד־שטיקלעך, נישט מיט קיין קופּער. אַפילו רפאל, איר מאַן, וואָס איז אַליין געפאָרן צו אַ גרויסן גוטן־ייד, האָט פונדעסטוועגן געגעבן פדיונים די קליינע רבילעך — אפשר וועלן זיי עפּעס פועלן אין הימל.

איינער אַ רבילע האָט אַמאָל מיר געגעבן אַ מתנה אַ קמיע, אַ באַ־לוינונג דערפאַר, וואָס איך האָב אים געוויזן דעם וועג צו דער מקווה.

— זאָלסט עס נישט אויסטאָן קיינמאָל, אַפילו נישט צום שלאָף, — האָט ער מיר אָנגעזאָגט, — און חס־וחלילה נישט עפענען. ס'איז אַ סכנה...

פאַרשטייט זיך, אַז ווי נאָר דער ווייבערישער צדיק איז אַוועק מיט זיין ביידל, האָב איך גלייך געעפנט די קמיע און איבערגעלייענט עטלעכע שורות פון לאַנגע אומפאַרשטענדלעכע תרגום־לשון ווערטער, מיט פאַנטאַס־טישע נעמען פון אַלערליי מלאכים און שדים און רוחות. עס זיינען אויך גלאַט געווען אָנגעשריבן שורות פון הוילע „שינס", „לאַנגע נונען" און „שלאָס־מעמען"... איך האָב די קמיע אַוועקגעגעבן מירל משה מענדלס, מיין חבר נתנס מוטער, פון וואָס זי איז געווען געוואַלדיק גליקלעך.

— קום אַרויס צו אונדז אין סאָד, וואָס מיר האָבן געדונגען ביים גלח, — האָט זי געזאָגט. — וועסט דאָרט קענען עסן עפל און פלוימען וויפל נאָר דו וועסט וועלן. מיין נתן איז דאָרט אויך דאָ.

איך האָב מיך נישט געלאָזט בעטן און פלעג אָפט אַוועקגיין צום גלחס סאָד, וואָס משה מענדל האָט אים געדונגען כמעט יעדן זומער און געהאַט אַ חזקה אויף אים.

אויב מיר פלעגן נישט פאָרן אויף זומער צום זיידן, פלעג איך אָפט אַרויסגיין צו די סעדער אַרום שטעטל.

גלייך נאָך פסח פלעגן טייל לענטשינער יידן אַוועקגיין צו די שכנהשע גויאישע סעדער־באַזיצער און אָפּדינגען די פּרוכט, וואָס די בוימער וועלן ברענגען. געדונגען האָט מען די סעדער אויף בלינד, אָפּשאַצנדיק די פּרוכטן לויט די געבליטן. אויב די וועטערן זיינען געווען גוט, און ווערעם האָבן זיך נישט אַריינגעכאַפּט אין די פּירות, האָט מען אָפּגעשפּאָרט עטלעכע הונדערט גילדן אויפן ווינטער. אויב דאָס געוועטעניש איז געווען שלעכט, איז מען אַרויס אָן ריווח פאַר אַ שווערן זומער אַרבעט, און אַמאָל אַפילו מיט היזק.

ביי אונדז אין שטוב פלעגן צוליב דעם אָפט פאָרקומען דין־תורות צווישן יידן, וואָס איינער דעם אַנדערן האָט באַשולדיקט אין אויסכאַפּן פון אים זיין פּריץ אָדער גלח, אויף וועמען ער האָט אַ חזקה. מיין פאָטער פלעגט מוסרן די, וואָס האָבן עובר געווען אויף דער עבירה פון השגת־גבול. די סאַדאָווני־קעס פלעגן אויך לאָזן שרייבן שטר־מכירות ביי מיין פאָטער, אין וועלכע זיי האָבן „פאַרקויפט" זייערע סעדער צו שמידט דעם שבת־גוי, אַזוי אַז שיקסעס זאָלן מעגן אום שבת רייסן אויבסט אין זיי. ווי נאָר די פּירות האָבן גענומען זיך באַווייזן אויף די בוימער, פלעגן די סאַדאָווניקעס זיך אַרויסציען אין די סעדער אַריין. אין מיטן סאָד פלעגט שטיין אַ בודע, גע־מאַכט פון אַ שטרויענעם דאַך, וואָס מען האָט אַוועקגעשטעלט אויף דער

ערד. אין אָט דער בודע האָט מען אַריינגעשטעלט די בעטן, אויפגעהאָנגען דעם טלית־זאַק אויף אַ טשוואָק און מען האָט אין איר אָפּגעוואוינט עטלעכע חדשים ביז מען האָט אַראָפּגענומען די לעצטע פרוכטן פון די ביימער. געקאָכט האָט מען אין דרויסן אויף אַ שייטער.

כאָטש חסידים און שיינע יידן האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט האַלטן סעדער, האָט אָבער משה מענדל קצב, וואָס האָט זיך געריבן צווישן חסידים, יאָ געדונגען יעדן זומער אַ סאָד. ער האָט געמוזט זוכן פּרנסה פאַר זיין פולער שטוב עסערס. און פאַר מיר האָט זיך אָנגעהויבן אַ גליקלעכע צייט. איך פלעג אָפּליגן מיט נתנען אין די סעדער, עסן פרוכט פון די ביימער, העלפן רייסן קאַרשן, פּאַקן פרוכט אין קוישן און אין פעסלעך, וואָס מען פירט קיין וואַרשע אויפן מאַרק. שענער נאָך ווי די טעג זיינען געווען די אָוונטן אין די סעדער. משה מענדלס יינגלעך פלעגן אַרומגיין האַלטן וואַך קעגן גנבים, פייפן און שרייען מיט עכאָדיקע קולות. פריידל און אירע חברטעס, וואָס האָבן זיך אָנגעדונגען אין זייער סאָד צו רייסן אויבסט, האָבן געזונגען אין דער סאַמעט־שוואַרצער נאַכט זייערע בענקנדיקע ליבע־לידער. פון הימל זיינען שטערן געפאַלן; פייערלעך האָבן געבלישטשעט פון דאָרפישע כאַטקעס, הינט האָבן געבילט. איך בין געווען איבערגעוועלטיקט פון גליק, זיצנדיק אין גלחס גרויסן סאָד. איך האָב בלויז ניט געוואָלט קושן דעם גלחס האַנט, ווי די קינדער פון די סאַדאָווניקעס האָבן עס געמוזט טאָן, און איך האָב זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל יעדעס מאָל, ווען דער גלח האָט זיך באַוויזן אין זיין לאַנג שוואַרץ קלייד, איבער וועלכן אַ מעשענער צלם איז געהאַנגען. אָפט פלעגט נאָכן גלח נאָכגיין אַ פעטע לאָכנדיקע גויע. דאָס איז געווען זיין דינסט, אָדער די „גאָספּאָדיני", ווי מען האָט זי גערופן. נתן האָט מיר דערציילט גאַרנישט קיין שיינע זאַכן וועגן אָט דער פעטער גויע, וואָס וואוינט אין איין הויז מיט דעם קאַטוילישן פּרוש, וואָס טאָר קיין ווייב נישט האָבן . . .

אַז איך פלעג שוין צופיל אָפּזיצן אין משה מענדלס סאָד, פלעג איך אַוועקגיין צו מיין חבר הערשל יונתן שניידערס, וואָס האָט אויך געוואוינט אין אַ סאָד אין אַ נאָענטן דאָרף. צוזאַמען מיט מיר פלעגט אויך אַרויסקומען יואל, אַ יינגל וואָס זיין פאָטער האָט געהאַט אי אַ בשמים־געוועלבל, אי ער איז געווען אַ גלעזער. יואל פלעגט מיטברענגען פולע קעשענעס מיט צוקער־לעקעכלעך, אין דער פאָרם פון מענטשעלעך און פערדלעך, וואָס ער פלעגט אַרויסשלעפּן פון פאָטערס געוועלבל, און שטיקער קיט, מיט וועלכן זיין פאָטער דער גלעזער פלעגט פאַרקיטעווען שויבן. איך האָב פון דעם קיט אויסגעקנאָטן אַלערליי מענטשן און בהמות און חיות. מיר האָבן אויך

צעקנאָטן ליים און אויסגעאַרבעט אַ וועלט מיט גולמס. אין זייערע אויגן־לעכער האָט מען אַריינגעזעצט זשוקעס און משה־רבינוס קיעלעך.

איך האָב טייער באַצאָלט פֿאַר מיינע שעהן אין די סעדער. ערגער נאָך ווי מיין פּאָטערס מוסר, זיינען געוועזן די האַרבע און לאָגישע שטראָף־רייד פֿון מיין מוטער דערפֿאַר, וואָס איך בין קיין לייט נישט און עס וועט אויסוואַקסן פֿון מיר אַן איטשעלע שמואל פּאָניעס. אָבער אַלע שטראָפֿן זיינען ווערט געוועזן פֿאַר די ליכטיקע און גוטע טעג אין די סעדער, פֿאַר די שוואַרצע סאָמעטענע נעכט, אויסגעהאָפּטען מיט מיליאָנען שטערן, אין וועלכע איך האָב דערפֿילט דעם סוד פֿון וועלט, לעבן און עקזיסטענץ.

# חסידים גיבן זיך אָפּ מזל טוב צוליב דעם וואָס ד״ר הערצל איז געשטאָרבן

עטלעכע יאָר נאָכ'ן אומגליק מיט די צוויי קינדער, וואָס זיינען אַוועק אין איין טאָג, האָט מיין מאַמע געבראַכט נייע דורות אויף דער וועלט. צום ערשטן האָט זי געבוירן איין יינגל, מיט אַ יאָר־צוויי — אַן אַנדערס. ביי איינער אַ קימפּעט איז מיין מוטער דאָס געבוירן נישט געגאַנגען לייכט און מיין פאָטער איז אַוועק אין בית־המדרש אַריין. אָבער אויפן וועג האָט מיך דער יצר־הרע איבערגענומען אין די הענט אַריין, און אַנשטאָט מיך לאָזן גיין אין מקום־קדוש, האָט ער מיך געהייסן אַרויסגיין צו מיין נייעם חבר, בריטאַן, אַ הונט.

ווי מערסטנס יידישע יינגלעך פון פרומע שטובן, האָב איך אַ צייט געציטערט פאַר הינט, און ווען איך האָב געזען שונאים פון ישראל. צו־גלייך מיט די שקצים, פלעגן די הינט נישט קענען פאַרטראָגן קיין לאַנגע יידישע פּאָלעס, און איך בין געווען זיכער, אַז די הינטישע שנאָה צו יידן איז אַן אייביקע, פון דור־דורות, און בלויז ווען דאָס פאָלק ישראל איז אַרויס פון מצרים, האָט גאָט געמאַכט אַ נס, אַז די כלבים זאָלן נישט בילן דערויף, ווי עס שטייט געשריבן אין חומש, אַז אַ הונט האָט זיין צונג נישט אַרויסגע־שטעקט. יאָ, איך האָב מורא געהאַט פאַר די פיר־פיסיקע שונאים פון ישראל, די אייביקע פריינד פון גויים. אָבער צוזאַמען דערמיט האָט עס מיך געצויגן צו הינט מיט אַ געוואַלדיקן כוח. אונדזער שכן, דער פעלדשער פּאַוולאָווסקי, האָט געהאַט אַ זון אין מיין עלטער, אַנאַטאָל. אָט דער שייגעץ האָט געהאַט אַ הונט, מיט וועלכן ער פלעגט זיך אָפּט שפּילן. ער האָט דעם הונט געלערנט שטיין אויף די הינטערשטע פיס, דערלאַנגען די לאַפּע אין דער האַנט אַריין און נאָך אַזעלכע חכמות. ער פלעגט אויך אַריינקריכן מיט די פינגער דעם כלב אין גרגרת אַריין און דער הונט האָט אים נישט גע־ביסן, נאָר געלעקט און געקושט. איך בין גרייט געווען אַוועקצוגעבן אַ העלפט פון מיין לעבן צו האָבן אַזאַ הינטישן חבר. אָבער איך האָב זיך דערשראָקן פאַר מיינע אייגענע געדאַנקען.

איינמאָל האָט זיך אַ הונט צו מיר דערנענטערט הינטערן שטעטל.

אין דער ערשטער רגע, אַז איך האָב געזען ווי אַ גרויסער, ברוינער געדיכט־האָריקער הונט גייט מיר נאָך, האָב איך געטראַכט צו לויפן; אָבער

איך האָב געוואוסט פון דערפאַרונג, אַז קיין זאַך גיט אַ הונט נישט אַזוי פיל קוראַזש נאָכצויאָגן זיך נאָך אַ יידיש יינגל, ווי ווען מען אַנטלויפט פון אים, און איך האָב זיך אָנגענומען מיט העלדישקייט פון גרויס שרעק און געגאַנגען פּאַמעלעך מיין וועג. דער הונט איז מיר נאָכגעגאַנגען. זעענדיק אַז די סכנה איז גרויס, האָב איך גענומען באַשיצן זיך מיט אַ פּסוק.

— „לא יחרץ כלב לשונו" — האָב איך געמורמלט, ווי מען האָט מיך געלערנט זאָגן אַזאַ שפּרוך אין באַגעגעניש מיט אַ כלב; אָבער דער הונט האָט זיך נישט ווייסנדיק געמאַכט פון אַ פּסוק און מיר נאָכגעפאָלגט יעדן טראָט. מיטאַמאָל האָט ער געעפנט דאָס מויל און באַוויזן שפּיציקע ציין און אַ ראָזן לעקער. איך בין געווען זיכער, אַז ער גייט מיך אָנכאַפּן ביי דער לאַנגער פּאָלע פון מיין צייגן כאַלאַט. אָבער דער הונט האָט בלויז געלעקט מיינע פיס, זיינע אויגן זיינען געווען פול מיט אונטערטעניקייט צו מיר, דעם יידישן יינגל, ווי איך וואָלט גאָר נישט געווען קיין אָפּשטאַמיקער פון ישראל. איך ווייס נישט, וואָס עס איז געווען אין מיר שטאַרקער — די ליבשאַפט צום הונט אָדער די מורא פאַר אים, אָבער איך האָב מיר איינגעשטעלט דאָס לעבן און אים געגעבן אַ גלעט איבערן קאָפּ. דער הונט איז צו מיר צוגעפאַלן מיט אַזאַ אויסגוס פון פרייד און התלהבות, אַז ער האָט מיך שיר נישט אומגעוואָרפן.

פון דעמאָלט אָן האָט דער הונט מיך נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט געמוזט זיין אַ פאַרלאָזן באַשעפעניש, היימלאָז און הונגעריק און ער האָט געזוכט שפּייז און אַ מענטשנס הערשאַפט איבער זיך. ווען איך האָב אים בגנבה אַרויסגעטראָגן ברויט פון שטוב, האָט ער מיר געקושט די טריט, געוויינט, איך זאָל אים אַריינלאָזן אין הויז; אָבער איך האָב נישט געוואָגט אַריינצופירן אַ כלב אין אונדזער רבנישער שטוב. איך האָב אים אַ נאָמען געגעבן „בריטאַן", ווי אַ סך הינט האָבן אין אונדזער געגנט געהייסן.

ווען מיין מוטער איז געגאַנגען צו קינד, האָט „בריטאַן" געוואַרט פאַר דער טיר. ער האָט געיאָמערט, איך זאָל אים אַריינלאָזן. איך בין אַזוי איבערגענומען געוואָרן פון זיין האילן, אַז איך האָב אים אַריינגעלאָזט אין אונדזער פעדער־הייזל.

איך געדענק נישט ווי לאַנג מיין מאַמע האָט זיך געמאַטערט אין איר ווייבערישער פּיין, אָבער איך געדענק, אַז קיינמאָל אין מיין ייִנגלעריש לעבן האָב איך נישט געהאַט דורכגעלעבט אַזעלכע שעהן פון תענוג. איך האָב דעם הונט געלערנט שטיין אויף די הינטערשטע פיס, און געבן מיר שלום־עליכם מיט דער לאַפּע. זיין האָריקער פוס איז געווען סאַמעט־ווייך און וואַרעם. זיינע אַראָפּהענגנדיקע אויערן זיינען געווען גלאַטיק ווי סאַמעט.

נאָך אַ צייט האָב איך מפקיר געווען מיין האַנט און זי אַריינגעשטעקט דעם כלב אין גרויסן ציטערנדיקן מויל אַריין. דעם הונטס ציין האָבן צערטלעך זיך צוגערירט צו מיין האַנט, פאַרזיכטיק, קיין קראַץ אַפילו נישט צו געבן אין מיין הויט. זיין ראַזע צונג האָט באַגאָווערט מיינע פינגער. ווער ווייסט ווי לאַנג די קעגנזייטיקע צערטלעכקייטן וואָלטן אָנגעהאַלטן, ווען פּלוצ־לונג עפנט זיך נישט די טיר פון דרויסן און עס באַווייזט זיך נישט מיין פאָטער, אַרומגערינגלט מיט אַ מנין בעלי־בתים, וואָס האָבן געזאָגט מיט אים תהילים אַזוי לאַנג, ביז מיין מאַמע האָט געבראַכט אַ נייעם זון אויף דער וועלט.

„בריטאַן" האָט זיך גלייך אַ לאָז געטאָן אויף מיין טאַטנס סאַמעטענער זשופּיצע, ווי געוויינלעך כלבים, וואָס האָבן עפּעס אַ באַזונדערע שנאה צו לאַנגע יידישע פּאָלעס. מיין פאָטער איז פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק.

— אוי ווי מיר, — האָט ער געמורמלט, צוריקרוקנדיק זיך. — נו, אַ, טרייב אַרויס דעם הונט!

איך וואָלט אים אוודאי אַרויסגעטריבן, דעם היינטישן חבר מיינעם, ווען איך וואָלט אים נישט געווען געהאָט צוגעבונדן מיט אַ שטריקל צו דער טיר פון פעדער־הייזל, ווי געוויינלעך גוים האַלטן צוגעבונדן הינט אין די דערפער. איך האָב גענומען גיך אָפּבינדן דעם הונט, אָבער מיינע הענט האָבן געציטערט און דאָס שטריקל נאָך מער פאַרפּלאָנטערט. מיין פאָטער האָט אויסגעדריקט עקל צום הונט, און נאָך מער צו מיר, דעם הונטס חבר.

— אַזוי פירט זיך אַ גמרא־בחור, — האָט ער מיך געפרעגט — אָנשטאָט זאָגן תהילים פאַר דער מאַמען, האָסטו גאָר אַריינגענומען אַ הונט אין הויז זיך צו שפּילן?

דער מנין יידן האָט געשאָקלט מיט די קעפּ.

— שיין, זייער שיין, — האָבן זיי געזאָגט, — געפונען די ריכטיקע צייט דערויף...

„בריטאַן" האָט געוויינט ווען איך האָב אים אַרויסגעטריבן פון הויז. אין זיינע אויגן איז געווען איבעררעאַשונג און בושה. איך האָב נישט גע־האָט קיין שענער פּנים פון אים. מיין נאָמען אין שטעטל איז געפאַלן אַזוי נידעריק, וואָס נידעריקער האָט ער שוין גאַרנישט געקענט פאַלן.

אינגיכן האָב איך נאָך אַן ערגערע זאַך אַריינגעפירט צו אונדז אין הויז — די פּאָקן־מגפה, איינער פון מיינע חברים איז קראַנק געוואָרן אויף פּאָקן. איך בין געגאַנגען צו אים און געשפּילט אין קנעפּלעך ביי זיין בעט. אין איינעם אַן אָוונט האָב איך געקראָגן הויכע היץ. נאָך מיר

האָבן געקראָגן היץ מיין עלטערע שוועסטער און מיין קליין ברודערל, איטשעלע, אַ רויט־האָריק זויג־קינד. דער פעלדשער פּאַוולאָווסקי האָט געזאָגט, אַז דאָס זיינען פּאָקן, און נישט קיין ווינד־פּאָקן, נאָר די אמתע. מיין מוטער, אָנגעשראָקן פון אומגליק מיט די צוויי טעכטערלעך מיט עט־לעכע יאָר פריער, האָט געהייסן ברענגען דעם דאָקטער פון זאַקראָטשין, וויפל עס זאָל נישט קאָסטן. דער דאָקטער האָט אַרויסגעטריבן אַלע ווייבער און מאַנסבילן, וואָס זיינען זיך אָנגעקומען צו אונדז אין הויז, ער האָט אויפ־געפּראַלט די פענצטער, וואָס זיינען געווען גוט צוגעמאַכט, זיי זאָלן, חלילה, נישט אַריינלאָזן קיין ווינטעלע, און ער האָט גערעדט צו מיר פּויליש מיט יידישע ווערטער געמישט:

— פּאָקאַזש פּופּיק, שייגעץ! צייג ציינגעלע, טאַק...

ער האָט אָנגעשריבן אַ רעצעפּט, גענומען די עטלעכע רובל מיט צוויי פינגער, ווי עס וואָלט אים גאָר נישט אָנגעשטאַנען צו נעמען געלט, און אָנ־געזאָגט מיר, דראָענדיק מיט אַ פינגער, איך זאָל נישט קראַצן די פּאָקן, ווייל כ'על זיין געשטופּלט און נישט קריגן קיין כלה.

איך בין גרייט געווען קיינמאָל קיין כלה נישט צו קריגן, אַבי צו קראַצן די געפּאָקטע הויט מיינע, וואָס האָט געברענט ווי אַ העליש פייער. מיין מאַמע איז געזעסן לעבן מיין בעט, צוגעהאַלטן מיינע הענט און גע־טענהט צו מיר:

— קראַץ נישט, קינד מיינס, וועסט האָבן שטופּלען אין פּנים ווי יונתן שניידער...

נאָך היפּשע עטלעכע וואָכן איז די הויט פון מיר אַראָפּ, אָפּגעשיילט זיך פון קאָפּ ביז פיס. מיט אַ נייער הויט בין איך אויפגעשטאַנען פון בעט. דער טאַטע האָט מיך צוריק איינגעשפּאַנט אין דער תורה און אַליין גענומען לערנען מיט מיר, און דווקא די מסכת עבודה־זרה, אַ גמרא, וואָס האָט צו טאָן מיט דינים וועגן געצנדינער, געטשקעס און אַנדערע אַזעלכע זאַכן. צוליב וואָס איך האָב געדאַרפט וויסן די אַלע דינים וועגן עבודה־זרה, האָב איך נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין; אָבער מיין פאָטער איז געווען שטאַרק פאַרקאָכט אין דער מסכתא, ער האָט מחדש געווען חידושים און געריוטלט זיך פון הנאה, ווען ער האָט זיי מיר געזאָגט. זיי זיינען מיר נישט גע־קראָכן אין קאָפּ אַריין. די זון האָט מיך גערופן און געלאָקט.

ביי איינעם אַזאַ שיעור אין פּרק כל־הצלמים, האָט זיך געעפנט די טיר, עס איז אַריינגעקומען טרייטל שניט־קרעמער, אַ הויכער דאַרער ייד, מיט אַ מאָדנער שוואַרצער באָרד, וואָס איין שפּיץ אירער איז געווען אַ

לאַנגער, אַ געקרייזלטער, און דער אַנדער שפּיץ אַ קורצער און אַ גלאַטער. דער ייד האָט געשיינט פון שמחה און געזאָגט הויך:

— מזל־טוב, רב!

— וואָס איז דער מזל־טוב, ר׳ טרייטל? — האָט מיין פאָטער אים איבערגעפרעגט.

— דאָקטער הערצל האָט אַ מיתה משונה איינגענומען! — האָט ר׳ טרייטל געזאָגט.

דערביי האָט ער צוגעגעבן אַ מיאוסן גראַם צום נאָמען הערצל.

מיין פאָטער האָט זיך פאַרקרימט איבער דעם מיאוסן וואָרט און גע־וואָלט וויסן וועגן וואָס דער ייד רעדט.

— ווער איז דאָס דער דאָקטער הערצל? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— אַ משומד, וואָס האָט געוואָלט פירן אַלע יידן צו דער שמד, — האָט ר׳ טרייטל קלאָר געמאַכט, — אָבער ער האָט עס נישט דערלעבט.

— געלויבט דער אויבערשטער, — האָט מיין פאָטער געדאַנקט און פאַרענדיקט מיט אַ פּסוק „באבוד רשעים רנה״, דאָס הייסט, אַז ווען רשעים קומען אום, דאַרף מען זינגען...

גלייך ווי ר׳ טרייטל איז אַרויס, האָט מיין טאַטע גענומען וויי־טער לערנען די מסכתא עבודה־זרה. נאָכן שיעור בין איך גיך געלאָפן צום הויז פון שטעטלשן נגיד ר׳ יהושע, כדי אָנצוזאָגן זיין אייניקל פון שטע־טעלע לעשנע די בשורה וועגן דעם דאָקטער, דעם משומד, וואָס האָט גע־וואָלט אַלע יידן אָפּשמדן. דאָס לעשנער יינגל האָט געשאָלטן טרייטלען מיט טויטע קללות.

— דאָקטער הערצל האָט ,געוואָלט אַלע יידן פירן קיין ארץ ישראל, — האָט ער מיר געזאָגט. — קום, וועל איך דיר ווייזן זיין פּאָרטרעט.

אין אַ לשון־קודש ביכל, אין וועלכן עס זיינען געווען אויסגעמאָלט אַלערליי צייכענונגען, איז געווען אויך אויסגעמאָלט אַ ייד אין בלויזן קאָפּ אָבער מיט אַ גרויסער שיינער באָרד. אונטן איז געווען אָנגעשריבן זיין נאָמען: ד״ר הערצל. דער מאַן מיט דער באָרד האָט גלייך געוואונען מיין דרך־ארץ און סימפּאַטיע. דעם נגידס אייניקל האָט מיט מיר אַ סך גערעדט וועגן דעם ד״ר הערצל און ער האָט מיך אין איין וועגס אויס־געלערנט אַ לשון־קודש לידל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן:

חדר קטן, צר וחמים, ועל הכירה אש,
שם הרבי את תלמידיו מורה אלף־בית...

כאָטש דאָס לידל האָט געהאַט אַ קנאַפּע שייכות מיט דעם ד״ר הערצל, האָב איך געזען דערין אַ צוזאַמענהאַנג. איך האָב כסדר געטראַכט וועגן

דעם מאַן מיט דער שיינער באָרד, וואָס האָט געוואָלט פירן יידן קיין ארץ־ישראל.

אינגיכן האָבן אַנדערע לייט אויפגערודערט מיין אַזוי־אויך אומרואיק יינגלעריש געמיט.

אין איינעם אַ טאָג, ווען ציגן האָבן געדרימלט אין גאַס און יידן אין זייערע קרעמלעך, האָט אַ שטויב זיך אַנגעטראָגן פון וועג און אויסגע־שיילט פון זיך עטלעכע הויפישע לייטער־וואָגנס, אָנגעפּאַקטע מיט מאָדנע לייט, פרעמדע און אומדערוואַרטעטע. אָנגעטאָן זיינען זיי געווען גרויס־שטאָטיש, מיט שטייפע הויכע קראַגנס, האַרטע קאַפּעליושלעך, מיט גע־גאָלטע בערד און מיט וואָנסן. איינער פון זיי האָט געשפּילט אויף אַ האַר־מאָניע; אַן אַנדערער האָט געהאַלטן הינטערן רעקל צוויי טויבן, וואָס האָבן דורך די לאָצן אַרויסגעשטעקט זייערע קעפּלעך. פון קרעמלעך און שטובן האָבן זיך די טיר און פענצטער געעפנט און מענער, ווייבער און קינדער האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ, גלאָצנדיק איבערראַשט אויף די פרעמדע פריצים. נאָך גרעסער איז געווען די איבערראַשונג, ווען אָט די פריצים האָבן גענומען רעדן יידיש צו די מיידלעך און ווייבלעך.

— שאַין וואָבעל, געבן זי מיר אַ קיש, — האָבן זיי גערעדט מיט אַ ברייט וואַרשעווער לשון.

איך בין, פאַרשטייט זיך, גלייך געווען אין דרויסן, צוזאַמען מיט די איבעריקע יינגלעך. מיר האָבן געקוקט אויף די פריילעכע פאַרשוינען, וואָס האָבן באַלאַגערט די קרעמלעך, איינגעקויפט פּאַפּיראָסן און זיך געטשעפּעט מיט די פאַרקויפעריננס.

— זעט, זיי זיינען יידן! — האָבן מיר זיך נישט געקענט צוגלויבן.

פון פריצס קנעכט האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דאָס האָט זייער האַר אַראָפּגעבראַכט די לייט אַזש פון וואַרשע, זיי זאָלן אויסמאָלן די ווענט און די סופיטן פון זיינע סאַליעס, וואָס ער האָט גאָר אָן אַ צאָל. זיי וועלן אויך איבערמאָלן אין קירכע די הייליקע בילדער, וואָס זיינען פון אַלטקייט אָפּגעקראָכן. איבער דער גאַנצער צייט וועלן זיי זיין אין שררהס הויף אויף דירה און קעסט. יידן האָבן זיך איבערגעקוקט. דאָס, וואָס יידן וועלן עסן אין הויף טריפות, און נאָך מער דאָס, וואָס זיי וועלן מאָלן יויזעלעך אין טיפלע, האָט אינגאַנצן צערודערט. שווייגנדיק, די קעפּ מער געבויגן ווי תמיד, זיינען באַלעבאַטים געגאַנגען צו מנחה און מעריב אין בית־המדרש. דאָס דאַוונען האָט קיין טעם נישט געהאַט דעם טאָג.

חדר־יינגלעך זיינען שלעכט געגאַנגען אין חדר פון יענעם טאָג אָן, וואָס די פרעמדע זיינען אין שטעטל אָנגעקומען. איך האָב אינגאַנצן פאַר־

לאָזט די גמרא און שעהן לאַנג געדרייט זיך אַרום שרהס הויף און דורך די שפּאַרעס פון הויכן הילצערנעם פּאַרקאַן געקוקט צו די פּרעמדע און זייער אַרבעט. אין פּאַפּירענע שקאָרמיצן אויף די קעפּ, אין געפּלעקלטע הויזן מיט פּאַרב זיינען זיי איבער לייטערס געקראָכן, אויף גלייכע ווענט זיך געדראַפּעט און פון זייערע הענט זיינען פויגל אַרויס, פּאַרביקע און פּאַנ־טאַסטישע, וואָס אַזעלכע זעט מען גאָרנישט; וואַסערלעך, ווינט־מילען,ביימער, פּאַסטעכער מיט פּייפלעך, טאַנצנדיקע מיידלעך מיט צעלאָזענע האָר, פּייגל אין דער לופטן זיינען פון זייערע פּאַרשמירטע הענט פּלינק אַרויס און אויף ווענט און טאַראַסן זיך באַזעצט. איך האָב פון קינדערווייז אָן ליב גע־האַט צו מאַכן מענטשעלעך. איך האָב זיי אָנגעצייכנט מיט קרייד אויף ווענט, אָנגעשריבן זיי אויף שער־בלעטלעך פון ספרים, אויסגעקראַצט זיי מיט אַ נאָגל אויף פאַרפרוירענע שויבן אין ווינטער. אויך פון ליים פלעג איך אויסקנעטן אַלערליי גולמס און חיות. איך האָב דעריבער נישט אָפּ־געריסן די אויגן פון די לייט, וואָס האָבן אַזעלכע שיינע זאַכן אויסגעמאָלט. זיי האָבן מיך נישט געטריבן, זיי האָבן בלויז פריילעך געוואונקען מיט די אויגן און געלאַכט.

— איטשע מאירל, האָסט עפּעס אַ שיינע שוועסטער? — האָבן זיי געוואָלט וויסן.

איך האָב מיך פאַרשעמט און רויט געוואָרן.

ווי געשיקט זיי האָבן געאַרבעט, אַזוי האָבן זיי געזונגען. וועלטן מיט געזאַנג זיינען אין זייערע מיילער געווען. דער מיט די טויבן אין רעקל האָט זיך אַרומגעדרייט, געזאָגט מבינות, געהייסן איבערמאַכן. די צוויי טויבן זיינע האָט ער גאָרנישט אַרויסגעלאָזט אויף קיין ווייל. אָדער ער האָט זיי געהאַלטן אונטערן רעקל מיט די קעפּלעך אַרויס, אָדער זיי זיינען געזעסן ביי אים אויף די אַקסלען, ווען ער האָט געדאַרפט נוצן די הענט. טאַטעס האָבן געפּאַטשט יינגלעך און מיידלעך פאַר דרייען זיך אַרום די פרעמדע, פאַרשלאָסן אין שטוב, געדראָט מיט גיהנום פאַר דערנענטערן זיך צו די משומדים. קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן. ווי פייער ציט שמעטער־לינגען, כאָטש עס פאַרברענט זייערע פליגעלעך, אַזוי האָבן די אָנגעפּאָרענע לייט געצויגן יינגלעך און מיידלעך. טאַטעס און מאַמעס האָבן געזיפצט און געסודעט זיך כסדר.

אין אייבעם אַ טאָג, אַ הייסן און אַ העלן, ווען די זון האָט גאַנצע צעבערס מיט גאָלד געשאָטן אויפ דעכער און ביימער, איז דער נאַטשאַלניק פון סאָכאַטשאָוו אָנגעקומען מיט אַ גאַנצער קאָמפּאַניע פון באַוואָפנטע פּאָ־ליציאַנטן. ער איז געגאַנגען פאָראויס פון זיין קאָמפּאַניע, מיט שנעלע

מיליטערישע טריט. די פּאָליציאַנטן האָבן געהאַלטן אין די הענט זייערע קרומע לאַנגע שווערדן. נאָך זיי זיינען נאָכגעגאַנגען „סאָלטעסעס", פּוי־ערישע עלטסטע, מיט בלעכלעך אויף זייערע ברוסטן און מיט גראָבע פלאָקנס אין זייערע הענט. דער נאַטשאַלניק האָט געגעבן באַפעלן. די פּאָליציאַנטן און די פויערן האָבן שנעל אַרומגערינגלט דעם פּריץ כריס־טאָווסקיס הויף. דערנאָך האָט דער עלטסטער אַרויסגעצויגן די שווערד און מיט פּאַראַדנע טריט אַריין אין הויף. די פּאָליציאַנטן האָבן אים נאָכ־געטאָן. די זון האָט פריילעך געשפּילט זיך אין די הוילע שווערדן, אין נאַטשאַלניקס לאַקירענע שטיוול. דער נאַטשאַלניק האָט אַרויפגעשריגן צו די אַרבעטנדיקע לייט אויף די לייטערס, געפאָכעט מיט דער שווערד. די פּאָליציאַנטן האָבן זיך געטומלט, געוואָרפן זיך אויף יעדן פון די פרעמדע לייט. באַלד האָבן צוויי פּאָליציאַנטן געבראַכט צו פירן דעם עלטסטן פון די לייט, דעם וואָס האָט די יויזלעך אין קירכע איבערגעמאָלט. ער איז געגאַנגען מיט פוילע טריט און געשוויגן. פלוצלונג האָט ער מיטביידע הענט די לאַצן פון זיין רעקל אָנגענומען און זיי האַסטיק צעעפנט. דער נאַטשאַלניק איז אַ דערשראָקענער אַ שפּרונג אָפּ געגעבן. דער פאַרפלעקטער מענטש האָט הויך געלאַכט. פון זיין רעקל זיינען בלויז צוויי טויבן אַרויס־געפלויגן, ווייסע, באַזילבערטע פון דער העלער זון. די פּאָליציאַנטן האָבן מיט פויערישע שטריק יעדן פון די לייט צוזאַמענגעבונדן די הענט, יעדע צוויי מענטשן אינאיינעם פאַרקניפּט. ווען אַלע זיינען געווען פאַרטיק, האָבן די פּאָליציאַנטן אַרומגערינגלט די געבונדענע. די „סאָלטעסעס" מיט די פלאָקנס זיינען געגאַנגען אין אַ זייט. דער נאַטשאַלניק האָט מיט העלדישע טריט מאַרשירט פאָראויס. זיינע לאַקירענע שטיוול האָבן געלאַכט צו דער זון. די פרעמדע זיינען געגאַנגען אויסגעגלייכטע. נאָך זיי זיינען עטלעכע הויפישע לייטער־וואָגנס נאָכגעפאָרן, פול מיט זייערע זאַכן און קעסטלעך ביי די קרעמלעך זיינען דערשראָקענע יידן און ווייבער געשטאַנען און שטיל געסודעט זיך. פון די סאָלטעסעס האָט מען דערשנאַפּט פאָרוואָס מען פירט די לייט אין שטריק געבונדן.

— זיי וועלן פאַרפוילט ווערן אין קייטן, — האָבן יידן געמורמלט, — זיי האָבן גערעדט אויפן קאַיסער...

פאַר די געבונדענע לייט האָט זיך אַ שטויב אויפגעהויבן און געגאַנגען פאָראויס ווי אַ וועג־ווייזער. האַרט איבער די קעפּ זייערע האָבן די צוויי ווייסע טויבן געפלאַטערט, אין דער זון זייערע פליגלען געזילבערט און באַגלייט די מענטשן אין זייער שטויביקן וועג.

— אַ מצווה אויף די טריפעניאַקעס! — האָבן פרומע יידן געזאָגט.

איך האָב מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן די טרערן, וואָס האָבן מיר צוגעשפּאַרט, און לאַנג נאָכגעקוקט די אַוועקמאַרשירנדיקע לייט, וואָס האָבן צערודערט מיין יינגלעריש געמיט, אָן אומרואיקייט דערין אַריינגעטראָגן. טעג דערנאָך האָב איך ביי קיין פאַל נישט געקענט פאַרשטיין דעם לייכטסטן דף גמרא, צום פאַרדרוס און וואונדער פון מיין פאָטער. איך האָב נישט אויפגעהערט טראַכטן וועגן דעם מאַן מיט דער שיינער באָרד, וואָס וויל פירן יידן קיין ארץ־ישראל, וועגן די פרעמדע לייט, וואָס וועלן פאַרפוילט ווערן אין קייטן פאַר זייער רעדן אויפן קייסער.

אינגיכן האָב איך זיך דערוואוסט וועגן אָט דיביידע ענינים.

אין איינעם אַ טאָג איז אומגעריכט אַ ליטווישער ייד פאַרפאָרן צו אונדזער שטוב, אַ ייד מיט קירצלעכע קליידער און אַ גרויס פאָניש היטל אויפן קאָפּ. ער האָט געפירט מיט זיך אַ יינגל, אָנגעטאָן אין אַ רעקל און אין הויזן איבער די שיך, און געזאָגט מיין טאַטן, אַז אָט דאָס קורץ־געקליידטע יינגל וויל ער איבערלאָזן ביי אים צו לערנען תורה. ער האָט אויך גערעדט מיט דער מאַמען, זי זאָל דעם יינגל געבן עסן און שלאָפן און אכטונג געבן אויף אים, און דערפאַר וועט ער צאָלן פיר קערבלעך אַ וואָך. דער ייד האָט גערעדט ליטוויש און איז געקומען פון אַרום גראָדנע. ווי אַזוי ער איז פאַרפאָרן אַזש קיין לענטשין, געדענק איך נישט מער. אָבער איך געדענק דעם יידס קירצלעכע קליידער און זיין פאָניש היטל, וואָס ביי אונדז האָבן אַזעלכע „דייטשישע" מלבושים געטראָגן נאָר קלעזמער אָדער אַ רופא. מיין פאָטער האָט דאָס ליטווישע יינגל אָנגענומען, אָבער ער האָט פאַרלאַנגט פון פאָטער זיינעם, אַז ער זאָל אים אויסטאָן די גויאישע מלבושים און אים אָנטאָן ווי אַ ייד. דער ליטווישער ייד האָט גלייך געהייסן ברענגען אַ שניידער און באַשטעלט פאַר זיין יינגל אַ לאַנג כאַלאַטל, וואָס מען זאָל אים אויפנייען אין דעם זעלבן טאָג.

דער ייד איז אַוועקגעפאָרן און אָנגעזאָגט זיין יינגל, ער זאָל שרייבן בריוו און לערנען תורה.

— שייקע, זיי אַ מענטש, — האָט דער ייד אָנגעזאָגט זיין זון, — דו הערסט, שייקעלע.

שייקע האָט צוגעזאָגט. אָבער ווי נאָר דער פאָטער איז אַוועק, האָט ער גלייך קיין מענטש נישט געוואָלט זיין. ערשטנס, האָט ער נישט געוואָלט אָנטאָן דאָס כאַלאַטל, וואָס דער שניידער האָט פאַר אים געמאַכט. ער האָט חוזק געמאַכט פון דער זשופּיצע. אַזוי האָט ער חוזק געמאַכט פון אַלעמען און אַלץ. קיין זאַך איז אים ניט געפעלן געוואָרן ביי די פּוילישע. די ערשטע עטלעכע טעג האָט ער נאָך ווי נישט איז געלערנט ביי מיין פאָ־

טער, צוזאַמען מיט מיר. באַלד האָט ער גענומען אויך ארויסדרייען זיך פון לערנען און אַרומלויפן וואו נאָר די אויגן האָבן אים געטראָגן. ער האָט אויך געקויפט אָפּט זיסקייטן אין די געוועלבלעך, אַלערליי צוקערלעך און לעקעכלעך, און גענאַשט אויף וואָס די וועלט שטייט. אָבער דער עיקר האָט דער יונג ליב געהאַט צו דערציילן מעשיות, אַלץ וועגן די גיבורים אין זיין ליטוויש שטעטל ביי גראָדנע. לויט זיינע מעשיות איז אויסגעקומען, אַז ביי זיי אין שטעטל וואוינען בלויז שמשון הגיבורס און אַז אַ גוי וואָגט גאָרנישט זיך צו באַווייזן אויפן יידישן מאַרק, ווייל די גיבורים מאַכן פון אים קרעפּל־פלייש. מיין פּאָטער האָט נישט געוואָלט הערן די פאַנטאַסטישע מעשיות און גערופן שייקען צו דער גמרא. שייקע האָט נישט געוואָלט אָנקוקן די גמרא און בעסער מיר דערציילט אַלערליי אויסטערלישע מעשיות פון זייער געגנט.

פון אים האָב איך זיך אויך דערוואוסט וועגן ציוניסטן און סאָציאַליסטן, וועגן סטרייקס און רעוואָלוציאָנערן, וואָס שיסן פּאָליציאַנטן, אָפּיצערן און אַפילו גענעראַלן און קייסאָרים.

איך בין צו דעם שייקען צוגעזאָטן געוואָרן. איך האָב געקוקט אין זיינע ברענענדיקע שוואַרצע אויגן, וואָס זיינען געווען פול מיט לעבן, לוסט און צעשפּילטקייט. איך האָב אָנגעמאָסטן זיין רעקל בגנבה. אויף די שפּאַצירן הינטערן שטעטל האָט ער מיך אויסגעלערנט אַ יידיש לידל, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט נאָך יעדער סטראָפע מיט אַ רוסישן „העי, העי, העי דאַלאַי, סאַמאָדיערזשאַוויעץ איז ראָסעי״...

איינמאָל ביי אַזאַ שפּאַציר, האָט אַ שייגעץ אָנגערייצט אויף אונדז אַ הונט. איך האָב געמיינט, אַז שייקע וועט זיך לאָזן לויפן, אָבער ער איז נישט געלאָפן. מיט די בלויזע הענט האָט ער זיך געוואָרפן אויפן הונט און אים פאַרטריבן. דאָס האָט אים גאָר אויפגעהויבן אין מיינע אויגן. איך בין גרייט געווען פאַר דעם שייקען אין פייער און אין וואַסער צו גיין. אָבער פּונקט ווי אומדערוואַרטעט דער יונג איז אַראָפּגעקומען צו אונדז, אַזוי אומגעריכט איז ער אַוועק. ער האָט ביי קיין פאַל נישט געוואָלט בלייבן ביי אונדז און איז אַנטלאָפן אַהיים. ער האָט מיר איבערגעלאָזט זיין נייע כאַלאַטל און אַ מעסערל, אַ קליין מעסערל, געמאַכט אין דער פאָרם פון אַ שטיוועלע, מיט אַ סך קליינגלעך און אַ פּראָפּן־ציִער. מער פון אַלץ האָט ער איבערגעלאָזט אומרואיקייט אין מיין האַרץ, בענקעניש נאָך עפּעס גרויסעס און ווייטס און אומגעוויינלעכס.

באַלד איז דאָס אומגעוויינלעכע געקומען. עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה צווישן די רוסן און די יאַפּאַנטשיקעס.

ווער עס זיינען דאָס די יאַפּאַנטשיקעס און וואו זיי געפינען זיך האָט קיינער נישט געוואוסט. אָבער מען האָט געוואוסט, אַז זיי געפינען זיך ערגעץ ווייט, הינטער די הרי־חושך און אַז זיי שלאָגן זיך מיט פּאָניעס סאָל־דאַטן, צווישן וועלכע עס זיינען אויך געווען עטלעכע לענטשינער בחורים. אינגיכן האָט מען אויך גענומען רעדן, אַז מען וועט נעמען אויסגעדינטע סאָלדאַטן, און ווייבער פון אַזעלכע מענער האָבן באַצייטנס גענומען קלאָגן און וויינען. אויך צווישן די פויערן האָט מען גערעדט וועגן דעם, אַז מען וועט צונעמען די מענער אויף דער מלחמה. אויף יאַרידים האָבן זיך אַלערליי קלאַנגען אַרומגעטראָגן, קלאַנגען וועגן אויפשטאַנדן, בונטן און מרידות, קלאַנגען וועגן אַ בונט פון פּאָליאַקן, וואָס ווילן צוריק איינפירן אַ פּוילישע מלוכה. אויף איין יאַריד איז געקומען צו אַ בונט. איינער אַ שייגעץ מיטן נאָמען מיכאַלאָסצאַק, אַ דאָרפישער יונג, וואָס האָט געאַרבעט אין וואַרשע אין אַ פאַבריק, האָט גענומען זינגען אַ לידל מיט חוזק אויפן קייסער. ער האָט אויך געלאַכט פון די רוסישע זעלנער און געלויבט די יאַפּאַנעזער. דערביי האָט ער געזאָגט, אַז דערפאַר רופן די יאַפּאַנטשיקעס זייער לאַנד יאַ־פּאַן, ווייל דאָס מיינט „יאַ־פּאַן", איך בין אַ „פּאַן", און לאָז מיר נישט קריכן אויפן קאָפּ פון די קאַצאַפּעס. די צוויי פּאָליציאַנטן האָבן געוואָלט דעם מאַיעסטעט־לעסטערער אַרעסטירן, אָבער מיכאַלאָסצאַק, אַ גיבור, האָט זיך געוואָרפן אויף זיי און אַראָפּגעריסן זייערע עפּאָליעטן און מעדאַלן. איין פּאָליציאַנט האָט אַרויסגעצויגן זיין שווערד, אָבער מיכאַלאָסצאַק האָט מיט די בלויזע הענט אַרויסגעריסן די שווערד פון פּאָליציאַנטס הענט. כאָטש זיין האַנט איז געווען צעשניטן און געבלוטיקט, האָט מיכאַלאָסצאַק פאַרטריבן די קייסערלעכע דינער. ער האָט זיך אַריינגעריסן אין געריכט און אַראָפּגעריסן דעם צאַרס פּאָרטרעט און דעם אָדלער. אַוועקוואָרפנדיק דעם קייסערלעכן פּאָרטרעט אויף דער גאַס, האָט ער אויף אים אָפּגעטאָן אַ נישט שיינע זאַך און ער האָט גערופן די פויערן, זיי זאָלן נאָכגיין נאָך אים, נעמען העק און ווילעס און פאַרטרייבן די קאַצאַפּעס פון פוילן.

יידן האָבן גלייך אָפּגערייניקט די שטעלעכלעך אין מאַרק, פאַרהאַקט טיר און טויער און באַהאַלטן זיך אין מורא פאַר דעם אויפגערייצטן המון. מיכאַלאָסצאַק האָט געשריגן, מען זאָל נישט מורא האָבן, ווייל עס איז „יעד־נאָשטש", איינקייט, הייסט עס, און מען מיינט נאָר די קאַצאַפּעס. אָבער יידן זיינען געבליבן פאַרשטעקט אין זייערע באַהעלטענישן. די צוויי פּאָ־ליציאַנטן האָבן זיך אויך באַהאַלטן ערגעץ אויף אַ יידישן בוידעם. אין מיטן דער נאַכט האָבן זיי זיך איבערגעטאָן אין יידישע קאַפּאָטעס, פאַר־בונדן די באַקן מיט קעשענע־פאַטשיילעס, ווי זיי וואָלטן געליטן פון צאָן־

ווייטיק, אַזוי אַז מען זאָל נישט דערקענען זייערע געגאָלטע בערד, און זײנען אַנטלאָפן פון שטעטל קיין סאָכאַטשאָוו.

אויפן דריטן טאָג איז דער סאָכאַטשאָווער נאַטשאַלניק געקומען מיט עטלעכע פורן סטראַזשניקעס, באַוואָפנטע מיט ביקסן. די סטראַזשניקעס האָבן אַרעסטירט פויערן, וועלכע זיי האָבן געבונדן אין שטריק. דער נאַטשאַלניק אַליין האָט געפּאַטשט אין מיטן גאַס די בונטאָווששיקעס.

— אין קייטן וועט איר פאַרפוילט ווערן! — האָט ער געדונערט און געטופּעט מיט די לאַקירענע שטיוול. — איך פאַרלאַנג, עס זאָל זיין רואיק אין מיין „אויעזד״!...

אַ צייט איז געווען רואיק, אָבער נישט אויף לאַנג. אין איינעם אַ פרי־מאָרגן האָט דער נגידישער איידעם, יוסף רויזקעס, זיך דערוואוסט פון זיין „הצפירה״, וואָס איז געוויינלעך אָנגעקומען מיט אַ וואָך שפּעטער אַמוויי־ניקסטנס, וועגן אַ פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק.

וואו עס איז ביאַליסטאָק האָט מען נישט געוואוסט ביי אונדז. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָרט וואוינען יידן ליטוואַקעס. אָבער די נייעסן אין דער לשון־קודשדיקער צייטונג זיינען געווען מוראַדיקע. יוסף רויזקעס, דער ליטווישער איידעם, האָט איבערגעזעצט אין יידיש די באַשרייבונגען וועגן די רציחות, וועגן קינדער און זקנים, וואָס מען האָט צעהאַקט מיט העק, וועגן מעוברתע ווייבער, וואָס מען האָט זייערע בייכער אויפגעשניטן. די דאַווענער אין בית־המדרש זיינען געשטאַנען בלאַסע, דערשראָקענע. מיט גע־בויגענע קעפּ זיינען יידן אַהיימגעגאַנגען מיט זייערע טלית־זעקלעך צו עסן אָנבייסן. איך בין געווען אַזוי צערודערט פון די מוראַדיקע זאַכן, אַז איך האָב נישט געוואָלט עסן דעם אָנבייסן, וואָס די מאַמע האָט געגרייט פאַר מיר. איך האָב זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ גרין־געפאַרבטן קופער, וואָס איז גע־שטאַנען ביי אונדז אין שטוב, און איך האָב געהאַט טענות צו גאָט, צום יידישן גאָט, וואָס ער האָט געלאָזט גויים־רוצחים טאָן אַזעלכע אַכזריות צו יידן, צו זקנים און קינדער, צו ווייבער און עופהלעך. טאַטע־מאַמע, אַליין געבראָ־כענע, האָבן מיך געטרייסט, געטענהט, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס יידן זינ־דיקן, און אַז יידן וועלן גיין אין גאָטס וועגן, וועט גאָט זיך דערבאַרעמען אויף זיי, ווייל גאָט איז אַ גוטער, אַ גערעכטער. איך האָב די רייד ניט געקענט הערן.

— ניין, גאָט איז אַ שלעכטער! — האָב איך געשריגן אין ווייטיק. — אַ שלעכטער!...

טאַטע־מאַמע האָבן פאַרשטאָפּט די אויערן, נישט צו הערן די גאָט־לעס־טערונג.

די ביטערע נייעסן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אָפטער און אָפטער אין שטעטל. יידן האָבן זיי געבראַכט פון וואַרשע, וואו זיי האָבן געקויפט סחורות. אפילו מיין פאָטער האָט גענומען לייען די טריפהנע „הצפירה" ביים נגידישן אײדעם און לייענען די שלעכטע בשורות. אין די פאַרנאַכטן, צווישן מנחה און מעריב, האָבן יידן זיך צוזאַמענגעקוועטשט, ווי אַ סטאַדע שאָף אין מורא פאַר אַ וואָלף, און גערעדט וועגן יידישע צרות און סכנות. דאָרפס־יידן האָבן דערציילט וועגן אומרואיקייט אין די דערפער. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז קאַצאַפּעס פון טיף רוסלאַנד זיינען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן צו באַפאַלן דאָס שטעטל. אַלערליי וויסטע קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן.

איינמאָל אין דער פרי, ווען מען איז געקומען דאַווענען און מען איז צוגעגאַנגען אַרויסנעמען אַ ספר־תורה צום לייענען, ווייל עס איז געווען אַ תחנון־טאָג, האָט מען, צום שרעק, דערזען, אַז עס פעלט איין רייניקייט אין ארון קודש, דאָס קליינע ספר־תורהלע מיט די מעשענע עצי־חיימס, אין וועלכן מען פלעגט געווינלעך לייענען אין מיטן דער וואָך. אין בית־המדרש האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. מען האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז עפּעס שלעכטס האָט געמוזט געשען. נאָך עטלעכע שעה אַרומזוכן, האָט מען דער־זען ווי אַ פּיסל פון מעשענעם עץ־חיים שטעקט אַרויס פון וואַסערל לעבן בית־המדרש, אַ זומפּיק וואַסער, אין וועלכן עס פלעגן אַרומשווימען קאַטש־קעס, און חזירים פלעגן זיך דאָרט קילן זייערע צעפּאַרעטע פעטע לייבער.

אַזוי ווי מען וואָלט געפונען אַ הרוג, האָבן יידן געאיילט זיך ביים אַרויס־ציען די רייניקייט פון זומפּ אַרויס. דער עולם איז נאָכגעלאָפן ווי נאָך אַ לויה. מיין פאָטער האָט מיט ציטערנדיקע הענט געכאַפּט דאָס פאַרבלאָ־טיקטע ספר אין זיינע אָרעמס און אויסגעלייגט עס אויף אַ פּסולען טלית אויפן שולחן. אָבער עס איז געווען אינגאַנצן נאַס און קויטיק. די יריעות זיינען געווען פאַרפוילט און האָבן פאַרשפּרייט אַ שלעכטן ריח. מיין טאַטע האָט געזאָגט איבערן ספר „ברוך דיין האמת", ווי מען זאָגט איבער אַ נפטר. יידן האָבן געוויינט. דער טאַטע האָט געהייסן איינפּאַקן דאָס ספר אין אַן אָרון און עס מקבר געווען אויפן בית־עולם אין זאַקראַטשין. דער טאָג פון דער קבורה איז געווען אַ טאָג פון תענית. יידן און ווייבער האָבן געפאַסט, אין בית־המדרש האָט מען געזאָגט סליחות און געלייענט „ויחל".

אינגיכן האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דאָס האָט אָפּגעטאָן דעם פויער גרוסקיס אַ זון, אַ חזירים־פּאַשער, וואָס האָט געפיטערט זיינע דברים־אחרים נישט ווייט פון בית־המדרש. אָבער מען האָט נישט געוואַגט אים אָנצו רירן, ווייל מען האָט מורא געהאַט פאַר די אומרואיקע פויערן. מען איז

בלויז אַוועק צום גלח אים פאַרמסרן. דער גלח האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אים שוין באַשטראָפן אויף דער לעקציע פון רעליגיע אין קירכע.

אין בית־המדרש האָט מען אָנגעהויבן שמועסן, אַז משיחס צייטן קומען אָן.

## יידן פאַרריכטן נישט די דעכער פון זייערע הייזער, ווייל זיי וואַרטן יעדן טאָג אויף משיחן

„משיח קומט אין יאָר תרס״ו" — אַזאַ בשורה האָט זיך געגומען טראָגן צווישן יידן און האָט באַהערשט מענער און ווייבער, קינד און קייט. ערשטנס, האָט מען געזען אין די פּאָגראָמען, אין דער רעוואָלוציע און אין דער מלחמה, אַז דאָס זיינען די חבלי משיח, די פּיין פאַר משיחס אָנקומען. צווייטנס, האָט מען געזען צייכנס, רויטע פלעקן אין די נאַכטיקע הימלען, וואָס האָבן ניט געמיינט קיין אַנדער זאַך, ווי דאָס אָנקומען פון משחן. דריטנס, האָט מען אויסגערעכנט ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אַז די מלחמה צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן איז, אין דער אמתן, די מלחמה צווישן גוג און מגוג, וואָס דאַרפן זיך שלאָגן איידער משיח קומט. פערטנס, האָבן אַלע פסוקים אין דער תורה, אַלע מאמרים אין דער גמרא און אין אַנדערע ספרים געהאַט רמזים אויף דעם יאָר תרס״ו, אַז דאָס וועט זיין דאָס יאָר פון דער אויסלייזונג. דער גרעסטער ספּעציאַליסט אין אויסגעפינען אָט די רמזים איז געווען מיין פאָטער. וואו ער האָט זיך ניט צוגערירט צו אַ ספר, צו דער תורה, צו דער גמרא, צום זוהר, צו אַלערליי אַנדערע קבלה־ספרים, אומעטום האָט ער אויסגעפונען און אויסגערעכנט לויט גמטריאות, אַז משיח קומט אין תרס״ו. מיין פאָטער, דער שטענדיקער ענטוזיאַסט און גלויבער, פלעגט פלאַמען פון שמחה ביים דערציילן מיין מוטער וועגן די נייע רמזים זיינע, אין וועלכע עס קען קיין ספק ניט זיין. מיין מוטער, די מתנגדישע טאָכטער, האָט גאָר ניט געזאָגט קעגן דעם, אָבער אירע גרויסע, גרויע, דורכדרינגלעכע אויגן האָבן אָפּגעקילט דעם טאַטנס ברען. דער טאַטע פלעגט דעריבער אַנטלויפן אין בית־המדרש און דערציילן דאָרט די נייעסטע רמזים זיינע.

— יידן, עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז דער קץ איז נאָענט — האָט ער געזאָגט און געוויזן די פסוקים און מאַמרים, וואָס ווי אַזוי מען האָט זיי ניט גערעכנט, ווי מען האָט זיי ניט געדרייט, אַפילו אויף צוריק, האָבן זיי אַלץ געפירט צו תרס״ו. יידן בני־תורה האָבן אַריינגעקוקט אין די ספרים און געזען באַשיינפערלעך, אַז אַזוי איז עס. פּראָסטע יידן האָבן געגלויבט אויפן וואָרט.

אין איינעם אַ טאָג איז אויך געקומען דער גרויסער מענדל פון גער און דערציילט, אַז דער רבי אַליין האָט זיך אַרויסגעכאַפּט, אַז משיח קומט. געזאָגט האָט ער עס ביי אַזאַ געלעגנהייט: איינער פון רבינס שאַרפע חסידים און לומדים איז צוגענומען געוואָרן אין רוסישן מיליטער און אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף דעם יאַפּאַנישן פראָנט. דער חסיד האָט די גאַנצע צייט ניט פאַרזוכט קיין געקעכטס, נאָר דערנערט זיך מיט טרוקן ברויט און וואַסער, כדי ניט צו פאַרזוכן קיין טריפות. אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען אַלץ. ווען דער חסידישער יונגערמאַן איז געפאַלן אויפן פעלד, האָט מען ביים אויסטאָן אים געפונען, אַז אונטער די זעלנערישע מלבושים האָט ער די גאַנצע צייט געטראָגן אויף זיך תכריכים און אַ טלית, אַזוי, אַז טאָמער פאַלט ער, זאָל ער באַגראָבן ווערן אין די הייליקע בגדים. די אַנדערע יידישע סאָלדאַטן אויפן פראָנט האָבן וועגן דעם געלאָזט וויסן קיין גער. ווען דער גערער האָט דאָס דערהערט, האָט ער געוויינט און גע־זאָגט, אַז עס איז משיחס צייטן.

וואָס אייגנטלעך דעם חסידס תכריכים האָבן צו טאָן מיט משיחן איז ניט געווען גאַנץ קלאָר. אָבער עס איז געווען דאָס, וואָס דער גערער רבי האָט אַזוי געזאָגט. אַט דעם רבינס רייד האָבן זיך גענומען טראָגן אי־בער אַלע יידישע ישובים. אויך אַנדערע צדיקים האָבן געלאָזט פאַלן ווערטער וועגן קץ. אין די רוסישע מפּלות אויפן פראָנט האָט מען ווידער געפונען רמזים אויף משיחן. יידן אין בית־המדרש ביי אונדז האָבן אויפ־געהערט לערנען, האַנדלען, נאָר געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דער גאולה. אין דער פרי, אין מיטן טאָג, דער עיקר צווישן מנחה און מעריב, האָבן יידן זיך צוזאַמענגעדריקט אין אַ רעדל און ביים טונקעלן שיין פון בית־המדרש נאַפט־לאָמפּ גערעדט וועגן איין זאַך — וועגן משיחס קומען. מען האָט אים דערוואַרט יעדן טאָג, יעדע מינוט. מען האָט כסדר צוגעהערט זיך צו עפּעס, אויפגעכאַפּט יעדן שאָרך, ווי אַט דערהערט מען דעם שופר של משיח. אַ טייל יידן האָבן אַזוי זיך אַריינגעלעבט אין דער גאולה, אַז זיי האָבן אַפילו גענומען פאַרנאַכלעסיקן זייערע עסקים, זייערע קרעמלעך און הייזלעך. איך געדענק ווי אין איינעם אַ פאַרנאַכט צווישן מנחה און מעריב האָט אַ ייד מיטן נאָמען יהושע גלוסקער דערציילט, אַז ער וועט ניט פאַר־ריכטן דעם דאַך פון זיין הויז אויף ווינטער, ווייל עס איז אים אַ שאָד די צייט און געלט.

— סיי־ווי־סיי וועלן מיר אַוועק קיין ארץ־ישראל אינגיכן, צו וואָס דאַרף איך מיר דרייען דעם קאָפּ? — האָט ער געזאָגט.

בלויז איין ייד, דער אַלטער בערל, וואָס מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער איז שוין ווייט אין די ניינציקער, האָט אויסגעלאַכט יהושע גלוסקער.

— וועסט נאָך ניט איין מאָל מוזן דעקן דעם דאַך ביז משיח וועט קו־מען — האָט דער זקן געטענהט. — ווען איך בין געווען אַ ייִנגל, האָט מען מיר אויך דערציילט די אייגענע מעשה, אַז משיח קומט, פונדעסטוועגן האָב איך אָפּגעדינט פאָניען פינף און צוואַנציק יאָר, און גאָר ניט...

דער עולם אין בית־המדרש האָט אַפילו ניט געוואָלט הערן דעם אַל־טנס רייד.

— וואָס ווייסט איר וועגן אַזעלכע זאַכן? — האָט מען געזאָגט מיט פאַרדראָס, וואָס ער צעשטערט די האָפענונג.

מען האָט נישט שטאַרק געהאַלטן פון אַלטן בערל. צוליב דעם, וואָס ער האָט געדינט פינף און צוואַנציק יאָר פאָניען, איז ער געווען אַ קנאַפּער למדן אין יידישע זאַכן. ער האָט קוים מיט צרות געקענט דאַווענען. זיין ווייסע באָרד איז אויך געווען אַביסל צו רונדיק, אַזוי, אַז עס איז געווען אַ חשד, אַז ער שערט זי צו אַביסל אין די ברעגן. חוץ דעם פלעגט ער אויך חוזק מאַכן פון דעם טומל, וואָס יידן מאַכן ווען זייערע זין דאַרפן גיין דינען פאָניען. אויך מיר סאָלדאַטן! — פלעגט ער לאַכן פון די זעלנער, וואָס דינען בלויז פיר יאָר אין מיליטער. אַפילו פון דער רוסיש־יאַפּאַ־נישער מלחמה האָט ער געלאַכט, ווייל זי איז קיין מלחמה ניט און זי קומט ניט צו דער טערקישער מלחמה, אין וועלכער ער, בערל, האָט גע־קעמפט און געקראָגן מעדאַלן פאַר זיינע העלדישקייטן. טאָמער איז נאָך דאָס אַלץ ווייניק געווען, האָט דער בערל געהאַט אַ זון אין אַמעריקע, וואָס מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער גייט מיט אַ געגאָלטער באָרד און פירט זיך ווי אַ גוי. זיין פאָטאָגראַפיע, טאַקע אָן דער באָרד און אין גויאישע קליידער, איז געהאַנגען ביי בערלען אויף דער וואַנט פון זיין שטיבעלע. צוליב די אַלע זאַכן האָט מען וועגן דעם אַלטן ניקאָלאַיעווער קאַשע־פרע־סער קיין געהויבענע מיינונג ניט געהאַט און מען האָט ניט געוואָלט הערן זיינע ספיקות וועגן משיחן. אַלע ספרים און רבנים און גוטע יידן האָבן געזאָגט אַנדערש, און מען האָט זיי מער געגלויבט.

אַז משיח קומט אין תרס״ו איז קיין ספק נישט געווען. פּראָסטע יידן האָבן בלויז געוואָלט וויסן ווי אַזוי משיח וועט דאָס קומען, ווי אַזוי מען וועט דאָס גיין קיין ארץ־ישראל, ווען די טויטע וועלן צוריק אויפשטיין תחית־המתים, און ווי אַזוי עס וועט זיך לעבן אין ארץ־ישראל, און זיי האָבן געפרעגט דעריבער מיין פאָטער. אַ שיינענדיקער, אַ פאַרפלאַמטער, האָט מיין טאַטע מיט הייסע רייד אויסגעמאָלט פאַר דעם עולם אין בית־המדרש

אַלץ מיט אַנאַנדער. ער איז ניט געווען גאַנץ קלאָר אין דעם אופן ווי אַזוי משיח וועט קומען, ווייל אין די ספרים זיינען דאָ וועגן דעם אַלערליי מיי־נונגען, און עס איז שווער צו וויסן וועמענס מיינונג איז די ריכטיקע. אַ טייל האַלט, אַז עס וועט זיך אַראָפּלאָזן אַ גרויסער וואָלקן, אויף וועלכן אַלע יידן וועלן זיך אויפזעצן און פליען קיין ארץ־ישראל. אַנדערע האַלטן, אַז מען וועט אַריבערקומען אַהין דורך קפיצת־הדרך. אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, וועט מען אַריבערקומען אַהין איינס און צוויי. דאָס חרובע בית־המקדש, וואָס שטייט גאַנץ אין הימל, וועט זיך גלייך אַראָפּלאָזן קיין ירושלים. עס וועט זיין צוריק די עבודה, כוהנים און לוויים און קרבנות. אַלע צדיקים וועלן צוריק אַראָפּקומען, זיי וועלן זיצן מיט זייערע קרוינען אויף די קעפּ, הנאָה האָבן פון דעם ליכט פון דער שכינה, און די גאַנצע תורה וועט ווערן קלאָר פאַר יעדערן, אַזוי, אַז עס וועלן נישט זיין מער קיין קשיות און ספיקות און חלוקי־דעות, וואָרעם גאָט, ברוך הוא, אַליין וועט לערנען תורה מיט יידן.

מיין טאַטנס פּנים איז געווען אייך פלאַם, זיינע בלויע אויגן האָבן גע־לויכטן און טונקעלן בית־המדרש פון באַגייסטערונג.

וויניקער באַגייסטערט בין איך געווען צוהערנדיק מיין פאָטערס רייד. אַזוי זיינען אויך געווען ניט שטאַרק באַגייסטערט די פּראָסטע יידן. אויס־געהאָרעוועטע, דערשלאָגענע, געראַדפּטע, האָבן זיי געוואָלט אַן אַנדער גאולה. זיי האָבן געוואָלט פלייש פון שור־הבר, וויין פון יין המשומר, גאָלד און זילבער און אידל־שטיינער, און קוילעטשן, וואָס וואַקסן אויף ביימער, און קנעכט און דינסטן, וואָס וועלן קומען פון די גויאישע מלכים, פּרינצן און פּרינצעסינס, און קאַרעטן און פערד און מוזיק און סעודות און גרויסע וואַרעמע טעג, וואָס וועלן זיך ציען טויזנטער יאָרן איין טאָג. דאָס בילד פון אַ חברה צדיקים, וואָס וועט זיצן און לערנען תורה ביים רבונו של עולם, תורה אָן קשיות און אָן ספיקות, איז נישט געווען פאַר זיי קיין באַלוינונג פאַר די אייביקע פּיין און שפלות אין גלות.

— רבי, נו, און קיין שור־הבר און יין־המשומר און אַלע אַנדערע גוטע זאַכן וועלן גאָר נישט זיין? — האָבן זיי געפרעגט אַנטוישטע.

מיין פאָטער האָט אַ לומדישן שמייכל געטאָן איבער די פּראָסטע לייט, וואָס ביי זיי איז דער עיקר גשמיות, עסן און טרינקען, און ער האָט זיי געטרייסט:

— אַוודאי, אַוודאי, יידן, וועט זיין אַלדאָס גוטס, — האָט ער זיי פאַר־זיכערט, — אָבער דאָס וועט זיין גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דעם גרויסן רוחניותדיקן תענוג פון אָנזען דאָס ליכט פון דער שכינה. עס איז גאָר־נישט משיג צו זיין מיט אונדזערע חושים ווי גרויס דער תענוג וועט זיין.

די פּראָסטע יידן, און איך צווישן זיי, האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. איך בין גרייט געווען אָוועקצוגעבן די צדיקים אַלע זייערע תענוגים פון לערנען תורה און קוקן אויף דער שכינה, אַבי מען זאָל פאַר מיר איבערלאָזן דעם תענוג פון האָבן עטלעכע גויאישע קנעכט, וואָס זאָלן מורא האָבן פאַר מיר. נאָך די אַלע יאָרן פון באַליידיקונגען פון די שקצים, נאָך אויסהערן זייערע שפּאָט־רייד און „זשיד־כאַלאַמיד", נאָך אַלע יאָרן פון מורא האָבן פאַר סטראַזשניקעס און נאַטשאַלניקעס, האָב איך געהאַט גרויס חשק צו מאַכן די לייט פאַר מיינע קנעכט און זיי זאָלן זען דאָס גרויסקייט פון ישראל. מיינע הענט האָבן אויך געברענט פון באַגער נוקם צו זיין זיך אין די רוצחים, וואָס האָבן געפּייניקט זקנים און קינדער און ווייבער אין יידישע שטעט און שטעטלעך אין רוסלאַנד.

איך האָב זיך אַזוי איבערגענומען מיט משיחס קומען, אַז איך פלעג טראַכטן וועגן דעם טאָג און נאַכט. ביים צוזאַמעןזיין מיט מיין קליינעם ברודער, פלעג איך מיר פאָרשטעלן, אַז די וויג איז אַ וואָגן, אויף וועלכן עס זיצן טאַטע, מאַמע, שוועסטער און ברידער, צוזאַמען מיט די צוויי פאַרשטאָר־בענע שוועסטערלעך, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען תחית־המתים, און איך בין דער באַלעגאָלע, וואָס פירט זיי אַלעמען קיין ארץ־ישראל. איך פלעג אַזוי גיך טרייבן די וויג, אַז איך האָב נישט איינמאָל איבערגעקערט און אַרויסגעוואָרפן דאָס קינד פון וויגל. מיין מוטער פלעגט קוקן אויף מיר מיט אירע גרויסע גרויע אויגן און טענהן, אַז נישט אַנדערש, נאָר איך בין, שונאי־ציון, פון זינען אַראָפּ... מיין שוועסטער, אַ פאַנטאַזיאָרקע און אַן ענטוזיאַסטקע, ווי מיין פאָטער, האָט נאָך מער אויפגערייצט מיין פאַנ־טאַזיע מיט אירע מעשיות און געשיכטן און פאַרשטעלונגען וועגן דעם זיסן לעבן, וואָס קומט אויף אונדז אַ ליאַדע טאָג, ווען דער שופר פון משיח וועט זיך לאָזן הערן אין דער לופט דריי טעג כסדר און אָנזאָגן די בשורה, אַז יידן קערן זיך אום צו זייערע גרענעצן און געמערק.

ווי די פרומע יידן אין בית־המדרש, אַזוי האָבן די געזעלן הינטערן שטעטל זיך געסודעט און געוואַרט אויף זייער משיח.

קיין לענטשין זיינען אַראָפּגעקומען אַ חברה יונגע געזעלן, וואָס די יידישע וואַלד־הענדלער אין דער געגנט האָבן אַראָפּגעבראַכט, זיי זאָלן אויסאַרבעטן שינדלען. הינטערן שטעטל האָבן זיי לאַנגע שאָפּעס אויסגע־בויט, אונטער וועלכע זיי האָבן געשניטן האָלץ, געשניצט שינדלען, גע־פיגעוועט און גערייניקט זיי. די עטלעכע צענדליק שינדל־מאַכער האָבן צוגעצויגן צו זיך די שטעטלדיקע שניידער־ און שוסטער־יונגען, די היי־מישע געזעלן, און אָפּגערעדט זיי פון יידישקייט. די היימישע געזעלן

האָבן אויפגעהערט דאַווענען, גענומען גאָלן די בערדלעך, אָנטאָן זיך פּאַפּי־רענע קעלנערלעך און הערצלעך, באַצירן זייערע היטעלעך מיט זיידענע בענדלעך, קירצן די קאַפּאָטעס ביז די קני. צו דעם האָבן די שינדל־מאַכער זיך צונויפגעזאַמלט אין די שבתים, געטרונקען ביר, געטאַנצט און געזונגען הפקר־לידער. זיי האָבן אויך פאַרשפּרייט ביכלעך און בלעטלעך. צווישן די לידלעך, וואָס זיי פלעגן זינגען, איז געווען איינס, וואָס האָט חוזק געמאַכט פון חסידים צוליב זייער שמחה פאַר אַרעסטירן סטרייקערס. איך געדענק נאָך איין סטראָפע פון אָט דעם לידל:

שישו ושמחו בשמחת תורה,
מ'האָט שוין פאַר די סטרייקערס נישט קיין מורא...

דאָס צווייטע לידל איז געווען וועגן קייסער אַליין:

נעכטן האָט ער געפירט אַ וועגעלע מיט קוילן,
היינט איז ער קעניג איבער פוילן;
נעכטן האָט ער געפירט אַ וועגעלע מיט מיסט,
היינט איז ער קאַפּיטאַליסט...

אַזעלכע לידער פלעגן די יונגען, די שינדל־מאַכער, זינגען פון וואָס יידן פלעגן ווערן אויפגעציטערט, עס זאָל נישט ברענגען קיין אומגליק אויף קהל. די שינדל־מאַכער פלעגן אויך לאַכן צו מיידלעך, אָנרעדן זיי צו גיין מיט זיי שפּאַצירן און טאַנצן. די יונגען האָבן אויך אָפּגעטאָן אַלערליי שפּיצלעך און ליצנות. איינמאָל האָבן זיי אָפּגענאַרט אַ דאָרפס־ייד, אַ הענדלער פון חזיר־האָר, אַ ייד אַן אַלמן, אַ תם און דערשלאָגענער, און אים איינגערעדט, אַז זיי האָבן אַ שידוך פאַר אים. אָבער אַנשטאָט מיט אַ כלה, האָבן זיי דעם אַלמן צונויפגעפירט מיט אַ יונגן שינדל־מאַכער, וואָס האָט זיך איבערגעטאָן אין ווייבערישע קליידער. זיי האָבן דעם אָפּגענאַרטן ייד געגעבן אַ צונאָמען „לייפּציקער כלה" און ביי דעם נאָמען איז ער גע־בליבן. אַ צווייטן מאָל האָבן זיי אויסגעשמירט מיט טינט די ווייסע קליי־דער פון עטלעכע שטעטלשע באַלעבאַטישע מיידלעך, ווען יענע זיינען גע־שטאַנען מיט ליכטלעך אין די הענט ביי אַ חופּה פון זייערס אַ חברטע. איינמאָל איז אַפילו געקומען צו אַן אומגליק. אין אַ שבת בייטאָג, ווען די שינדל־מאַכער האָבן געפּראַוועט אַ הוליאַנקע, האָט איינער אַ לץ אָוועק־גערוקט ביי זיין חבר דאָס בענקל, אויף וועלכן יענער איז געזעסן. דער פאַל איז געווען אַזאַ פאַטאַלער, אַז דער געליטענער האָט צעבראָכן רוק און לענד און איז שפּעטער געשטאָרבן.

די שינדל־מאַכער האָבן נישט נאָר אָנגערעדט בחורים אין שטעטל קעגן גאָט און דעם קייסער, נאָר אויך יונגעלייטלעך, טאַטעס פון קינדער. אַזוי

האָבן זיי אַריינגענומען אין די הענט אַריין איינעם אַ פרומען שטעטלשן שינדל־מאַכער און אים אַזוי אויפגעקלערט, אַז דער יונגערמאַן איז אַוועק קיין אַמעריקע און צוגעשיקט אַ פאָטאָגראַפיע פון זיך מיט אַ געגאָלטער באָרד. דערבײַ האָט ער אין זײַן בריוו צו ווײַב און קינדער נישט געשעמט זיך מודה צו זײַן, אַז ער אַרבעט אום שבת. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס זײַן ווײַב איז געפאָרן קיין אַמעריקע צו איר מאַן, דעם מחלל־שבתניק.

אויך בײַ די גויים האָט זיך פאַרשפּרייט הפקרות און צעלאָזנקייט, און אַרײַנגעפירט האָט זי נישט קיין אַנדערער ווי דער שררה פון שטעטל, דער ריכטער כריסטאָווסקי.

די מעשה איז געווען, וואָס אָט דער פריץ, אַן אַלמן, האָט זיך פאַרליבט אין וואַרשע אין אַ קאָמעדיאַנטקע, אַ צירק־פרוי, און חתונה געהאַט מיט איר. קעגן דעם ווילן פון זײַן מוטער און אַנדערע קרובים, יחוסדיקע שליאַכטעס. אָט די צירק־פאַרשווינטע האָט אַראָפּגעבראַכט אין הויף אַלע אירע קרובים, קאָמעדיאַנטן איינס און איינס, אויך אַלערליי אַקטיאָרן און לצים. די לײַט האָבן זיך נאַריש געמאַכט, אָפּגעטאָן אַלערליי ליצנות און שמד־שטיק. זיי האָבן אויך אויסגעבויט אַ שפּיל־פּלאַץ מיט אַלערליי צירק־קונצן און פאַרווײַלונגען, אויף וועלכע די פּוילישע שקאָצים און שיקסעס זײַנען זיך צונויפגעקומען. דער גלח פון שטעטל האָט געשטורעמט קעגן דעם פריץ כריסטאָווסקי, אי פאַר זײַן שידוך, אי פאַר זײַן אַוועקשלעפּן די פרומע יוגנט פון קירכע און צוציען זי צו פאַרווײַלונגען און ליצנות. אָבער דער פריץ, אַן אַפּיקורס, האָט געלאַכט פון גלחס דרשות און מוסר. מען האָט אויך געזאָגט, אַז דער ריכטער כריסטאָווסקי איז איינס מיט די לײַט, וואָס רעדן אויפן קייסער, און דערפאַר טאַקע האָט ער דאָס פריער געהאַט אַראָפּגעבראַכט די מאַליאַרעס פון וואַרשע. אויף די יאַרידים אין שטעטל איז אָפט געקומען צו געשלעגן און מרידות. עס זײַנען אויך געווען אַ פּאָר רציחות. איינמאָל האָט אַ שייגעץ דערהרגעט זײַן אייגענעם פאָטער מיט אַ האַק דערפאַר, וואָס ער, דער פאָטער, אַ וועכטער אין וואַלד, האָט אים, דעם זון זײַנעם, נישט געלאָזט גנבענען אַ פורל האָלץ. נאָכן מאָרד האָט ער זיך באַהאַלטן אין אַ קאַרטאָפל־קעלער בײַ זיך אין הויז. אַביסל שפּעטער האָבן שקאָצים דערהרגעט אַ יידיש פאַרפאָלק אין וואַלד. בײַנאַכט זײַנען זיי אַרײַן אין שטיבל פון וואַלד־שרײַבער, ר' משה קרוק, און מיט העק דערהרגעט אים און זײַן ווײַב. אָט די רציחה האָט דאָס גאַנצע שטעטל אַרײַנגעוואָרפן אין פּחד. מען האָט גוט געקענט דעם אַלטן משה און זײַן ווײַב, שטילע, רואיקע מענטשן, וואָס האָבן געלעבט ווי די טײַבעלעך. אויך די רוצחים האָט מען גלײַך

געכאַפּט, ווייל זיי האָבן איבערגעלאָזט סימנים פון זייערע שטיוול אין דער ערד. אָבער די רציחה האָט אַריינגעוואָרפן אין אַ פּחד אַלע יידן פון שטעטל און אין די דערפער אַרום. די שרעק איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווען אין איינעם אַ טאָג האָבן זיך באַוויזן עטלעכע צענדליק רוסישע אַרבעטער, אין רויטע העמדלעך, קאַצאַפּעס, וואָס האָבן געאַרבעט אין די נאָענטע פאָרטן, האָט מען גענומען פאַרהאַקן טיר און טויער, זייענדיק זיכער, אַז עס הויבט זיך אָן. די קרעמער, וואָס פלעגן פאָרן קיין וואַרשע נאָך סחורות, האָבן געבראַכט פאַנטאַסטישע גייעסן וועגן דעמאָנסטראַציעס, באַריקאַדן; וועגן יונגעלייט און מיידלעך, וואָס גייען אַרום מיט רויטע פענער און זינגען לידער קעגן קייסער; וועגן סאָלדאַטן, וואָס שטעכן מענטשן אין די גאַסן; וועגן אַ מויד אין אַ רויט קלייד, וואָס איז די עלטסטע איבער אַלע מורדים; וועגן אַחדות־לייט, וואָס באַגראָבן נישט זייערע געפאַלענע אין תכריכים, נאָר אין רויטע פענער; וועגן אַפּיקורסים, וואָס זאָגן, אַז דער מענטש האָט נישט קיין נשמה, נאָר עלעקטריע, און ווען די עלעקטריע גייט אויס, שטאַרבט מען; וועגן אַנדערע אַפּיקורסים, וואָס טענהן, אַז נישט אַן אָפּשטאַמער פון דוד בן ישי איז משיח, נאָר דער דאָקטער הערצל, און אַז זיינע לייט וועלן פירן יידן קיין ארץ־ישראל.

יידן פלעגן זיך נאָך מער צוזאַמענדריקן אין בית־המדרש צווישן מנחה און מעריב, אויסהערנדיק די אַלע שרעקלעכע זאַכן. קרעכצן און זיפצן האָבן זיך געטראָגן פון טונקעלן גאָטס הויז. ביי מיין פאָטער איז שוין קיין ספק נישט געווען אין משיחס אָנקומען אין יאָר תרס״ו.

— יידן, דאָס זיינען די אמתע חבלי־משיח, — האָט ער געזאָגט אַ האָפערדיקער. — נאָך דאָס יאָר, אם ירצה השם, וועלן מיר געהאָלפן ווערן.

יידן האָבן געקוקט אויף יעדן וואָלקן אין הימל, ווי אָט־אָט וועט זיך דאָרט אַ שפּאַלט באַווייזן און אַ בת־קול וועט אויסרופן, אַז דער קץ איז דאָ.

## דער פֿאַרשטערטער ראש־השנה צוליב דעם וואָס משיח איז נישט געקומען

דער לעצטער חודש פֿון יאָר תרס״ו איז אָנגעקומען. דער שופֿר האָט געבלאָזן, אָבער נישט דער שופֿר של משיח, נאָר דער שופֿר פֿון בית־המדרש, אויף וועלכן ר׳ ברוך וואָלף דער בעל־תקיעה האָט זיך געאיבט אין בלאָזן.

מיט יעדן טאָג מער איז אַלץ די שפּאַנונג געוואַקסן. דאָס יאָר תרס״ו איז געקומען אַלץ נעענטער און נעענטער צו זיין סוף, אָבער משיח איז נאָך אַלץ נישט געווען. מיין פֿאָטער דער גלויבער האָט נישט פֿאַרלאָרן די האָפֿענונג. עס איז נאָך אַלץ געווען צייט. אין יעדן טאָג, אין יעדער שעה, אין יעדער רגע קען זיך משיח באַווייזן. די טעג האָבן זיך געצויגן ווי אייביקייטן. אַ גאַנצן ערב ראש־השנה האָבן יידן אַלץ נישט אויפגעהערט קוקן אין הימל אַריין, צוהערן זיך צו יעדן שאָרך. מען האָט געגלויבט, אַז ווי אָפֿט עס טרעפֿט מיט טייערע געסט, וואָס האָבן אַ טבע צו באַווייזן זיך אין דער לעצטער מינוט, ווען מען האָט זיך שוין אויסגעקוקט די אויגן נאָך זיי, וועט עס אויך טרעפֿן מיט דעם טייערסטן גאַסט, — משיח, — אַז ער וועט קומען צו דער לעצטער מינוט פֿון יאָר תרס״ו. אַפֿילו ווען מען איז געגאַנגען אין בית־המדרש צו מנחה, האָט מען נאָך אַלץ געוואַרט ביז עס וועלן אויפגיין דריי שטערן אין הימל, איז נאָך אַלץ דאָס אַלטע יאָר פֿון תרס״ו, און דאָס גליק קען געשען. אָבער די שטערן האָבן זיך באַוויזן אויפֿן הימל, אויפֿן וואָכעדיקן הימל, וואָס האָט נישט אַנדערש אויסגעזען ווי ער זעט אויס אין געוויינלעכע פֿאַרנאַכטן. אויף דעם פּעלד אַרום בית־המדרש האָט גרוסקיס חזירים־פּאַשער געטריבן אַהיים זיינע דברים־אַחרים. אַלץ איז געווען וואָכעדיק און געוויינלעך און גרוי ווי אין אַלע טעג פֿון גלות. מיין פֿאָטער האָט אַ לעצטן בליק געגעבן צום הימל און מיט אַ צעבראָכן קול געהייסן דאַווענען מעריב. דער בעל־תפֿילה האָט ראש־השנהדיק זיך געציקלט ביי דעם „כי הם חיינו״ און די יינגלעך האָבן אים צוגעהאָלפֿן מיט זייערע האָפּערדיקע „אַיי, יאַי, יאַי, יאַי, יאַי״; אָבער דאָס זינגען האָט קיין טעם נישט געהאַט. אַזוי האָט קיין טעם נישט געהאַט די לשנה־טובהס, וואָס איין ייד האָט געוואונטשן דעם אַנדערן נאָכן דאַווענען. אַפֿילו די „מוציא״, וואָס מען האָט געטונקען אין האָניק ביי

דער סעודה, האָט נישט געהאַט אין זיך די זיסקייט פֿון ראש־השנהדיקן „פֿויגל” מיט האָניק. יידן זייַנען געווען אַנטוישט, צערודערט. אַנטוישטער און צערודערטער פֿון אַלע איז געווען מיין פֿאָטער. ער האָט זיך געשעמט: געשעמט זיך פֿאַר די באַלעבאַטים, פֿאַר מיר, פֿאַר דער מאַמען, פֿאַר זיך אַליין.

איך בין געווען בייז, פֿאַרביטערט. אויס ארץ־ישראל, אויס שור־הבר און לויתן, אויס קנעכט און דינסטן. ווידער זייַנען געווען די זאַמדן פֿון לענטשין, דאָס פֿאַרשמוציקטע פֿעלד אַרום בית־המדרש, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפּאַשעט חזירים, אונטער דער אויפֿזיכט פֿון גרוסקיס שייגעץ, דער וואָס האָט פֿאַרשוועכט דאָס קליינע ספֿר־תורהלע. ווידער זייַנען געווען די אייבּיקע גוים און די שקאָצים און זייערע הינט, די שונאים פֿון יידישע יינגלעך. דער חזן אין בית־המדרש האָט באַזונדערס זיך צעגאָסן אין גע־וויין ביים „ובכן תן פּחדך”, אָבער איך האָב נישט געגלויבט מער אין אָט דער תּפֿילה, אַז גאָט וועט אָנשיקן זיין פּחד אויף אַלע פֿעלקער און געבן כּבֿוד צו זיין פֿאָלק דורך ישיס זון, זיין משיח, אין אונדזערע טעג. איך האָב אַלערליי זינדיקע געדאַנקען געהאַט ביי דער ראש־השנהדיקער שמונה־עשׂרה. ווען עס איז געקומען צו שופֿר־בלאָזן און מען האָט געדאַרפֿט זאָגן די יהי־רצונס צו די מלאכים, זיי זאָלן ברענגען די תּקיעות פֿון יידן צו גאָטס כּסא־הכּבֿוד, האָט מיך דער יצר־הרע אָנגערעדט צו אַ שרעקלעכער זאַך. די מעשׂה איז געווען, וואָס אין מיין מחזור איז געווען אָפּגע־דרוקט אַ וואָרנונג, אַז ביים זאָגן די יהי־רצונס זאָל מען זיין שטאַרק אָפּגעהיט נישט אָנצורופֿן ביים נאָמען דעם שׂר של אש, דעם ממונה איבער פֿייער, ווייל אויב מען וועט דעם מלאך יאָ אָנרופֿן ביי זיין נאָמען, קען מען חלילה, חרוב מאַכן די גאַנצע וועלט. איך געדענק נאָך ביז היינט די וואָרנונג: „הזהר והזהר שלא להזכּיר את שם שׂר האש, המלאך הנורא... שלא להחריב ח״ו את העולם”. מיך האָט שוין לאַנג געהאַט געצויגן דערצו, איך זאָל יאָ אָנרופֿן דעם נאָמען פֿון אָט דעם פֿייערדיקן מלאך. די וועלט איז געווען אין מיינע הענט. איך האָב זי געקענט לאָזן שטיין ווי זי שטייט שוין אַזוי פֿינף טויזנט זעקס הונדערט און זעכציק יאָר און אַ טאָג, און איך האָב זי געקענט חרוב מאַכן אין אַ רגע, ווי נאָר איך וועל אַרויסזאָגן דעם שווערן נאָמען פֿון דעם מלאך של אש. אָבער איך האָב מיך איינגעהאַלטן מיט איי־זערנע צוואַנגען דאָס נישט צו טאָן. ביי מיין גאַנצן חשק צו זען ווי אַזוי די וועלט וועט חרוב ווערן, האָב איך אָבער געוואוסט, אַז אויך איך וועל זיין איינער פֿון אַלע, וואָס וועלן פֿאַרברענט ווערן אין דער וועלט־שׂרפֿה, און איך האָב מיר געהיט די ביינער. אין ראש־השנה פֿון תּרס״ז איז דער

גלויבן מיינער אין דעם וואָס שטייט געשריבן אין די ספרים שטאַרק צעניזוקט געוואָרן. אַלע ספרים האָבן געגעבן רמזים אויף משיחן און ער איז נישט געקומען. צוליב דעם איז אויך דאָס לעבן נישט געווען מער אַזוי גוט און זיס ווי פריער. און איך האָב איינגעשטעלט. כאָטש נישט גלויבנדיק אַזוי שטאַרק אין דער וואָרנונג, האָב איך אָבער נאָך אַלץ מורא געהאַט פאַר איר. שטיל, קיינער זאָל נישט הערן, פול מיט פּחד און נייגי־ריקייט צוזאַמען, דערוואַרטנדיק דאָס ערגסטע, האָב איך אָנגערופן ביים נאָמען דעם מלאך פון פייער, פאַרמאַכנדיק דערביי די אויגן, איך זאָל נישט זען דעם חורבן, וואָס וועט גלייך דערויף אָנקומען, ווי אַ שרעקלעכער דונער פון הימל. אַ ווײַלע האָב איך געוואַרט, זעענדיק מיט מיינע געשלאָסענע אויגן אַ פלאַמיקע רויטקייט פאַר זיך. ווען איך האָב זיי געעפנט און גע־זען אַלץ ווי פריער, האָב איך פרייער אָפּגעאָטעמט, ווי איך וואָלט אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע אויסגעמיטן. איך בין געווען גאַנץ, די יידן אין שול זיינען געווען גאַנץ. אָבער מיין גלויבן אין די ספרים איז נישט געווען גאַנץ. אין די פריערדיקע שפּאַלטן פון ספיקות זיינען איצט טיפע ברוכן געווען. דאָס ערשטע מאָל האָב איך געקוקט אויף די כוהנים ביי זייער דוכענען, הגם מען האָט מיך געוואָרנט דאָס נישט צו טאָן, ווייל איך קען נאָך בלינד ווערן.

נאָך די ימים נוראים האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע טעג אין שטעטל. האַרבסטיקע רעגנס האָבן געגאָסן פון די בלייענע הימלען, וואָס זיינען געלעגן נידעריק און פאַרטשעפּעט זיך אין די וואָלקנדיקע ביימער. יהושע גלוסקער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין חשק צו פאַרריכטן דעם דאַך זיי־נעם, גלויבנדיק אין משיחס קומען, האָט אין רעגן געלאָטעט מיט שינדלען די לעכער אין צעפאַרענעם דאַך. ער האָט אויך אַריינגעשטעלט נייע שויבן אָדער פאַרלאָטעט אַלטע שויבן אין יידישע שטיבלעך. ביי אַרעמעלייט האָט מען די אויסגעבראָכענע שויבן פאַרשטעקט מיט שמאַטעס. די עטלעכע בחורים, וואָס האָבן געדאַרפט שטיין צום מיליטער, האָבן געזאָגט תהילים ביינאַכט אין בית־המדרש און געזונגען זייערע לידער:

בעסער געבוירן ווערן אָן אַ האַנט,
איידער דינען פאָניעס לאַנד;
אוי ווי, כ׳בין שוין פאַרלוירן,
ס׳איז דאָך גלייכער מען ווערט נישט געבוירן...

די גויאישע פריזיוניקעס, אָדער „לאָסאָווניקעס״, ווי מ׳האָט זיי ביי אונדז גערופן, האָבן געשיכורט, געהוליעט, פאַרטשעפּעט יידן אין גאַס. יידן זיינען געגאַנגען איינגעהויקערטע אין און פון בית־המדרש. אויפן

שטעטל האָט געדריקט אַ שווערע מרה־שחורה, וואָס איז נאָך געווען שווע־רער און אומדערטרעגלעכער איבער די פֿריערדיקע ליכטיקע האָפֿענונגען. געבויגענער פֿון אַלע אַנדערע איז אַרומגעגאַנגען מיין טאַטע. ער האָט אוודאי נישט אויפֿגעהערט גלויבן אין משיחן, ווי תמיד, אָבער דאָס וואָס דער אויסלייזער איז נישט געקומען אין תרס״ו, אין יאָר פֿון די שווערע חבלי משיח, אין יאָר אויף וועלכן עס זיינען געווען אַלע רמזים אין דער וועלט, האָט אים שטאַרק געפּייניקט.

— אוי, רבונו של עולם, טאַטע דערבאַרעמדיקער, וויפֿל איז דער שיעור צו ליידן? — האָט ער געפֿרעגט ביים שמאַטעדיקן הימל, וואָס האָט נישט אויפֿגעהערט טריפֿן.

מיט דער פּרנסה איז אויך געווען שווער, שווערער ווי עס האָט נאָר געקענט זיין. אַלע האָפֿענונגען, אַז דאָס שטעטל וועט פֿאַרגרעסערט ווערן מיט נייע דאָרפֿסלייט, האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. טאָמער זיי־נען צוגעקומען פֿון די דערפֿער עטלעכע נייע משפּחות, האָבן זיך אויך אַרויס־געקליבן פֿון שטעטל עטלעכע משפּחות. אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָר־נישט די אייביקע האָפֿענונג, אַז מען וועט דורכפֿירן אַ באַן דורכן שטעטל און יידן וועלן אַנקומען זיך באַזעצן ביי דער ליניע, וואָס וועט ווערן אַ קוואַל פֿון פּרנסה. און טאָמער איז נאָך דאָס געווען ווייניק, האָט אויך דער נגיד פֿון שטעטל, ר׳ יהושע וואַלד־הענדלער, אַריבערגעצויגן זיך קיין נאָ־ווידוואָר. ווייזט אויס, אַז די רציחה איבער ר׳ משה קרוק און זיין ווייב האָט איבערגעשראָקן דעם נגידישן יידן צו זיצן אין דעם שטעטל, וואָס איז באַוואַכט פֿון בלויז איין פּאָליציאַנט, און ער האָט גענומען ווייב און קינדער, שניר און איידעמס, און אַוועק צו אַ קהילה מיט מער יידן. איך געדענק נאָך ביז היינט ווי מיין פֿאָטער איז געבליבן זיצן אַ פֿאַרלוירענער, ווען דער נגיד מיט זיין איידעמס, ביידע אין נייע שאָפּן־פּעלצן און אין טיפֿע קאַלאָשן, זיינען אַריינגעקומען זאָגן אַ זיי־געזונט פֿאַר זייער אַוועקפֿאָרן.

— דאָס שטעטל צעקריכט זיך — האָט מיין מאַמע געזאָגט אַ טרוי־עריקע.

נאָך דעם נגיד זיינען אַנדערע יידן אַוועק, ווער קיין נאָווידוואָר, ווער קיין זאַקראָטשין, ווער קיין וואַרשע.

מיר זיינען געבליבן מיט אונדזער טרויער און עלנט. דער טאַטע האָט זיך נאָך מער אַריינגעוואָרפֿן אין זיינע חידושים. ער האָט זיך אונטער־גענומען דעמאָלט אַ גרויסע אַרבעט. אַזוי ווי אין פֿילע ערטער אין דער גמרא פֿירט תוספות מחלוקת מיט רש״יִן, פֿרעגט קשיות אויף אים און שטעלט אַרויס טענות צו אים — האָט מיין טאַטע גענומען אויף זיך צו

פּאַרענטפערן רש״ין אין גאַנץ ש״ס. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, אַ גרויסע, אָבער דער טאַטע איז געווען גליקלעך אויסצופירן די אונטערנע־מונג זיינע. ער האָט געהאַט זיין סיבה דערפאַר.

— אַז איך וועל קומען אויף יענער וועלט און די מלאכי־חבלה וועלן מיך וועלן וואַרפן אין גיהנום פאַר מיינע גרויסע זינד —האָט דער טאַטע געזאָגט — וועל איך האָבן אַ מליץ־יושר אין רש״י דערפאַר, וואָס איך האָב אים פאַרענטפערט, און זיין זכות וועט מיר באַשיצן.

כאָטש איך בין געווען נאָך אַ יונג יינגל, האָט זיך מיר געגלוסט לאַכן פון מיין טאַטנס מורא פאַר זיינע גרויסע זינד.

מיין מוטער האָט נישט געלאַכט, אָבער זי האָט געקוקט אויף אים מיט אירע גרויע גרויסע אויגן, וואָס זעען אַלץ, און געזאָגט שאַרף:

— רש״י וועט שוין זיין שטעטל אַליין באַשטיין. דו וואָלסט בעסער געטראַכט וועגן ברויט פאַר דער שטוב. דאָס איז אויך אַ מצווה...

— דער אייבערשטער וועט העלפן. ס׳עט שוין, ברוך־השם, זיין רעכט — האָט מיין פאָטער געזאָגט, פול מיט בטחון.

אינגיכן איז געקומען אַ שטיקל ישועה.

פון מיין באָבע טעמעלע, דעם טאַטנס מוטער, וואָס האָט געוואוינט אין טאָמאַשאָוו, לובלינער גובערניע, איז אָנגעקומען אַ בריוו, אַז דער טאַטע זאָל תיכף ומיד אַרויספאָרן צו איר, ווייל זי האָט פאַרקויפט איר הויז און די קראָם און זי וויל נאָך ביים לעבן איינטיילן דעם טאַטן דעם חלק ירושה, וואָס קומט אים.

— לבני היקר, הרב הצדיק ובן קדושים — האָט די באָבע געשריבן מיט אַ לשון־קודשדיקן טיטל צו איר אייגענעם זון און גלייך איבערגעגאַנגען אויף איר היימיש מאַמע־לשון, וואָס איז געווען אַ געמיש פון יידיש, לשון־קודש ווערטער און אַן אַ שיעור ברכות און ווינטשענישן. אונטערגעשריבן האָט זי זיך ווידער אין לשון־קודש און קיינמאָל נישט פאַרגעסן צוצוגעבן איר טיטל: „ממני הרבנית טעמע בלומע בת קדושים״ (פון מיר די רביצין טעמע בלומע, די טאָכטער פון הייליקע)...

די באָבע טעמעלע איז געווען זייער שטאָלץ סיי דערמיט, וואָס איר מאַן איז געווען אַ דיין און סיי דערמיט, וואָס זי האָט געשטאַמט פון גרויסן יחוס. איין זיידע אירער איז געווען דער באַרימטער רב ר׳ דוב בעריש מייזלס, וואָס אין קראָקע איז אַפילו אַ גאַס געוואָרן אָנגערופן אויף זיין נאָמען; אַן אַנדער זיידע איז געווען רב אין קרעמניץ; אַן עלטער־זיידע איז געווען רב אין סטאַניסלאָוו; אַ צווייטער עלטער־זיידע איז געווען רב אין דער

דייטשער שטאָט באַמבערג; אַן עלטער־עלטער זיידע איז געווען דער טורי־זהב (ט״ז), דער רב אין לעמבערג, און אַזוי ווײַטער און ווייטער.

ווי זי איז געווען אײַנגעטונקען אין יחוס, איז עס אויך געווען איר מאַן, דער טאָמאַשאָווער דיין, וועמעס פֿאָטער איז געווען רב אין קינצק; דער זיידע איז געווען ר׳ משה חריף, רב אין וואַרשע; דער עלטער־זיידע איז געווען רב אין שטעקטשין; אַן אַנדער עלטער־זיידע — רב אין שוואַרץ־טומאה, און אַזוי ווייטער און ווייטער.

כאָטש די באָבע טעמעלע האָט אַ גאַנץ לעבן געהאַנדלט, כדי מפרנס צו זיין איר הויז־געזינד, האָט זי דער עיקר געלעבט מיט דעם יחוס פֿון אירע זיידעס, די רבנים, און מיטן יחוס פֿון איר מאַן און פֿון זיינע זיידעס, די רבנים. זי פֿלעגט דעריבער קיינמאָל נישט פֿאַרפֿעלן צו טיטולירן איר אייגענעם זון און זיך אַליין מיט דעם יחוס אירן. אירע קאַרטלעך זיינען געווײנלעך געווען פֿון איין אינהאַלט — טיטלען, ברכות און וואונטשן. אַמאָל איז צו די ברכות צוגעקומען אויך אַ פּאָר ווערטער, אַז זי האָט אַרויסגעשיקט חמשה רו״כ כסף אָדער עשרה רו״כ כסף, וואָס האָט געמיינט אַ פֿינפֿער־רובל אָדער אַ צענערל. אָבער דאָס איז ביי דער באָבע טעמעלע געווען אַ ביי־זאַך. דער עיקר איז געווען די טיטלען און דער יחוס. דאָס מאָל איז אין קאַרטל, פֿול מיט טיטלען, געווען געשריבן, אַז עס האַנדלט זיך אין גרעסערע געלטער און אַז דער טאַטע זאָל תיכף־קומען קיין טאָמאַשאָוו מפּני כמה וכמה טעמים . . .

מען האָט דעם טאַטן צו אַ נסיעה נישט געדאַרפֿט לאַנג בעטן. ער איז תמיד גרייט געווען צו לאָזן זיך אין וועג, צו באַפֿרייען זיך פֿון עול פּרנסה, פֿון דער מאַמעס אייביקע טענות. אַזוי ווי עס איז גראָד נישט געווען קיין יידישער בעל־עגלה, וואָס זאָל אים צופֿירן צו דער באַן, אַ וויאָרסט צען פֿון שטעטל, האָט מען פֿאַרן טאַטן געדונגען אַ פּויער, וואָס איז גראָד געפֿאָרן מיט אַ פּאָר פֿערד צו דער באַן־סטאַנציע. אויפֿן וועג האָט דער טאַטע שיר נישט פֿאַרלוירן זיין לעבן ביים נישט קענען איינהאַלטן אַ פּאָר פֿערד, וואָס האָבן זיך דערשראָקן פֿאַר אַ פֿייף פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו.

ווי קומט מיין טאַטע צו פֿערד? די מעשה איז געווען אַזאַ: דעם פּויער, וואָס האָט אים געפֿירט, האָט זיך מיטאַמאָל פֿאַרבענקט נאָך אַ טרונק בראַנפֿן. ער איז דעריבער אַריין אין אַ קרעטשמע און אָנגעזאָגט מיין פֿאָטער אויפֿן וואָגן, ער זאָל האַלטן אויף אַ וויל די לייצעס און אַכטונג געבן אויף די פֿערד, ווייל זיי זיינען ווילדע. מיין פֿאָטער האָט נישט פֿאַרשטאַנען קיין איין גויאיש וואָרט און ער האָט דעריבער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צום ערלס רייד און גע־

זאָגט די איינציקע צוויי גויאישע ווערטער וואָס ער האָט געקענט: „טאַק, טאַק, פּאַניע". דער גוי איז זיך פאַרזעסן אין שענק ביי די שנאַפּסן און ביי די מעשיות פון די איבעריקע פויערים. מיין טאַטע איז געזעסן אויפן וואָגן און מסתמא געטראַכט וועגן דעם סאַמע נייסטן חידוש, ווי אַזוי צו פאַר־ענטפערן אַ קשיא, וואָס תוספות האָט געפרעגט אויף רש"יִן, ווי מיטאַמאָל איז אַ צוג דורכגעלאָפן פון דערוויטנס און צעלאָזט זיך מיט הילכיקע פייַ־פערייען. די פויערישע פערד,ווילדע, נישט צוגעוואוינטע צו באַנען און פייפערייען פון לאָקאָמאָטיוון, האָבן זיך דערשראָקן און צעווילדעוועטע געלאָזט זיך פליען. מיין טאַטע, נישט ער האָט געוואוסט וואָס לייצעס זיינען, נישט ער האָט געוואוסט ווי אַזוי אָנצוטרייבן, און אַוודאי נישט ווי אַזוי איינצוהאַלטן צעווילדעוועטע פערד. ער האָט דעריבער גענומען שרייען „שמע ישראל!" אָבער די פערד האָבן זיך צוליב דעם „שמע ישראל" נישט פאַרהאַלטן און זיינען געפלויגן ווייטער. זיי זיינען געלאָפן איבער וועגן און פעלדער מיט אַזאַ בהלה, ביז זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן מיט רעם דישל אין אַ בוים און זיך אָפּגעשטעלט.

ווען דער פויער איז אַרויס פון שענק און געזען וואָס עס איז געוואָרן פון זיינע פערד און וואָגן, איז ער אַריין אין אַזאַ כעס, אַז ער האָט געכאַפּט אַ דראָנג און געוואָלט מיין דערשראָקענעם פאָטער דורכן אויפן אָרט.

— ייד פאַרשאָלטענער! איך האָב דאָך דיר אָנגעזאָגט זאָלסט האַלטן די לייצעס אין די הענט! — האָט ער געשריגן און זיך פאַרמאָסטן מיטן דראָנג.

צום גליק זיינען געשטאַנען עטלעכע יידן, וואַלד־שרייבער, וואָס האָבן מיין טאַטן אָפּגעראַטעוועט פון צעווילדעוועטן צאָרניקן פויער. אין זיין לשון־קודש בריוול, וואָס דער טאַטע האָט מיטגעשיקט צו דער מאַמען טאָקע מיט אָט דעם זעלבן פויער, האָט ער באַשריבן די גאַנצע פּאַסירונג און פאַר־ענדיקט דערמיט, אַז ווי נאָר ער וועט אם־ירצה־השם קומען אויף שבת קיין טאָמאַשאָוו, וועט ער בענטשן גומל, און ער וועט אויך שרייבן בריוו אָפּט.

אָבער מער ווי דאָס בריוול איז קיין בריוו נישט אָנגעקומען. עס זיינען פאַרביי טעג, וואָכן, און נישט מען האָט געהערט פון טאַטן, נישט מען האָט געזען עפּעס. די מאַמע, אַ גרויסע זאָרגערין און איבערקלערערין, האָט גע־שיקט בריוו איינעם נאָכן אַנדערן. זי האָט געזאָגט תהילים, מנדר געווען אַלע מאָל אויפסניי צו אַכצן גראָשן פאַר ר' מאיר בעל־הנס, אָבער קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן. אין שטוב איז געווען חושך. די מאַמע האָט נישט געקאָכט, נישט געגעסן, נאָר געהאַלטן אין איין קלאָגן און וויינען און זאָגן

תהילים און לויפֿן אַנטקעגן דעם פּאָסט־טרעגער, דעם שוואַב קראַוזע. אָבער דער שוואַב האָט זי באַגעגנט מיטן זעלבן ענטפֿער:

— גיבט ניקס, ראַבינערשע . . .

זייער שלעכטע וואָכן זײַנען דאָס געווען אין אונדזער הויז. די מאַמע איז געווען זיכער, אַז מיטן טאַטן האָט געטראָפֿן דאָס ערגסטע. די צײַטן זײַנען געווען אומרואיקע, פֿול מיט מרידות און רציחות און שחיטות. דער מאַמעס תהילים־זאָגן, דרײַ מאָל תהילים איינס נאָכן אַנדערן, נישט אויסצורעדן דער־בײַ קיין איין וואָרט, האָבן אָנגעפֿילט מיט צער און טרויער. די איינציקע טרייסט פֿאַר מיר איז געווען, וואָס איך בין געווען פֿרײַ פֿון תורה און פֿון עול און איך בין גאַנצע טעג אַרומגעלאָפֿן מיט מײַנע חברים און אַרומגעשלעפּט זיך מײַלן ווײַט צו אַלע ברעגן און וועלדער און פֿעלדער.

נאָך אַ וואָך זעקס איז מײַן פֿאָטער אָנגעקומען — אַ פֿאַררויטלטער, אַ פֿריילעכער, פֿול מיט בטחון און מיט גוטע בשורות, אַז עס וועט שוין מיט גאָטס הילף זײַן רעכט . . .

וואו איז ער געווען? פֿאַרוואָס האָט ער נישט געשריבן?

מײַן טאַטע האָט געהאַט טויזנט ענטפֿערס. ערשטנס, האָט ער עפּעס יאָ געשריבן, נאָר עס איז מסתמא נישט אָנגעקומען דאָס קאָרטל; צווייטנס, האָט ער געהאַט עסקים צוליב דער ירושה, וואָרעם ברידער און קרובים האָבן געהאַט מיט אים טענות און סכסוכים און דין־תורהס, ווײַל זיי האָבן געוואָלט אַ גרעסערן חלק, אָבער מיט גאָטס הילף איז ער דורכגעקומען מיט זיי און זיך אויסגעגליכן; דריטנס, האָט ער געהאַט צו זען אָן אַ שיעור פֿרײַנד און אַלטע חברים און די חסידים פֿון ר׳ יהושעלעס חסידים־שטיבל אין טאָמאַשאָוו, וואָס האָבן לכּבֿוד אים געמאַכט סעודהלעך, אויף וועלכע מ׳האָט זיך שטאַרק משמח געווען; פֿערטנס, האָט ער שוין אײַנאײַנוועגס זיך אַריבערגעכאַפּט איבער דער גרענעץ, וואָס איז לעבן טאָמאַשאָוו, און אַריבער קיין גאַליציע, צום שיניאַווער רבין, וועמען ער האָט שוין נישט געהאַט געזען יאָרן, זינט ער איז אַוועק פֿון טאָמאַשאָוו. אין הויף האָט מען זיך שטאַרק געפֿרייט מיט אים. דער רבי אַליין האָט אים געזעצט בײַם טיש, מכבד געווען אים מיט ווײַן און שיריים און געשמועסט תורה מיט אים. די חסידים האָבן זיך מיט אים געפֿרייט און געטרונקען משקה און געמאַכט סעודהלעך און אים נישט געלאָזט אַוועקפֿאָרן; פֿינפֿטנס, איז ער שוין צוגעפֿאָרן צו זען זײַן ברודער ישעיה, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון רוסיש־פּוילן, כּדי נישט צו דינען פֿאָניען, און זיך באַזעצט אין גאַליציע, וואו ער האָט ברוך־השם מצליח געווען און איז אַ סוחר אַ נגיד און בכּבֿודיקער מענטש. דער ברודער ישעיה

און זיין ווייב און קינדער און קרובים האָבן זיך שטאַרק געפרייט מיט אים און געמאַכט פאַר אים סעודות און קבלת־פּנימס און אים נישט געלאָזט אַוועקפאָרן . . . הכלל, ער האָט נישט געקענט זיך אָפּרייסן און דערפאַר האָט עס געדויערט אַזוי לאַנג ביז ער איז אַהיימגעקומען . . . און אַהיימגעקומען איז ער, חלילה, נישט מיט ליידיקן, ווייל, ערשטנס, האָט אים דער ברודער ישעיה געגעבן אַ מתנה אַ שטריימל, איז עס איין יופי אין דער וועלט. אָט איז עס, אַ גרויס שטריימל מיט גלאַנציקע שוואַרצע האָר און מיט אַ הויכן ווערך פון סאַמעט. ער האָט אים אויך געשאָנקען אַ טלית, אַ טייערן טלית, וואָס האָט געקאָסט אפשר פופציק רייניש אַוודאי. צו דעם אַלעם האָט ער אויך געבראַכט פיר הונדערט קערבלעך, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף זיין חלק פון די געלטער, וואָס די באָבע טעמעלע האָט אָפּגענומען פאר איר קראַם אין מאַרק. דאָס געלט, אין סאַמע גרויסע פּאַפּירלעך, ליגט איינגעוויקלט אין אַ פאַלע פון דער קאַפּאָטע, וואָס די באָבע טעמעלע האָט אַליין פאַרנייט, אַזוי אַז גנבים זאָלן דאָס געלט נישט אַרויסנעמען אין וועג. די מאַמע, מיט פאַרוואורף אויף דעם פריילעכן טאַטן, וואָס האָט אין שמחהלעך און אין חסידישע סעודהלעך פאַרגעסן אין אירע דאגות און געלאָזט זי אַזוי פיל ליידן אומזיסט, האָט נישט געמאַכט מער קיין פאַרוואורפן . . .

— או, פנחס מענדל, גאָט זאָל דיר נאָר מוחל זיין פאַר דעם צער, וואָס דו האָסט מיר אָנגעטאָן — האָט זי געזאָגט — גיי וואַש זיך צום עסן.

דאָס איז געווען אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט, נישט אויסשטרעקנדיק אפילו די האַנט צום טאַטן, ווייל אַזאַ זאַך וואָלט געווען פאַררעכנט פאַר אַ חטא אין אַ רבנישער שטוב.

שטילערהייט, קיינער זאָל ניט זען, האָט די מאַמע אויפגעעפנט מיט אַ שערל די פאַלע פון טאַטנס סאַמעטענער קאַפּאָטע און אַרויסגענומען די באַנקנאָטן, וואָס זיינען דאָרט געווען פאַרנייט. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך געזען אַזוי פיל געלט און אַזעלכע שיינע באַנקנאָטן מיט אָדלערס און קייזערלעכע קעפּ. צווישן די פּאַפּירן איז אויך געווען אַן איין־און־איינציק גאָלד־שטיקל, אַ צענער־רובל. איך האָב עס גענומען אין דער האַנט אַריין מיט גרויס אָפּשיי.

— ס'איז אַ רענדל — האָט דער טאַטע געזאָגט, און עס מיר אַרויסגענומען פון דער האַנט.

דערפאַר האָט ער מיר געגעבן אַ מתנה אַ ניי סידורל און אַ פאָר גרויסע תפילין אין אַ תפילין־זעקל, וואָס איך וועל דאַרפן איינגיכן, ווען איך וועל ווערן בר־מצווה.

— ווייסט, דאָס איז אַ פּאָר תּפֿילין, וואָס די פּרשיות זיינען געשריבן פֿון ר׳ משה סופֿר אַליין — האָט דער טאַטע געזאָגט פֿרום — ר׳ משה סופֿר איז געווען אַ צדיק און ער פֿלעגט גיין אין מקווה יעדעס מאָל איידער ער האָט געשריבן דעם שם אין אַ ספֿר־תּורה, אין אַ מזוזה אָדער אין אַ פּאָר פּרשיות. עס איז אַ זכיה צו האָבן ר׳ משה סופֿרס אַ פּאָר תּפֿילין.

איך האָב באַטראַכט די גרויסע אַלטע שווערע תּפֿילין מיט די ברייטע פֿאַרפּעטסטע רצועות און איך בין גאָר ניט באַגייסטערט געווען פֿון דער גרויסער מתּנה. איך האָב דערוואַרט בעסערע מתּנות פֿון ווענ. חוץ דעם האָב איך געוואָלט האָבן שיינע קליינע לייכטע תּפֿילינלעך, נישט אַ פּאָר אַלטע גרויסע און ברייט־רצועהדיקע פֿאַרפּעטסטע תּפֿילין. דאָס, וואָס ר׳ משה סופֿר איז געגאַנגען אין מקווה אַזוי פֿיל מאָל ביים שרייבן די פּרשיות, האָט מיך גאַנץ ווייניק אינטערעסירט. בעסער דערפֿון איז שוין געווען דאָס זילבערנע טינטערל, וואָס מיין פֿאָטער האָט מיר געגעבן. דאָס האָט ער געקראָגן פֿון דער באָבע טעמעלע — אַ טינטערל, וואָס האָט זיך צוזאַמענגע־שרויפֿט און געהאַט אַ דעקעלע פֿאַר זאַמד, מיט וועלכן צו באַשיטן פֿריש־געשריבן פּאַפּיר. דאָס איז געווען אַ קליין געשניצט טינטערל מיט אַ פּראָבע פֿון 84 זילבער.

די מאַמע האָט זיך אויף קיין מתּנה נישט געפֿרעגט. אָבער מיין שוועסטער האָט געוואָלט וויסן וואָס דער טאַטע האָט איר געבראַכט. דער טאַטע האָט זי אָנגעקוקט מיט חידוש.

— וואָס קען מען ברענגען אַ מיידל אַ מתּנה ? — האָט ער געפֿרעגט.

דערפֿאַר האָט ער געבראַכט יאַרמעלקעס און ציצה־כּנפֿותלעך פֿאַר מיינע ברידערלעך, וואָס זיינען נאָך געווען קליינע קינדער.

אין שטוב האָט זיך אָנגעהויבן אַן עסק וואָס צו טאָן מיט די עטלעכע הונדערט רובל. אַ ווײַלע האָט מען געטראַכט, אַז די מאַמע זאָל עפֿענען אַ געוועלבל און צוהעלפֿן צו דער פּרנסה, ווי מערסטנס נשים צדקניות טוען עס. אָבער, ערשטנס, איז די מאַמע געווען אַ רבנישע טאָכטער, וואָס האָט קיינמאָל קיין מסחר נישט געפֿירט און נישט געטויגט צו אַזעלכע זאַכן; צווייטנס, איז אין שטעטל געווען איבערגענוג געוועלבלעך, שוין צופֿיל, אַזוי אַז עס איז נישט געווען קיין באַדערפֿעניש אין נאָך איינס; דריטנס, וואָלטן די קרעמער אין שטעטל געהאַט פֿאַראיבל, וואָס דער רבֿ מאַכט אַ מסחר און נעמט צו זייער ברויט. צוליב די אַלע זאַכן איז געבליבן, אַז מען זאָל דאָס געלט האַלטן און עס זאָל זיין אַ נדן פֿאַר מיין שוועסטער וואָס וואַקסט אונטער און אינגיכן וועט מען קענען אָנהויבן רעדן איר שידוכים. דאָס

געלט האָט מען געהאַלטן פאַרשטעקט בסוד. אַזוי האָט מען אויך געהאַלטן בסוד די געשיכטע וועגן דעם געלט. עס איז געזינטער געווען, אַז קיינער זאָל נישט וויסן דערפון. אָבער יידן אין שטעטל האָבן זיך שוין דערוואוסט וועגן דעם. צווישן יידן איז קיין סודות נישטאָ. און איינער אַ ייד מיטן נאָמען חיים יוסף, דער מאַן פון חנה רחלען, וואָס פלעגט קאַליע מאַכן דעם שלום־בית צווישן פאָר־פעלקער — אָט דער חיים יוסף, אַ ייד וואָס האָט געהאַט אַלערליי פרנסות — אי ער האָט געהאַט אַ פאַבריקל פון קוואַס, אי אַ לעדער־קראָם, אי ער איז געווען אַ קאָמאַשן־מאַכער, אי אַ חסיד דערצו — ער האָט גענומען דעם טאַטן אין די הענט אַריין און אַזוי לאַנג מיט אים איינגעטענהט, ביז ער האָט געפּועלט ביי אים, ער זאָל אַרויסנעמען די פאָר הונדערט רובל און אַריינגיין מיט אים אין שותפות אין זיין לעדער־קראָם.

חיים יוספס פּלאַן האָט שטאַרק נושא־חן געווען ביי מיין פאָטער. וואָרעם באמת, וואָס פאַר אַ תכלית איז דאָס צו האַלטן געלט ביי זיך. אי עס ברענגט גאָרנישט אַריין, אי גנבים קענען זיך, חלילה, דערוויסן, און אַריינכאַפּן זיך ביינאַכט אין הויז, אָדער אַ שרפה קען, חלילה, אויסברעכן. פאַרשיידנס קען טרעפן. איז נישט בעסער, אַז דער טאַטע זאָל מאַכן שותפות אַ לעדער־קראָם מיט אים, חיים יוספן? די קראָם עקזיסטירט שוין אייגנטלעך און זי וואָלט געקענט מאַכן גאָלדענע געשעפטן, נאָר וואָס דען — ער, חיים יוסף, האָט קיין געלט נישט אַריינצולייגן אין קויפן נייע סחורה. ער איז פאַרדרייט מיט געלט אין קוואַס־פאַבריקל. ווען ער זאָל קענען אַריינלייגן עטלעכע הונדערט רובל אין דער לעדער־קראָם, וואָלט זי געבראַכט פרנסה בריווח, אפשר צען רובל אַ וואָך אַוודאי. דעריבער זאָל דער טאַטע ווערן אַ שותף. אַרבעטן אין דער קראָם וועט ער נישט דאַרפן, ווייל ער, חיים יוסף, וועט שוין אַלץ פירן ווי פריער. אָבער צוליב דעם אַריינגעלייגטן געלט וועט דער טאַטע זיין אַ גלייכער שותף צום ריווח. ער וועט זיך קענען זיצן רואיק און לערנען תורה און פון דער זייט וועט אים אַריינפאַלן ריווח יעדע וואָך, אַמאָל אַ פינפערל, אַמאָל אַפילו מער, ווי גאָט וועט געבן.

— נו, פרעג איך אייך, רבי: איז עס נישט קיין עבירה צו האַלטן געלט אין שטרוי־זאַק, ווען עס קען אויפּריכטן צוויי יידן מיט ווייבער און קינדער?
— האָט געפרעגט חיים יוסף, גלעטנדיק דערביי זיין געל בערדל — און מיטן געלט זענט איר תמיד בטוח, ווי ביי זיך אין קעשענע.

— אַוודאי, אַוודאי, ר' חיים יוסף — האָט צוגעשאָקלט מיין טאַטע, דער שטענדיקער אָפּטימיסט און גלויבער — עס איז זייער אַ גלייכע זאַך . . .

מיין מאַמע האָט געהאַט אירע ספּיקות און דעם טאַטן געראָטן נישט צו איילן זיך מיט אַזעלכע זאַכן. חיים יוסף איז נישט אָפּגעטראָטן. ער האָט גערעדט זיסע רייד, איינגעטענהט, צוגעזאָגט גליקן, גאָלדענע בערג, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ער האָט מיין פֿאָטער איבערגערעדט. דער טאַטע האָט אָנגעשריבן עטלעכע בויגנס מיט פּאַפּירן, אין וועלכע עס איז געווען אָנגעשריבן אַלע התחייבותן צווישן די שותּפים. אַ וועלט מיט באַוואָרענישן זיינען אין די פּאַפּירן געווען אָנגעשריבן. חיים יוסף האָט די אַלע פּונקטן אפילו נישט געוואָלט איבערלייענען.

— רבי, איר קענט אַריינשרייבן אַלץ וואָס איר ווילט נאָר — האָט ער געזאָגט און אונטערגעשריבן די פּאַפּירן מיט אַ געציקטער האַנטשריפֿט. דער טאַטע האָט אונטערגעשריבן פֿון זיין זייט און האָט אַרויסגעגעבן דעם יידן דאָס געלט, די שיינע באַנקנאָטן מיט די אָדלערס און קייסערלעכע פּאָר־טרעטן. די שותּפים האָבן זיך געגעבן די הענט, געוואונטשן זיך מזל־טוב. די ערשטע וואָך נאָכן אָפּמאַך, פֿרייטיק אינדערפֿרי, איז אַריינגעקומען חיים יוספֿס טעכטערל און געבראַכט אַ פּאַפּירן דרייערל מיט אַביסל קופּער־געלט. די מאַמע האָט עס צוגענומען און געשמייכלט. דאָס איז געווען אַ געוואַלדיקער צושטייער צו דער פּרנסה. די צווייטע וואָך, צו דער מינוט, איז דאָס מיידעלע געקומען מיט עטלעכע קערבלעך ריווח פֿון שותּפֿות. אויף דער דריטער וואָך איז דאָס מיידעלע נישט געקומען מער. דער טאַטע האָט געוואַרט עטלעכע טעג צוליב איידלקייט. ווען דאָס מיידעלע איז אַלץ נישט געקומען, האָט דער טאַטע מיך געשיקט צו חיים יוספֿן. חיים יוסף האָט צוערשט נישט גערעדט מיט מיר. ער האָט גערעדט מיט אַ הינקעדיקן גויאישן שוסטער, וואָס האָט געקויפֿט ביי אים לעדער. ווען ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיטן הינקעדיקן שוסטער, האָט ער גענומען צושניידן לעדער, טאָן אַלערליי אַנדערע אַרבעטן. איך האָב אים געמונטערט:

— ר׳ חיים יוסף, דער טאַטע האָט מיך געשיקט צו אייך . . .

חיים יוסף האָט זיך געמאַכט נישט־הערנדיק און געטאָן אַלערליי אויס־געזוכטע אַרבעטן. ווען איך האָבן שוין פֿאַרלוירן דאָס געדולד און גע־זאָגט אים, ער זאָל מיר ענטפֿערן, האָט חיים יוסף מיך אָנגעקוקט ווי ער וואָלט מיך נישט געקענט און געזאָגט מיט האַלבע רייד:

— אָ, דו ביסט עס . . . זאָג דעם טאַטן, אַז איך בין געווען פֿאַרנומען, שטאַרק פֿאַרנומען, און אַז איך וועל שוין שיקן פֿאַר צוויי וואָכן, בלי־נדר.

אין דעם בלי־נדר האָב איך דערפֿילט, אַז ער וועט נישט שיקן. מיין מאַמע איז גלייך געוואָרן אומרואיק, ווען איך האָב דעם שותּפֿס ענטפֿער גע־

בראַכט. דער טאַטע איז געווען אָפּטימיסטיש ווי אַלע מאָל.

— וואָס דיר פאַלט איין? — האָט ער געהאַט טענות צו דער מאַמען — אַ ייד האָט געגעבן די האַנט, פאַפּירן אונטערגעשריבן.

חיים יוסף האָט נישט געשיקט זיין מיידעלע מער, נישט דעם קומענדיקן פרייטיק, נישט קיין אַנדער פרייטיק דערנאָך. דער טאַטע האָט צו אים געהאַט טענות, גערעדט וועגן יושר, יידישקייט, חתימות אויף פאַפּירן. דער ייד האָט געקוקט אויף אים ווי מען קוקט אויף אַ חסר־דעה, און געריבן די הענט אין אומגעדולד.

— כ׳האָב נישט, רב. דאָס געשעפט ברענגט גאָרנישט אַריין.

— גיט־זשע מיר צוריק דאָס געלט — האָט דער טאַטע געטענהט.

— דאָס געלט? — האָט חיים יוסף איבערגעפרעגט, ווי ער וואָלט גאָר־נישט געוואוסט וועגן אַזאַ זאַך — דאָס געלט איז נישטאָ. כ׳האָב עס אַריינ־געלייגט אין סחורות; כ׳האָב אָפּגעצאָלט חובות די לעדער־הענדלער אין וואַרשע . . .

קיין טענות און מענות האָבן נישט געהאָלפן. אין שטוב איז געווען חושך. דער טאַטע האָט זיך אויך געשעמט פאַר דער מאַמען. זי האָט אים געוואָרנט נישט צו גלייבן. אין שטעטל האָט מען אויך געלאַכט פון טאַטן פאַר זיין בטלנות, פאַר זיין לאָזן זיך אָפּנאַרן. די לאַגע איז געוואָרן ביטער, ערגער מיט יעדן טאָג. איינמאָל איז געוואָרן אין שטוב אַזוי שלעכט, אַז ס׳איז ממש נישט געווען פאַרוואָס צו קויפן אַ ברויט. מיר זיינען שוין שולדיק געווען די בעקערס פון פריער. די מאַמע האָט דעמאָלט אַרויסגענומען פון אַ באַהעלטעניש אַ שטיקל צירונג, דאָס איינציקע שטיקל צירונג וואָס איז איר נאָך געהאַט פאַרבליבן פון דער חתונה, און געשיקט דעם טאַטן קיין וואַרשע, ער זאָל עס פאַרזעצן אין אַ לאָמבאַרד. דאָס איז געווען אַ קאָפּ שפּילקע מיט אַ ברילּיאַנטל, וואָס מען האָט עס גערופן ציטער־שפּילקע, ווייל צוליב דעם וואָס דאָס גאָלדענע פּיסל איז געווען געקאַרבט, געקרייזלט ווי אַ פּיאה, האָט עס געהאַט אַ טבע צו ציטערן כסדר. דער טאַטע האָט איינגעבונדן די שפּילקע אין אַ שפּיץ פון אַ רויטער קעשענע־פּאַטשיילע און איז אַוועק קיין וואַרשע. מיט צוויי טעג שפּעטער איז ער צוריקגעקומען און געזאָגט דער מאַמען, אַז ער האָט געקראָגן אין לאָמבאַרד פופציק רובל פאַר דער שפּילקע. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע, אַרויסצונעמען די פופציק רובל, אָבער דאָס געלט איז אין דער קעשענע נישט געווען. דער טאַטע איז בלאַס געוואָרן. מען האָט דורכגעזוכט אַלע קעשענעס, אָבער מען האָט קיין גראָשן נישט געפונען.

— ווײ איז מיר! גנבים אין באַן האָבן עס בײ מיר געמוזט אַרויסנעמען — האָט ער געביטערט — וואָס טוט מען?

— גײ וואַש זיך צום עסן — האָט די מאַמע געזאָגט און געקוקט מיט גרויסע דורכדרינגלעכע אויגן אויפֿן טאַטן, וואָס איז געווען אײן שטיק פֿאַרצווייפֿלונג.

— ווער האָט זיך געקענט ריכטן? — האָט מײן פֿאָטער געהאַלטן אין אײן מורמלען — כ׳בין געזעסן אין באַן צווישן יידן, יידן מיט בערד...

— מיט בערד, צי אָן בערד, גײ עסן — האָט די מאַמע געזאָגט — דאָס עסן ווערט קאַלט.

דער טאַטע איז נישט געגאַנגען עסן. אנשטאָט דעם האָט ער אַרויס־גענומען אַ ספר און אַרײנגעקוקט דערין.

— רבונו של עולם, מסתמא ווייסטו בעסער! — האָט ער געטענהט, קוקנדיק אין ספר אַרײן...

## לענטשין ווערט צו ענג פאַר אונדז

מיט יעדן טאָג איז געוואָרן דאָס שטעטל ענגער און ענגער פאַר אונדז. עס איז געקומען דערצו, אַז אפילו מיין פאָטער, דער גרויסער אָפּטימיסט, האָט שוין נישט געקאָנט לעבן מיט זיין בטחון, און ער האָט באַשלאָסן אַוועקצולייגן זיין גרויסע אַרבעט אין פאַרטיידיקן רש״ין און לאָזן זיך זוכן אַן אַנדער רבנות. תחילת האָט דער טאַטע פּרובירט צורעדן דער מאַמען, זי זאָל אַוועקפאָרן מיט די קינדער אויף אַ צייט צו אירע עלטערן קיין בילגאָריי, און אַז גאָט וועט אים העלפן און ער וועט זיך אויסזוכן דאָס ריכטיקע רבנות, וועט ער קומען נאָך אונדז און אונדז ברענגען בכבוד גדול צו דעם נייעם אָרט. אָבער מיין מוטער האָט נישט געוואָלט הערן דערפון. זי האָט נישט געוואָלט אין אירע יאָרן אָנוואַרפן זיך אַליין מיט פיר קינדער איר פאָטער אויפן האַלדז. דער טאַטע האָט דעריבער געלאָזט אונדז אין שטעטל און געלאָזט זיך פאָרן קיין ראַדזימין, מיט דער האָפענונג, אַז דער ראַדזימינער רבי, זיין פריינד, וועט אים העלפן דערגרייכן אַ בעסער רבנות. געפאָרן איז ער אויף אַ קורצער צייט, אָבער ווי עס איז שוין געווען זיין שטייגער, האָט ער אָנגעטראָפן אויף די וועגן אַן אַ שיעור פריינד און נאָענטע, וואָס האָבן זיך מיט אים געפרייט און אים נישט געלאָזט אַזוי גיך אַוועקפאָרן.

צוליב זיין פריינדשאַפט און נאַאיוויטעט און גלויבן אין מענטשן, האָבן מענטשן געוואָלדיק ליב געקראָגן מיין פאָטער, געוואָרן צו אים צוגעבונדן, אים ממש נישט אָפּגעלאָזט פון זיך, צוגעזאָגט אים אַלערליי גליקן און פאַנ־טאַזיעס. דער טאַטע האָט געגלייבט, געוואָלט גלייבן אין ניסים און איז שטאַרק באַגייסטערט געוואָרן פון יעדן צוזאָג און הבטחה. יעדע עטלעכע טעג זיינען אָנגעקומען נייע לשון־קודשדיקע בריוולעך, געשריבן מיט פּערל־דיקע רבנישע אותיותלעך אין האַלב־רונדיקע שורות, פול מיט גליקן וועגן אַלערליי רבנותן אין אַלערליי שטעטלעך. אין איין שטעטל האָבן אים די ראַדזימינער חסידים צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן אַם ירצה השם זען; אין אַ צווייט שטעטל האָט ער אַ צד, און הגם דער אַנדערער צד וויל אַן אַנדער רב, האָפט ער אָבער, אַז זיין צד וועט מנצח זיין און עס וועט זיין גוט און וואויל. און אין איין שטעטל האָט ער שוין אפילו געהאַלטן אַ דרשה, וואָס האָט, געלויבט דער אייבערשטער, שטאַרק אויסגענומען סיי ביי די לומדים, סיי ביי די פּראָסטע

יידן. מען האָט אים אויך דאָרט גרויס כבוד אָנגעטאָן און געמאַכט סעודות פאַר אים כיד המלך, אָבער קיין כתב רבנות האָט מען אים דערווייל נישט געגעבן, ווייל עס זיינען דאָ אַלערליי מניעות, אָבער מיטן אייבערשטנס הילף וועט זיך אַוודאי אַלץ ענדיקן בכי טוב און מיט הצלחה . . .

אַלע בריוולעך פלעגן זיך ענדיקן דערמיט, אַז ער קען נאָך דערווייל נישט אַהיימקומען, ווייל גראָד איצט האָט זיך געמאַכט אַ ניי רבנות, וואָס דאַרף זיין אַזוינס און אַזעלכעס, אָבער ווי נאָר ער וועט קריגן דאָס ריכטיקע כתב רבנות, וועט ער אַהיימקומען און אַלץ וועט זיין, מיט גאָטס הילף, רעכט; און אַזוי ווייטער און ווייטער.

די מאַמע האָט מיט גרויסע גרויע אומעטיקע אויגן געלייענט די האָפּערדיקע בריוולעך פון טאַטן און געשאָקלט מיטן קאָפּ, פול מיט סקעפּטיציזם.

— וואָס שרייבט דער טאַטע? — האָב איך געפרעגט.

— גיי, גיי, גיי לערנען אַ בלאַט גמרא — האָט די מאַמע געזאָגט, נישט וועלנדיק פּטרן אַ וואָרט אויף די בריוולעך.

איך האָב נישט געוואָלט לערנען קיין בלאַט גמרא. איך בין געווען אומרואיק און הפקר, און געפּאַלן ביי זיך, און קידער־ווידערדיק, גרייט זיך צו וואַרפן אויף יעדן, וואָס וועט מיר זאָגן אַ וואָרט מוסר פאַר מיין אומלייטיש־קייט. אין אַ סיצן זומער באַלאַטל, אין וועלכן איך האָב געהאַט געמאַכט אַ געוואַלד־ריס, און מיין מאַמע האָט פאַרנייט מיט אַ לאַטע אין געשטאַלט פון אַ „דלד", מיט אַ פּאָר פלאַקסענע פּיאות, וואָס איך האָב זיי יעדן טאָג צוגעשוירן בגנבה אַלץ קירצער און קירצער, בין איך אַרומגעלאָפן מיילן־ווייט, געטראָגן פון יוגנטלעכער אומרואיקייט פאַר רייף ווערן. איך פלעג אַריינפאַלן פון איבערגעטריבענער שמחה צו איבערגעטריבענער טרויעריקייט און איך האָב אָפּגעטאָן אַלערליי נאַרישע זאַכן. איינמאָל האָב איך זיך צוגעשאַרט שטילערהייט צו דער מקוה און בגנבה אַריינגעקוקט דורך אַ שפּאַלט אין טיר, כדי צו זען ווי ווייבער גייען טבילה. ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן עמעצער, און נים קיין אַנדערער ווי דער קליינער מענדעלע, דער וואָרקער חסיד מיט דער גרויסער נאָז, וואָס האָט אומעטום געזוכט און געגישטערט און דערשנאַפּט זינד. אַן אַנדערש מאָל האָב איך אַרויסגענומען דעם שופר פון באַהעלטעניש אין בית־המדרש און גענומען בלאָזן אינמיטן יאָר, אַזוי אַז יידן זיינען זיך אָנגעלאָפן אויף בייז וואונדער, מיינענדיק, אַז משיח קומט. איינמאָל האָב איך גענומען איגמיטן לערנען שפּרינגען איבער די באַריערעס פון באַלעמער. און ווידער האָט מיך געפּאַקט ביי דער מלאכה נישט קיין אַנדערער ווי דער קליינער מענדעלע.

— וואַקסט אַ לייט, ר' יהושעלע! — האָט דער קליינער מענדעלע גענו־מען מיך רופן מיט אַ ר' — נישטאָ וואָס צו רעדן — דער טאַטע פּאַרט און דער זון שפּרינגט . . .

דאָס איז געווען אַ שטאָך וועגן מיין טאַטנס אַרומפּאָרן און לאָזן דאָס שטעטל אָן אַ רב.

אין איינעם אַ פרייטיק איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַזאַ אַפּעטיט, אַז איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו די פיש און אויפגעגעסן ביזן לעצטן שטיקל, נישט איבערלאָזנדיק קיין איין שטיקל פיש אויף שבת. ווען די מאַמע האָט דערזען די ליידיקע פאַן פיש, האָט זי מיך נישט געשלאָגן, נישט געזידלט אפילו.

— שעמסט זיך נישט? —האָט זי מיך געפרעגט און געקוקט אויף מיר מיט אירע גרויסע אויגן.

איך האָב מיך יאָ געשעמט; אַזוי געשעמט, אַז כ'וואָלט געווען גליקלעך די מאַמע זאָל מיך שלאָגן. איר קוק איז געווען ערגער ווי יעדער שטראָף. עטלעכע וואָכן נאָכדעם האָב איך געטאָן אַלץ אין שטוב: געטראָגן וואַסער פון ברונעם, געהאַקט האָלץ, געלאָפן איינקויפן, אַבי אויסצוקויפן זיך פון דער נאַרישער זינד אויפצועסן די פיש. איינמאָל, ביים האַקן האָלץ, האָט אַ שטיק האָלץ מיר געטראָפן אין דער נאָז און איבערגעהאַקט דעם ביין אויף דער העלפט. איך בין עטלעכע שעה געזעסן אין די גרעסטע יסורים און נישט דערציילט דער מאַמען, וואָס עס האָט געטראָפן מיט מיר. ערשט ווען מיין פנים איז געוואָרן אינגאַנצן געשוואָלן, האָט די מאַמע דערזען מיין צרה און מיך אַוועקגעפירט צום פעלדשער פּאַוולאָווסקי. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט מיך אויסגעשמירט מיט יאָד און געגומען צוואַנציק גראַשן דערפאַר.

אינגיכן האָט מען ווידער געדאַרפט אָנקומען צום פעלדשער פּאַוולאָווסקי. מיין מוטער האָט געקראָגן אַ שווערע מכה אויף דער ברוסט און זי האָט געליטן שרעקלעכע יסורים. ווען אַלע ווייבערישע, היימישע מיטלען האָבן נישט געהאָלפן, האָט מען גערופן פּאַוולאָווסקין. קיין געלט צוצופאָרן צו אַ דאָקטאָר איז נישט געווען. דער פעלדשער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף גלייך אָפּערירן. ער האָט אַרויסגענומען אַ מעסערל פון קעשענע, עס אפילו נישט אַרומגעוואַשן, און געמאַכט די אָפּעראַציע.

ווי אַזוי מיין שוואַכע מוטער האָט געקאָנט איבערטראָגן די שווערע אָפּעראַציע, אָן אַ שלאָף־געטראַנק, דורכגעפירט דורך אַ ניט־געוואַשענעם פויער, וואָס האָט זיין מעדיצינישע קונסט געלערנט אין אַ רוסישער קאַזאַרמע — הייב איך ניט אָן צו פאַרשטיין. דער אַסיסטענט ביי דער אָפּעראַציע בין איך געווען, ווייל מיין שוועסטער האָט ניט געקענט צוזען קיין בלוט.

מער ווי אַלעמאָל האָט מען געדאַרפֿט דעם טאַטן אין דער היים, אָבער ער איז נישט געווען. ער האָט געהאַלטן אין איין זוכן רבנותן. נאָך לאַנגע וואָכן איז ער געקומען, ווי תּמיד, פֿול מיט גליקן און מעשׂיות וועגן דעם, וואָס מען האָט אים דאָס צוגעזאָגט, יענעס צוגעזאָגט. די מאַמע האָט שווייגנדיק אויסגעהערט אַלע גליקן און געוואָלט וויסן תּכלית.

— אַ כּתבֿ־רבנות האָסטו געבראַכט?

— ניין, — האָט דער טאַטע געזאָגט — אָבער דער רבי האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיר מיט דער צייט קריגן אַ שטעטל. דערווייל וועלן מיר זיצן אין ראַדזימין ביים הויף.

די מאַמע האָט געוואָלט וויסן, וואָס אַזוינס דער טאַטע מיינט מיט זיצן ביים הויף. דער טאַטע האָט דערציילט באריכות דעם גאַנצן פּלאַן, וואָס דער רבי האָט געמאַכט פֿאַר אים. דער רבי האָט אָנגעזאָגט זיינע חסידים זיי זאָלן זען שאַפֿן אַ רבנות פֿאַרן טאַטן. אָבער אַזוי ווי דאָס קען דויערן לאַנג, זאָל דער טאַטע דערווייל לערנען יורה־דעה מיט די בחורים אין דער ראַדזימינער ישיבֿה, וואָס דער רבי האָט געגרינדעט צו יענער צייט. חוץ דעם וועט ער איבערקוקן דעם רבינס כּתבֿים, די תּורהס און די פּשטלעך, וואָס דער רבי זאָגט, און צוגרייטן זיי צום דרוק. פֿון אָט די צוויי זאַכן וועט זיין פּרנסה מיט דער ברייטער האַנט, און אַז עס וועט זיך מאַכן דורך דער צייט אַ גוט רבנות, וועט ער איבערלאָזן די ישיבֿה און ווערן רבֿ אין אַ שטעטל.

— האָט דער רבי געמאַכט מיט דיר אַ כּתבֿ? — האָט די מאַמע געפֿרעגט.

— חלילה! דעם רבינס וואָרט איז גענוג — האָט דער טאַטע געזאָגט.

— וויפֿל האָט ער דיר צוגעזאָגט צאָלן שׂכירות? — האָט די מאַמע געוואָלט וויסן.

— דער רבי האָט געזאָגט, אַז וועגן פּרנסה דאַרף איך מיך נישט זאָרגן. ס'וועט זיין מיט גאָטס הילף בריווח — האָט דער טאַטע געזאָגט אַ שיינענדיקער.

— די זאַך געפֿעלט מיר נישט — האָט די מאַמע געזאָגט, ווי אָפּגיסנדיק מיט קאַלט וואַסער דעם טאַטנס ענטוזיאַזם — איך האָב ליב אַ כּתבֿ, אַ וואָרט. מען קען זיך נישט לאָזן אויף הפקר מיט קינדער . . .

די סכסוכים צווישן טאַטע־מאַמע האָבן זיך אָנגעהויבן אויפֿסניי. די מאַמע האָט אַרויסגעבראַכט די אַלטע טענות צום טאַטן פֿאַר זיין נישט וועלן באַלייגן אַן עקזאַמען, פֿאַר זיין לעבן מיט פֿאַנטאַזיעס, פֿאַר נישט קלערן וועגן אַ תּכלית. דער טאַטע האָט נישט געענטפֿערט און גענומען זיך צו זיין אַלטער עובֿדא — פֿאַרענטפֿערן רש"ין. אָבער אויך ביי דער אַרבעט האָט ער קיין מנוחה נישט געהאַט. די באַלעבאַטים אין שטעטל,

שמייכלענדיק אין די בערד איבער דעם, וואָס דער רב זייערער האָט קיין בעסער רבנות נישט געקראָגן, האָבן אָפּן געטענהט, אַז זיי קענען נישט דערלאָזן צו אַזאַ זאַך, אַז מען זאָל זיי אַוועקוואַרפן, זוכן אַנדערע שטעטלעך, און צוריקקומען צו זיי, ווען עפּעס בעסערס איז נישטאָ. זיי קענען נישט דער־לאָזן, אַז דער רב זאָל כסדר האַלטן אין איין אַרומפאָרן און איבערלאָזן דאָס שטעטל אויף הפקר, אַזוי אַז עס איז נישטאָ אפילו וועמען אַ שאלה צו פרעגן. חוץ דעם זיינען פאַר דער צייט געהאַט אויסגעבראָכן מחלוקות אין שטעטל צווישן די חסידים און די פּראָסטע לייט. פאַר דער גאַנצער צייט האָט צווישן אָט די צוויי גרופּן קיין שלום נישט געהערשט. די פּראָסטע לייט, וואָס זיינען מערסטנס געווען בעלי־מלאכות און דאָרפס־גייער, האָבן מקנא געווען די חסידים, וואָס זיינען אַלע געווען קרעמער און טייל פון זיי נגידים. די חסידים האָבן פאַראַכט די פּראָסטאַקעס פאַר זייער עם־הארצות. עס איז געווען די אַלטע קנאה־שנאה צווישן העכערע און נידעריקערע קלאַסן, אָבער די קנאה־שנאה האָט מערסטנס געפונען איר אויסדרוק אין יידישע זאַכן. די פּראָסטע לייט, וואָס האָבן זיך גערופן מתנגדים, האָבן געדאַוונט נוסח אשכנז, די חסידים האָבן געדאַוונט נוסח ספרד. אָבער אַזוי ווי די חסידים זיינען געווען די בעלי־תפלה, די בעלי־קריאה, בעלי־תקיעה, האָבן זיי געדאַוונט פאַרן עמוד און טאַקע אין זייער ספרדישן נוסח. די וואָס האָבן געדאַוונט נוסח אשכנז זיינען געוואָרן אויפגעקאָכט יעדעס מאָל, וואָס אַ חסידישער בעל־תפילה האָט אָנגעהויבן דאַוונען נישט פון מזמור שיר חנוכת, נאָר פון הודו; אָדער האָט אָנגעהויבן די קדושה ביי נקדישך ונעריצך, נישט ביי נקדש.

— נו, אָ, נקדש! — האָבן די מתנגדים גערופן און געזאָגט זייער אשכנזישע קדושה, הגם דער חזן האָט זיך געהאַלטן ביי זיין ספרדישער.

גאָר אויפגעקאָכט פלעגן די מתנגדים ווערן, ווען די חסידים פלעגן נישט זאָגן לכה דודי, נאָר זינגען מיט חסידישע האָפּקעס.

ביי יעדן דאַווענען פלעגט קומען צו ווינסטע מחלוקת. מיין פאָטער פלעגט די צדדים איינשטילן. אָבער ווען ער איז נישט געווען אין שטעטל, פלעגן די מחלוקות זיך צעפלאַקערן. די פּראָסטאַקעס האָבן אויך געטענהט, אַז די חסידים נעמען זיך די שענסטע עליות, די בעסטע הקפות, נעמען זיך אַראָפּ די סמעטענע און לאָזן איבער פאַר די מתנגדים די זויערמילך — הגבה־גלילה און אַנדערע אַזעלכע נישט־וויכטיקע עליות. אין איינעם אַ שבת, האָט מען אויפגערופן צו דער תורה איינעם פון די פּראָסטע לייט — דעם טאַנדעטניק שיע פאָניע, אַ ייד, וואָס האָט תמיד דערציילט מעשיות

פון פאָניעץ, וועמען ער האָט געדינט. משה מענדל קצב, דער ייד, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום חסידים, האָט געוואָלט מאַכן שפּאָס און ער האָט איינגערוימט דעם טאַנדעטניק, אַז מען האָט אים אויפגערופן צו דער תוכחה. דאָס איז געווען אַ ליגן, ווייל מען האָט יענעם שבת גאָרנישט גע־לייענט די תוכחה. אָבער דער טאַנדעטניק איז געוואָרן אין כעס און ביי דער תורה אַ קלאַפּ געטאָן אין שולחן און דערלאַנגט אַ זעלנערישן מי־שברך אַלע חסידים אין זייערע מאַמעס אַרייַן. די חסידים האָבן אים גערופן פּושע־ישראל, עם־הארץ. אַנדערע פּראָסטע לייט האָבן זיך אָנגענומען פאַרן טאַנדעטניק. עס איז געקומען צו אַ ווידסטער מחלוקה ביים דאַווענען, און אפילו צו פּעטש. פאַרשטייט זיך, אַז משה מענדל קצב האָט פאַר־קאַשערט די אַרבל פון זיין חסידישער אַטלעסענער קאַפּאָטע און געטיילט קצבישע פּעטש דעם פּראָסטן צד. אַזוי ווי מיין פאָטער איז נישט געווען אין שטעטל, האָבן זיך די געפּאַטשטע און די פּאַטשער אָנגעקלאָגט קעגנזיי־טיק אין געריכט. דער פּריץ כריסטאָווסקי האָט ביי קיין פאַל נישט געקענט פאַרשטיין די אַלע יידישע טענות איבער עליות, תוכחה, נוסח אַשכנז, נוסח ספרד. די יידן האָבן אים פּרובירט אויסטייטשן אין פּויליש, אַז די הויפּט־מחלוקה נעמט זיך צוליב אַנהייבן דאָס דאַווענען ביי מזמור שיר חנוכת אָדער ביי הודו.

— טע חסידאַקי מאָוויאָן הודו נאַפּשוד — האָט אים איינער פון די פּראָסע לייט דערקלערט — אַ מי, פּראָסטאַקי, מאָוויאָן מזמור שיר חנוכת נאַפּשוד...

דאָס הייסט, אַז די חסידים זאָגן הודו פריער און די אשכנזים זאָגן מזמור שיר חנוכת פריער.

דער ריכטער האָט זיי אָפּגעשיקט צום רב, ער זאָל זיי אויסגלייכן. אָבער דער טאַטע איז נישט געווען אין שטעטל. האָבן די חסידים גאָר אַרויסגענומען די שענסטע ספר־תורה פון אָרון־קודש, דעם נגידס ספר־תורה, מיט אַלע אויסגעצירטע יד'ן און בלעכן, און געמאַכט זיך אַן אייגן חסידים־שטיבל. די פּראָסטאַקעס זיינען געבליבן אָן בעלי־תפלה, אָן בעלי־קריאה און בעלי־תקיעה . . . די מחלוקות האָט געברענט.ביידע צדדים האָבן באַשולדיקט דעם טאַטן, אַז דאָס אַלץ איז אַרויסגעקומען צוליב דעם, וואָס ער זיצט נישט אין שטעטל, נאָר ער פאָרט אַרום זוכן זיך אַנדערע רבנותן. טייל באַלעבאַטעס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו קויפן ביי דער מאַמען הייוון צו די חלות, וואָס איז געווען אַ ביישטייער צו דער פּרנסה, מישטיינס־געזאָגט.

— אַז קיין שאלה צו פרעגן איז נישטאָ ביי וועמען, דאַרף מען אויך פאַר קיין היזון נישט צאָלן טייערער — האָבן ווייבער געטענהט . . .

די שיינע באַלעבאַטים האָבן אָפּגעהאַלטן אַ שטילע אסיפה און צוגע־שיקט מיט אַ יינגל די פאָדערונגען, וואָס זיי האָבן דעם טאַטן אַרויסגעשטעלט. דאָס איז געווען אַ מין אולטימאַטום צום רב זייערן, אַז אויב ער וויל בלייבן רב אין לענטשין, דאַרף ער אויספירן די פאָדערונגען, וואָס ווערן אים אַרויסגעשטעלט. דאָס פּאַפּיר איז געווען געשריבן אין לשון־קודש און האָט געהאַט אַ לאַנגן צעטל מיט תקנות לויטן אלף בית.

די ערשטע תקנה איז געווען, אַז דער רב טאָר נישט אַרומפּאָרן, נאָר זיצן אויף אָן אָרט, כדי ער זאָל נישט ברענגען צו קיין מכשולים אין דער קהלה. די צווייטע תקנה איז געווען, אַז אויב ער וויל פאַרלאָזן דאָס רבנות, זאָל ער מודיע זיין דעם שטעטל באַצייטנס, אַזוי אַז עס זאָל קענען נעמען אַן אַנדער רב. די דריטע תקנה איז געווען, אַז די היזון, וואָס די רביצין פאַרקויפט, זאָל זיין גוט און פריש, ווייל עס טרעפט, אַז צוליב אַלטער היזון קומען די חלות אויף שבת נישט אַרויס געראָטן און יידן האָבן פאַרשטערטע שבתים.

נאָך אַ גאַנצן צעטל אַנדערע תקנות, זיינען אויך געקומען תקנות וועגן דעם רבס אויפפירונג. די באַלעבאַטים האָבן פאַרלאַנגט, אַז דער רב זייערער זאָל נישט דאַווענען פאַרן עמוד, ווייל דאָס געהערט נישט צו אַ רב, נאָר צו באַלעבאַטים; אַז ער זאָל נישט בלייבן נאָכן דאַווענען אין בית־המדרש רעדן מיט די בעלי־מלאכות, נאָר גלייך אַהיים גיין, ווייל ווען אַ רב האַלט זיך נישט אין דער מעלה, רופט ער נישט אַרויס קיין גע־העריקן דרך־ארץ פאַר זיך ביי די באַלעבאַטים. צווישן אַנדערע איז אויך געווען אַ תקנה, אַז דער רב זאָל נישט נעמען קיין שמעק טאַבעק ביי הערשל סטאַק, וואָס איז געווען דער נבזה אין שטעטל. אַזוי ווי די פאַר־פאַסער פון דעם אולטימאַטום האָבן נישט געוואוסט ווי אַזוי עס איז אין לשון־קודש אַ שמעק טאַבעק, האָבן זיי געשריבן היימישלעך: תקנה י. — שהרב לא יקח שמעק טאַבעק מן הנבזה הירשל, המכונה סטאַק, ודי לחכימא ברמיזא . . .

מיין פאָטער האָט געפלאַמט פון בושה, ווען ער האָט איבערגעלייענט די תקנות, וואָס מען האָט אים אַרויסגעשטעלט. איבערהויפּט האָט אים געאַרט דאָס, וואָס מען לערנט אים דרך־ארץ. אַ באַשיידענער, אַן עניו, אַ פריינדלעכער, האָט ער ביי קיין פאַל נישט געקענט פאַרשטיין, אַז אַ רב זאָל נישט טאָרן רעדן מיט בעלי־מלאכות, אָדער נישט אָננעמען קיין

שמעק־טאַבעק ווען עמעצער איז אים מכבד. מיין מאַמע האָט איבערגעלייענט
די תקנות און געזאָגט מיט כעס:

— גענוג לענטשין! איך זאָל אפילו וויסן צו בלייבן אָן ברויט, וועל איך
דיך נישט לאָזן בלייבן דאָ מער, נאָך דעם כתב מיט די תקנות . . .

# אינהאַלט

## ווערק פון י. י. זינגער

פערל, דערציילונגען, 1923

אויף פרעמדער ערד, דערציילונגען, 1923

שטאָל און אייזן, ראָמאַן, 1927

נײ־רוסלאַנד, רייזע־איינדרוקן, 1927

יאָשע קאַלב, ראָמאַן, 1932

די ברידער אשכנזי, ראָמאַן, 1935

פרילינג, דערציילונגען, 1937

חבר נחמן, ראָמאַן, 1938

משפחה קאַרנאָווסקי, ראָמאַן, 1943

פון אַ וועלט וואָס איז נישטאָ מער, 1946